
L'ANARCHIE
C'EST
L'AVENIR
DE L'HUMANITE
LA PROPRIETE
C'EST
LE
VOL
Les dernières paroles de RAVACHOL
Si tu veux être heureux, nom de dieu,
Pends ton propriétaire!

פֿערלאַג „אַרבייטער פֿריינד".

ר. ראקער.

# די געשיכטע
פֿון
# דער טעראָריסטישער בעוועגונג אין פֿראַנקרייך.

ערשטער טהייל. — מיט בילדער.

פרייז: 9 פענס, 25 סענט.

„אַרבייטער פֿריינד" דרוקעריי, 163 דזשובילי סט., מייל ענד.



# איינלייטונג.

די געשיכטע פון דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג אין פראנקרייך איז אויסערגעוועהנליך רייך אין אינטערעסאנטע איינצעלהייטען; קיין אנדער פאלק אין אייראפא, האט ניט איבערגעלעבט אזא רעוואלוציאנערע פערגאנגענהייט, קיין פאלק האט ניט אזוי פיעל אויפגעטהאן פאר דעם אלגעמיינען פראגרעס פון דער מענשליכער ענטוויקלונג ווי דאס פראנצויזישע. זייט דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן האט פראנקרייך שטענדיג מארשירט אן דער שפיצע פון דער סאציאלער בעוועגונג אין אייראפא, און זאגאר אין רעאקציאנערסטע און פינסטערסטע פעריאדען אין דער אייראפעאישער געשיכטע איז דיזעס לאנד געווען די איינציגע האפנונג פון אלע פראגרעסיווע און פריידיינקענד'ע עלעמענטען. פראנקרייך איז געוועזן די מוטער פון דעם מאדערנען סאציאליזמוס, און אין אלע אנדערע לענדער איז די סאציאליסטישע בעוועגונג דירעקט בעפרוכטעט און בעאיינפלוסט געווארען דורך גרויסע פראנצויזישע דיינקער און טהעארעטיקער פון דער סאציאליסטישער לעהרע. קיין לאנד האט ניט אויפצואווייזען אזא געוואלטיגע סאציאליסטישע ליטעראטור ווי פראנקרייך, א ליטעראטור וועלכע האט זיך בעשעפטיגט מיט אלע איינצעלהייטען פון דער סאציאליסטישער וועלט-אנשויאונג און מיט אלע טאקטישע און פראקטישע פראגען פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג. די סאציאליסטישע ליטעראטור אין פראנקרייך איז געוועזן און איז נאך היינט דער לעבענדיגער קוואל פון די סאציאליסטישע און פראגרעסיווע שטרעבונגען, וועלכע מאניפעסטירען זיך אין דער גאנצער אינטערנאציאנאלער ארבייטער-בעוועגונג, און מיט דער אויסנאהמע פון דער ערשטער סאציאליסטישער פעריאדע אין

ענגלאַנד, איז דיזע גאַנצע בעוועגונג בעשטימט און בעאיינפלוסט געוואָרען פון'ם פראַנצויזישען סאָציאַליזמוס.

אפילו דער זאָגענאַנטער „וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזמוס", וועלכער ווערט אונז פאָרגעשטעלט פון זיינע אָנהייננגער אַלס אַ גאַנץ אָריגינעלע און זעלבסטשטענדיגע ענטדעקונג פון מאַרקס און ענגעלס, אויך דיזע ריכטונג איז אייגענטליך ניט אַנדערש ווי אַ שלעכטע דייטשע איבערזעצונג פון בעשטימטע פראַנצויזישע טהעאָריען און אַנשויאונגען. אין דער ווירקליכקייט זיינען די גרונד־פרינציפען פון דעם מאַרקסיסטישען סאָציאַליזמוס אין דייטשלאַנד—דער עקאָנאָמישער פאַטאַליזמוס, אָדער ווי די דייטשען רופען עס, די „מאַטעריאַליסטישע געשיכטס־אויפפאַסונג", די זאָגענאַנטע „מעהרווערטה־טהעאָריע", די „לעהרע פון'ם קלאַסען־קאַמפף" און די טהעאָריע פון דער „קאָנצענטראַציאָן פון קאַפיטאַל"—אין פראַנקרייך שוין לאַנג בעקאַנט געווען, איידער מאַרקס און ענגעלס האָבען זיך גענומען די מיהע זיי צו „ענטדעקען." אַלעס וואָס דיביידע ענטדעקער פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס האָבען יאָ געטהאָן איז אויסצומישען די קלאָהרע און בעשטימטע אידעען פון די פראַנצויזישע דיינקער מיט אַן אונפרוכטבאַרע דיאַלעקטיק, מיט וועלכער מען קען אַלעס בעווייזען און אַלעס אָבלייקענען, און מיט די פוסטע מעטאַפיזישע בעגריפע און פאָרשטעלונגען פון דער דייטשער פילאָזאָפיע, וועלכע איז דאַן אין גאַנצען בעאיינפלוסט געוואָרען פון העגעל'ס טהעאָריען. אויב מיר וואָלטען אין פראַנקרייך ניט געהאַט קיין פרודהאָן, קיין וויקטאָר קאָנסידעראַן, וואָלטען מיר אין דייטשלאַנד זיכער ניט געהאַט קיין מאַרקס און ענגעלס, אָדער בעסער געזאָגט: קיין „וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס"; און אָהן דעם פראַנצויזישען שטאַאַט־סאָציאַליסט לואי בלאַן, וואָלט לאַסאַל ניט געהאַט צו פראָפאַגאַנדירען זיין פאָדערונג וועגען דער גרינדונג פון פראָדוקטיוו־גענאָסענשאַפטען דורך דעם שטאַאַט.

אָבער די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען זיינען ניט נאָר געווען אונזערע לעהרער אין דער טהעאָריע, נאָר אויך אין דער טאַקטיק; און אין די לענדער, וואו די אַרבייטער־קלאַסע האָט אין דיזער

בעציהונג ניט געלערנט פֿון זיי, איז די סאָציאַליסטישע בעוועגונג נאָך ווייט הינטערשטעליג אין איהר טהעאָרעטישער און טאַקטישער ענטוויקלונג.

בעפֿאָר דעם דייטש-פֿראַנצויזישען קריעג אין 1870–1871 איז דער איינפֿלוס פֿון'ם פֿראַנצויזישען גייסט אין אייראָפּאַ געווען אַ גאַנץ נאַטירליכע און זעלבסטפֿערשטענדליכע ערשיינונג, דען דיזער איינפֿלוס האָט זיך אויסשליסליך געגרינדעט אויף די רע־וואָלוציאָנערע טראַדיציאָן און די רייכע ערפֿאַהרונגען פֿון דיזען לאַנד. ווען מיר שטודירען צ.ב.ש. די געשיכטע פֿון דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן, וועלען מיר באַלד אויסגע־פֿינען, אַז די טהעאָרעטישע און טאַקטישע ענטוויקלונג פֿון דיזען מעכטיגען אַרבייטער־בונד, וועלכער האָט פֿעראייניגט אין זיינע רייהען אַריבער צוויי מיליאָן פּראָלעטאַריער אין אַלע מאָדערנע קולטור־לענדער פֿון דער וועלט, איז כמעט אין גאַנצען בעשטימט און בעאיינפֿלוסט געוואָרען פֿון דעם פֿראַנצויזישען עלעמענט. אין דייטשלאַנד האָט די „אינטערנאַציאָנאַלע" איבערהויפּט ניט עקז־זיסטירט, און דער גרעסטער טהייל פֿון דער דייטשער אַרביי־טער־בעוועגונג, וועלכע איז דאַן געלעגען אין די הענד פֿון די לאַסאַליאַנער—די מאַרקסיסטען זיינען אין יענער צייט זעהר שוואַך געווען אין דייטשלאַנד—איז זאָגאַר דירעקט פֿיינדליך געווען צו די שטרעבונגען און טענדענצען פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלע".

אָבער נאָך דער גרינדונג פֿון דעם זיעגרייכען דייטשען קייז־זעררייך מיט דעם מיליטערישען רויבער־שטאַאַט פּרייסען אָן דער שפּיצע, און הויפּטזעכליך נאָך דער שרעקליכער מפּלה פֿון דער פּאַריזער קאָמונע, וועלכע האָט פֿערשלונגען די בעסטע און טהע־טיגסטע עלעמענטען פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער־בעוועגונג, האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ לאַנגע און שרעקליכע רעאַקציאָן אין גאַנץ אייראָפּאַ. אין פֿראַנקרייך איז דער סאָציאַליסטישער געדאַנק פֿערפֿאָלגט געוואָרען מיט די ברוטאַלסטע און שענדליכסטע מיטלען, און אין דערזעלבער צייט האָט די געפֿעהרליכע פּאָליטישע לאַגע פֿון דיזעם לאַנד ענטוויקעלט די נאַציאָנאַליסטישע רעאַקציאָן מיט אַלע איהרע שרעקליכע פֿאָלגען. אין שפּאַניען האָט זיך נאָך דעם

אונטערגאַנג פֿון דער קאַנטאָנאַליסטישער רעוואָלוציאָן אין 1873 אָנגעפֿאַנגען אַן עהנליכער צושטאַנד, און אין איטאַליען האָט מען ערקלעהרט די אָנהייגער פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלע" אַלס „מאַלפֿעטאָרי", אַלס פֿערברעכער, וועלכע שטעהען אויסערהאַלב די בירגערליכע און געזעצליכע רעכטע. אין דיזע דריי לענדער, וועלכע האָבען פֿריהער מאַרשירט אַן דער שפּיצע פֿון דער אייראָפּעאישער אַרבייטער־בעוועגונג, האָט די רעאַקציאָן אָנגענומען אַ מורא'דיגען כאַראַקטער. יעדע סאָציאַליסטישע צייטונג איז אונטערדריקט געוואָרען, אַלע עפֿענטליכע אָרגאַניזאַציאָנען פֿון די אַרבייטער האָט מען צושטערט און די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ איז פֿאַר אַ לאַנגע צייט אויסשליסליך בעשריינקט געווען אויף די אונטעראירדישע טהעטיגקייט פֿון קאָנספּיראַטיווע גרופּען און פֿעראייניגונגען.

אין דערזעלבער צייט האָט דער פּאָליטישער צושטאַנד אין דייטשלאַנד אָנגענומען אַ גאַנץ נייען כאַראַקטער. די דייטשע בורזשואַזיע האָט געזעהן אין דעם ניי־געבאַקענעם דייטשען קייזעררייך אַן אויסגעצייכענטען מיטעל, אום אויסצופֿיהרען איהרע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע פּלענער און זי איז מיט פֿריידען בערייט געווען צו דולדען דעם מיליטעריש־צענטראַליסטישען דעספּאָטיזמוס פֿון ביסמאַרק, אַזוי לאַנג ווי ער האָט נאָר בעפֿרידיגט איהרע עקאָנאָמישע אינטערעסען. פֿון דער צווייטער זייט האָט ביסמאַרק איינגעפֿיהרט דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט, אום צו בעפֿרידיגען די אַרבייטער־קלאַסע, און דאָס האָט איהם געקאָסט ניט טהייער, דען דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט איז נאָר איינגעפֿיהרט געוואָרען פֿאַר דעם דייטשען רייכס־טאָג, אָבער ניט פֿאַר די פּאַרלאַמענטען אין די איינצעלנע בונדעס־שטאַאַטען, וועלכע שטעהען צונויף דאָס דייטשע קייזעררייך, און וואו די רעגירונג טראָגט נאָך היינט צו טאָג אַ האַלב פֿעאָדאַליסטישען כאַראַקטער.

די דייטשע סאָציאַליסטען האָבען זיך באַלד צוגעכאַפּט צו דעם געשענק פֿון דער קייזערליכער רעגירונג; די מאַרקסיסטען זיינען אפילו אין דער ערשטער צייט אַביסעל מיסטרויאיש געווען, אָבער די לאַסאַליאַנער האָבען זיך צוגעכאַפּט מיטביידע הענד, און שפּעטער, ווען ביידע פּאַרטייען האָבען זיך פֿעראייניגט און

געגרינדעט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז די פּאָליטישע אַקציאָן, דער „פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמפּף" געוואָרען דער איינ־ציגער טאַקטישער מיטעל פון דער דייטשער אַרבייטער־קלאַסע אין איהר קאַמפּף געגען דער בורזשואַזיע און די קייזערליכע רעגירונג. דיזע טאַקטיק איז געווען די ערשטע און איינציגע טאַקטיק פון דער דייטשער אַרבייטער־קלאַסע, און דערפאַר מאַכט עס איינפאַך אַ לעכערליכען איינדרוק, ווען מענשען, וועלכע האָבען אין טאַקטישער בעציהונג ניט דורכגעמאַכט די קלענסטע ערפאַהרונג, שטעלען זיך היינט פאָר אַלס די לעהרער פון דער אייראָפּעאישער אַרבייטער־קלאַסע. אין טהעאָרעטישער בעציהונג האָט דער דייטשער אַרבייטער זייט 1863 קיין אַנדער זאַך ניט קענען געלערנט ווי דעם שטאַאַטס־סאָציאַליסמוס פון מאַרקס און לאַסאַל, אין טאַקטישער בעציהונג קען ער נאָר די פּאָליטישע אַקציאָן, און ווען ער האָט אין דער לעצטער צייט אָנגעפאַנגען זיך צו בעשעפטיגען מיט דעם „פּאָליטישען מאַסען־סטרייק", איז עס דער־פאַר, ווייל די שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר דעם גענעראַלסטרייק, וועלכע געהט יעצט אָן אין די ראָמאַנישע לענדער און הויפּט־זעכליך אין פראַנקרייך, האָט איהם געצוואונגען דערצו.

ווען די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אַלזאָ פאַר אַ געוויסע צייט בעאיינפלוסט די ענטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטי־שער בעוועגונג אין די מייסטע לענדער פון אייראָפּאַ דורך איהרע טהעאָריען און טאַקטיק, איז עס ניט דערפאַר ווייל זי אַליין האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסע גייסטיגע ענטוויקלונג און רייכע טאַקטישע ערפאַהרונגען, נאָר צוליעב דעם גרויסען פּאָליטישען איבערבייט, וועלכען ביסמאַרקס פּאָליטיק און פראַנקרייך'ס מפּלה האָבען פערורזאַכט אין אייראָפּאַ און הויפּטזעכליך צוליעב דער שרעק־ליכער רעאַקציאָן, וועלכע האָט דערשטיקט פאַר לאַנגע יאָהרען יעדע עפענטליכע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ ביי די ראָמאַנישע פעלקער.

*
* *

איינע פון די געוועהנליכע פראַזען, מיט וועלכע מען בענוצט זיך הויפּטזעכליך אין דייטשלאַנד, ריידענדיג פון דער פראַנצויזי־

שער אַרבייטער־קלאַסע, איז די אונבעגרינדעטע בעהויפּטונג, אַז דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער איז מעהר בעאיינפֿלוסט פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען אינסטינקט ווי פֿון דער קלאָהרער איבערצייגונג פֿון זיינע אידעען און פֿון די מיטלען, זיי אויסצופֿיהרען. דיזע בעהויפּטונג איז איינפֿאַך לעכערליך, און יעדער איינער, וואָס איז מעהר אָדער וויינינער בעקאַנט מיט דער געשיכטע פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער־בעוועגונג, ווייסט גאַנץ גוט, אַז אין קיין לאַנד איז די פֿראַגע פֿון דער טאַקטיק ניט אַזוי פֿיעל דיסקוטירט געוואָרען ווי פּונקט אין פֿראַנקרייך. דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער האָט אויספּרובירט די פֿערשידענסטע מיטלען אין זיין קאַמפּף פֿאַר דער סאָציאַלער בעפֿרייאונג, און קיין פֿאָלק האָט אין דיזער בעציהונג דורכגעמאַכט אַזעלכע רייכע ערפֿאַהרונגען ווי די פֿראַנצויזען.

מיר האָבען געהאַט די קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען פֿון די באַבעפֿיסטען, וועלכע האָבען געדיינקט צו פֿערניכטען דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם דורך אַן אָרגאַניזירטען אויפֿשטאַנד. שפּעטער האָט זיך ענטוויקעלט דער זאָגענאַנטער „עקספּערימענטאַל־סאָציאַליזמוס" פֿון די סיינט־סימאָניסטען, די פֿוריעריסטען און די אָנהייננער פֿון קאַבעט און דעזאַמי, וועלכע האָבען די וועלט געוואָלט איבערצייגען פֿון דער ריכטיגקייט פֿון די סאָציאַליסטישע אידעען דורך די גרינדונג פֿון קלענערע אָדער גרעסערע סאָציאַליסטישע קאָמונען אינערהאַלב דער הייטיגער געזעלשאַפֿט אָדער אויסערהאַלב פֿון איהר, אַזוי ווי די קאַבעטיסטען האָבען פֿערזוכט, ווען זיי זיינען אַריבערגעפֿאָהרען קיין אַמעריקאַ, אום דאָרטען צו פֿערווירקליכען זייערע סאָציאַליסטישע פּלענער. אין דערזעלבער צייט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די בעוועגונג פֿון די פֿראַנצויזישע אַרבייטער־קאָרפּאָראַציאָנען. טויזענדער אַרבייטער האָבען געגרינדעט קאָאָפּעראַטיווע וואָרקשאָפּס, אום צו לייזען די סאָציאַלע פֿראַגע מיט דער הילפֿע פֿון דער אַסאָסיאַציאָן. לואי בלאַן און זיינע אָנהייננער האָבען געפּריידיגט די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער אַרבייט דורך דעם שטאַאַט, און די עראָבערונג פֿון דער פּאָליטישער מאַכט דורך די אַרבייטער־קלאַסע. פּרודהאָן האָט

פֿערזוכט צו גרינדען זיין „סאָציאַליסטישע פֿאָלקס־באַנק“, וועלכע זאָל די אַרבייטער־קאָרפּאָראַציאָנען געבען די מעגליכקייט זיך צו פֿערשאַפֿען די מיטלען פֿאַר דער פּראָדוקציאָן, אום אויף אַזאַ מין אופן צו פֿערניכטען דעם קאַפּיטאַליזמוס דורך דעם פֿרייען קרעדיט און אויסצוראָטען די „אויסבייטונג פֿון איין מענשען דורך אַ צווייטען מענשען און די הערשאַפֿט פֿון איין מענשען דורך אַ צווייטען מענשען“. די פּאַריזער קאָמונע איז געווען דער ערשטער גרויסאַרטיגער טאַקטישער פֿערזוך צו פֿערניכטען דעם פּרינציפּ פֿון רעגירונג דורך דער אויטאָנאָמער פֿערוואַלטונג. פֿון 1891 ביז 1895 האָבען מיר געהאַט אַ פּעריאָדע פֿון אינדיווידועלע טעראָריסטישע טהאַטען, וועלכע האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען מיט די אַטענטאַטען פֿון ראַוואַשאָל און געענדיגט מיט דער היגריכטונג פֿון דעם פּרעזידענט קאַרנאָ דורך קאַזעריאָ. און ענדליך היינט האָבען מיר די גרויסאַרטיגע רעוואָלוציאָנערע געווערקשאַפֿטס־בעוועגונג, וועלכע פּראָפּאַגאַנדירט די „דירעקטע אַקציאָן“ פֿון דער אַרבייטער קלאַסע. זי אַגיטירט פֿאַר דעם סאָציאַלען גענעראַלסטרייק אַלס דאָס מיטעל צו פּאַראַליזירען און פֿערניכטען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿטס־אָרדנונג, און אין דערזעלבער צייט בעטראַכטעט זי די היינטיגע געווערקשאַפֿטען אַלס די צעלען פֿון אַ פֿרייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפֿט, דורך וועלכע די אַרבייטער וועלען שפּעטער אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן.

יעדע איינציגע פֿון דיזע פֿאַזען אין דער טאַקטישער און טהעאָרעטישער ענטוויקלונג פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער־קלאַסע איז פֿערבונדען געווען מיט די גרעסטע אָנשטריינגונגען, מיט אונצעהלבאַרע אָפּפֿער און פּערזענליכע ליידען און מיט אַ בעגייסטערונג און אינדיווידועלער ענטשלאָסענהייט, וועלכע איז שווער צו געפֿינען אין די מייסטע אַנדערע לענדער. אין אַלע דיזע אונטערנעהמונגען פֿון׳ם פֿראַנצויזישען פּראָלעטאַריאַט האָט די פּערזענליכע איניציאַטיווע געשפּיעלט די גרעסטע ראָלע, דען די בלינדע דיסציפּלין פֿון קליין־גייסטיגע פּאַרטיי־אַנשויאונגען וואָלטען קיינמאָל ניט אימשטאַנד געווען אַרויסצורופֿען אַזעלכע רעזולטאַטען.

ווען די פֿראַנצויזישע אַרבייטער־קלאַסע בעפֿרוכטעט מיט איהרע אידעען די אַרבייטער־בעוועגונג פֿון גאַנץ אייראָפּאַ, ווען דער פֿראַנצויזיעער סאָציאַליזמוס איז שטענדיג געווען דער לעהרער און איניציאַטאָר פֿון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ אין אַלע אַנדערע לענדער, מיט איין וואָרט, ווען דאָס פֿראַנצויזישע פּראָלעטאַריאַט האָט ביז יעצט שטענדיג מאַרשירט אָן דער שפּיצע פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, איז עס ניט דערפֿאַר ווייל אַ פּאָליטישער צופֿאַל האָט איהם פֿערשאַפֿט דיזע שטעלונג, ניין, די פֿראַנצויזישע אַרבייטער האָבען זיך אַליין פֿערדינט זייער שטעלונג אין דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, זיי האָבען איהר בעצאָהלט מיט דעם הערצענס־בלוט פֿון איהרע בעסטע און נאָבעלסטע עלעמענטען, מיט זייער רייכער פּראַקטישער ערפֿאַהרונג און זייערע אונערמידליכע טהעאָרעטישע פֿאָרשונגען.

* * *

אין די פֿאָלגענדע קאַפּיטלען וועלען מיר פֿערזוכען פֿאָרצושטעלען און צו ערקלעהרען איינע פֿון די וויכטיגסטע פּעריאָדען אין דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער־בעוועגונג, די פּעריאָדע פֿון „ראַוואַשאָל ביז קאַזעריאָ". עס איז וואַהר, אַז דיזע פּעריאָדע איז פֿערהעלטניסמעסיג זעהר אַ קורצע, אָבער די פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע איז געמאַכט געוואָרען אין דיזע עטליכע יאָהר, איז געווען אַ געוואַלטיגע. אַלע צייטונגען און זשורנאַלען האָבען זיך דאַן בעשעפֿטיגט מיט די אַנאַרכיסטישע אידעען, אַסך ביכער און בראָשורען זיינען געשריבען געוואָרען אין יענער שטורמיגער צייט און דער אַנאַרכיזמוס האָט בעאיינפֿלוסט די גאַנצע עפֿענטליכע מיינונג אין פֿראַנקרייך. עס איז געווען אַ מערקווירדיגע צייט. דאָס געריכט, וועלכעס האָט דאָך אייגענטליך די אויפֿגאַבע צו בעשטראָפֿען די פֿערברעכער, איז געוואָרען אַן עפֿענטליכע טריבונע פֿאַר דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ. טויזענדער און טויזענדער מענשען, וועלכע האָבען זיך בעפֿאָר קיינמאָל ניט בעשעפֿטיגט מיט די אַנאַרכיסטישע לעהרען און טהעאָריען זיינען פּלוצלונג געוואָרען סימפּאַטיזירער פֿון אונזערע אידעען, און

מאַנכע פֿון זיי האָבען זיך ענטוויקעלט אַלס בעגייסטערטע קעמפּפֿער און פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון דער אַנאַרכיסטישער וועלט־אַנשויאונג.

שטאַאטס־מענער, פּאָליטיקער, יוריסטען, פֿילאָזאָפֿען, פּאָעטען, שריפֿטשטעלער, מאַהלער, זשורנאַליסטען, אַלע האָבען דאַן גענומען אַן אַקטיווען אַנטהייל אין די עפֿענטליכע דעבאַטען איבער דעם אַנאַרכיזמוס און די אַנאַרכיסטען. עס איז געווען אַ פּעריאָדע פֿון גייסטיגער ערוואַכונג; דער רעאַקציאָנערער גייסט, וועלכער האָט דערשטיקט פֿאַר צוואַנציג יאָהר צייט יעדע רעוואָלוציאָנערע ענטוויקלונג, יעדען רעבעלישען געדאַנק ביי די ברייטע פֿאָלקס־מאַסען, האָט פּלוצלונג פֿערלאָרען זיין פֿינסטערע קראַפֿט, און דער פּערזענליכער מוטה האָט זיך ווידער ענטוויקעלט אין די הערצער פֿון די עלענדע און אונטערדריקטע. דיזע קורצע פּעריאָדע איז געווען די ענדע פֿון אַ צייט פֿון גלייכגילטיגקייט און פֿייגהייט און דער אָנפֿאַנג פֿון אַ נייער פֿאַזע אין דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער־בעוועגונג.

קיין צווייפֿעל, איהרע ווירקונגען זיינען צוערשט ריין נעגאַטיוו געווען, דיזע פּעריאָדע האָט ניט געקענט אָנהאַלטען פֿאַר אַ לענגערע צייט, אָבער זי האָט געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿאַר דער יעצטיגער בעוועגונג און אַלע איהרע וואונדערבאַרע ערשיינונגען. זי האָט פֿערניכטעט דעם רעספּעקט פֿאַר די „הייליגע אינסטיטוציאָנען" פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט און דעם אַבערגלויבען אין דער „פּאָליטישער אַקציאָן". פֿיעלע פֿון די מענער, וועלכע האָבען אין יענער צייט גענומען אַן אַקטיווען אַנטהייל אין דער בעוועגונג, שטעהען היינט אין די ערשטע רייהען פֿון דער אַנטיפּאַרלאַמענטאַרישער רעוואָלוציאָנערער געווערקשאַפֿטס־בעוועגונג און פֿיהרען אָן אַן אונערמידליכע פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר דעם געניעראַלסטרייק און דעם דירעקטען קאַמפּף פֿון די אַרבייטער.



## דער אנארכיזמוס און די פראפאגאנדא דער טהאט.

•••••••

פֿאַר די ברייטע מאַסע, וועלכע שעפּט איהרע קענטניסע אויסשליסליך פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע, איז דער אַנאַרכיזמוס און די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט איין און דאָס זעלבע. יעדעס מאָל, ווען עס פּאַסירט ערגעץ וואו אַן אַטענטאַט אין דער וועלט, וואַרפֿען זיך די פּרעס־קאָזאַקען פֿון דעם קאַפּיטאַליזמוס אַרויף אויף די אַנאַרכיסטען און דערצעהלען זייערע גלויביגע לעזער, אַז דער אַנאַרכיזמוס איז די פֿערקערפּערונג פֿון בלוט און מאָרד און די אַנאַרכיסטען זיינען אַ מין סעקטע פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע מערדערס, וועלכע האָבען נאָר איין ציעל, נאָר איין צוועק אין לעבען — די פֿערניכטונג פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג דורך די פּראַקטישע אָנווענדונג פֿון פֿערברעכערישע טהאַטען און טעראָריסטישע האַנדלונגען. מען פֿעררופֿט אינטערנאַציאָנאַלע אַנטי־אַנאַרכיסטען קאָנפֿערענצען, אום צו בעקעמפּפֿען די „פֿיינדע פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער האַרמאָניע", און יעדער פּאָליטישער שאַרלאַטאַן האָט אַ בעזונדערן רעצעפּט ווי פּטור צו ווערען פֿון דער אַנאַרכיסטישער געפֿאַהר. וועגען די אייגענטליכע פּרינציפּען און אַנשויאונגען פֿון'ם אַנאַרכיזמוס הערט מען גאַנץ וועניג, דען די פֿערטהיידיגער פֿון דער הערשענדער קלאַסע זיינען, פֿערשטעהט זיך, דירעקט פֿעראינטערעסירט צו בעהאַלטען דיזע אידעען אָדער צו דיסקרעדיטירען זיי פֿאַר די אויגען פֿון דער ברייטער מאַסע. עס וואָלט געווען אַן אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבייט צו דיסקוטירען מיט דיזע העררען, כדי זיי צו איבערציייגען אויף ווי וויית זיי זיינען אונגערעכט אין זייערע בעהויפּטונגען. די פֿערטרעטער פֿון דער „עפֿענטליכער מאָראַל" וועלכע פֿערטהיידיגען יעדען טאָג, יעדע שטונדע דעם געזעצליכען מאָרד אין זיינע

טויזענדער פערשידענע פארמען, ווייסען גאנץ גוט, אז דער אונגעזעצליכער מארד און די פראפאגאנדא דער טהאט זיינען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די אונפערמיידליכע רעזולטאטען פון אונזער היינטיגער „ארדנונג".

אים פרינציפ האבען די מייסטע רעליגיאנען דעם מארד פערדאמט; דאס מאדערנע געזעץ בעשטראפט איהם אלס דאס שרעקליכסטע פערברעכען, וואס א מענש קען בעגעהן, און די מאראל־פילאזאפישע אנשויאונגען פון אלע זאגענאנטע קולטור־פעלקער בעטראכטען דעם מארד אלס די שענדליכסטע און אונ־נאטירליכסטע ערשיינונג אין דער מענשליכער געזעלשאפט. נאר אין דער ווירקליכקייט שפיעלט דער מארד ביז היינט צו טאג די וויכטיגסטע ראלע אין דער מענשליכער געשיכטע. דריי פערטעל פון דער גאנצער וועלט־געשיכטע איז אן איינפאכע געשיכטע פון בלוט און מארד, וועלכע איז אנגעשריבען געווארען מיט די שפיצען פון די שווערדען און מיט דעם הערצענס־בלוט פון גאנצע פעלקער און גענעראציאנען. אין דער טהעאריע איז דער מארד איינשטימיג פערדאמט געווארען; אבער אין דער ווירקליכ־קייט איז ער שטענדיג געוועזען די הויפט־וואפע פון די רעגירענדע און בעזיצענדע קלאסען אין אלע צייטען און לענדער.

עס איז וואהר, אז די מענשליכע שפראכע האט ערפונדען פערשידענע ווערטער פאר דיזעלבע האנדלונגען; און ליידער שפיעלט ביי די מענשען דער קלאנג פון א ווארט נאך אלס א גרעסערע ראלע ווי די פראסטע ווירקליכקייט. דאס ווארט, די פראזע בעהערשט אלע גייסטער און פערדעקט די נאקעטע וואהרהייט מיט א גלענצענדען שלייער. דער טיראן, וועלכער גרינדעט זיין טהראן אויף די בלוטיגע קערפערס פון ערמארדעטע און פערשקלאפטע פעלקער, רופט זיך א קעניג, און די געטרייע אונטערטהאנען ווארפען זיך אויף די קניע פאר זיין געטליכע מאיעסטעט. דער גענעראל, וועלכער אפפערט דאס בליהענדע און האפנונגספאלע לעבען פון א יונגען דור, דעם שטאלץ און די צוקונפט פון א גאנצען פאלק, ווערט בעטראכטעט פאר א העלד, און זעהר ווייניג מענשען בעגרייפען, אז דיזער „העלד"

איז אין דער אמת'ן ניט מעהר ווי אַ געוועהנליכער באַנדיט, אַ יוניפֿאָרמירטער רויבער־הויפּטמאַן, וועלכער בעטראַכטעט דעם מאַסען־מאָרד און די פּלאַנמעסיגע פֿערניכטונג פֿון מענשליכע לעבענס, שטעדט און דערפֿער אַלס דעם אייגענטליכען צוועק פֿון דאַזיין. שטאַאַטס־מענער און דיפּלאָמאַטען, וועלכע שליידערן די בלוטיגע פֿאַקעל פֿון מאָרד און קריעג צווישען פֿרידליכע פֿעלקער, אום אָנצושטאָפּען די טיעפֿע קעשענעס פֿון איניגע קאַפּיטאַליסטישע גנבים, רופֿט מען קלוגע פּאָליטיקער, גאַנץ פֿערגעסענדיג, אַז זייערע דיפּלאָמאַטישע קונצען האָבען פֿעראורזאַכט אַ ים פֿון בלוט און טרעהרען. דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער פֿעראורטהיילט זיינע לוין־שקלאַפֿען צום לאַנגזאַמען אויסגעהן, מיט דעם וואָס ער פֿערזוכט שטענדיג צו פֿערערגערן זייערע לעבענס־בעדינגונגען, איהם רופֿט מען אַ „גוטען־געשעפֿטס־מאַן" און די וועניגסטע מענשען בעגרייפֿען, דאָס אָט דיזע „גוטע געשעפֿטס־לייט" זיינען די אייגענטליכע פֿעראורזאַכער פֿון דעם סאָציאַלען עלענד, די פֿעראורזאַכער פֿון דעם היינטיגען סיסטעם פֿון מאָרד און גנבה, די פֿעראורזאַכער פֿון דער מאַסען־שקלאַפֿעריי פֿון אונזער צייט.

וואָס איז מאָרד? וואָס פֿערשטעהען מיר אונטער דיזעם אויסדרוק?—מאָרד איז די פּלאַנמעסיגע פֿערניכטונג פֿון אַ מענשליכען לעבען. דיזע דעפֿינאַציאָן איז איינפֿאַך און קלאָהר. זי מאַכט אַוועק מיט אַלע פּוסטע וואָרט־שפּיעלערייען, וועלכע האָבען נאָר דעם צוועק צו פֿערדעקען דעם איינפֿאַכען פֿאַקט מיט אַ רעטהאָרישען שלייער. מאָרד בלייבט מאָרד; די מאָטיווען מעגען זיך זיין פֿערשידענע, נאָר די טהאַט אַליין בלייבט דיזעלבע, מיט וואָס פֿאַר אַ נאָמען מיר זאָלען איהר ניט אָנרופֿען. דיזע וואַהרהייט איז אונבעשטרייטבאַר; זי צייגט אונז אָבער אויך אין דערזעלבער צייט, אַז די מענשליכע אַנשויאונגען איבער דעם מאָרד זיינען אין דער ווירקליכקייט גאַנץ אַנדערע, ווי פֿיעלע שטעלען זיך פֿאָר; זי בעווייזט אונז, אַז די זאָגענאַנטע „עפֿענטליכע מאָראַל" פֿערדאַמט ניט דעם מאָרד אָן און פֿאַר זיך אַלס אַ פֿערברעכען, נאָר זי בעאורטהיילט דעם כאַראַקטער פֿון דער בלו־

טיגער האנדלונג נאָך דער פּערזאָן, וועלכע בעגעהט איהר. דער קעניג, דער שטאַאַטס־מאַן, דער גענעראַל, דער ריכטער, דער הײנקער, זײ האָבען לויט דער „עפֿענטליכער מאָראַל" דאָס רעכט צו מאָרדען, דען זײ זײנען געזעצליכע, ד. ה. פּריווילעגירטע מערדערס. די הערשענדע קלאַסע האָט מאָנאָפּאָליזירט דאָס רעכט צו מאָרדען, פּונקט ווי זי האָט מאָנאָפּאָליזירט דאָס אײגענטהום; זי האָט דעם מאָרד פּראָקלאַמירט פֿאַר דאָס פּריווילעגיום פֿון אַ קלײנע מינאָריטעט, פּונקט ווי זי האָט געמאַכט דאָס אײגענטהומס־רעכט צו אַ פּריווילעגיום פֿון אַ בעשטימטער קלאַסע. ווען דאָס געזעץ פֿעראורטהײלט דעם מאַן דער טהאַט, וועלכער האָט געטויטעט אײנעם פֿון די פּריוועליגירטע, אום אויסצודריקען עפֿענטליך זײן אונצופֿרידענהײט מיט דעם בעשטעהענדען סיסטעם, ווען דאָס געזעץ פֿעראורטהײלט דיזען מאַן צום טויט, איז עס ניט דערפֿאַר, ווײל ער איז בעגאַנגען אַ מאָרד, אָדער ווײל ער איז אַ מערדער, נאָר דערפֿאַר וואָס ער האָט אַטאַקירט דעם מאָנאָפּאָל פֿון דער הערשענדער קלאַסע, דעם מאָנאָפּאָל צו מאָרדען. דאָס פּריווילעגיום צו פֿערגיסען בלוט, מיט אײן וואָרט, ער ווערט פֿעראורטהײלט, ווײל ער האָט ניט געהאַט קײן געזעצליכעם רעכט צו מאָרדען. עס איז פּונקט דיזעלבע געשיכטע ווי מיט דעם גנב, וועלכער ווערט ניט בעשטראָפֿט, דערפֿאַר וואָס ער האָט גע'גנב'עט, נאָר דערפֿאַר וואָס ער האָט אַטאַקירט דאָס אײגענטהומס־רעכט פֿון דער בורזשואַזיע.

***

אָבער אויך אין דער געשיכטע פֿון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטײען האָט דער מאָרד ביז הײנט צו טאָג געשפּיעלט אַ געוויסע ראָלע; און מיר בעגעגנען זיך מיט איהם אין אַלע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען. מאַנכעס מאָל מאַניפֿעסטירט ער זיך אין דער פֿאָרמע פֿון אינדיווידועלע אַטענטאַטען, אַן אַנדערש מאָל אין דער פֿאָרמע פֿון קאָלעקטיווע רעוואָלטען און אַלגעמײנע רעוואָלוציאָנען. איך מוז באַלד בעמערקען, אַז איך דײנק פֿאַר קײן פֿאַל ניט צו בעהויפּטען, אַז דער מאָרד איז די קווינטעסענץ פֿון אַ רעוואָלוציאָן; דען אַזאַ בעהויפּטונג וואָלט, פֿערשטעהט זיך, געוועזען אַן

אונזין; אַלעס, וואָס איך וויל יאָ בעהויפּטען, איז אַז דער מאָרד איז געוועזן איינע פֿון איהרע היסטאָרישע ערשיינונגס־פֿאָרמען. און דיזע טהאַטזאַכע איז גאַנץ בעגרייפֿליך, דען זי איז ניט מעהר ווי די לאָגישע פֿאָלגע פֿון אַ נאַטירליכער אורזאַכע; זי איז ניט מעהר ווי דער קאַמפּף פֿאַר דער עקזיסטענץ, דער איינפֿאַכער „קאַמפּף אום דאַזיין". דער געזעצליכער מאָרד איז אַ פֿערטהיי־דיגונגס־מיטעל אין די הענד פֿון די בעזיצענדע קלאַסען, כדי צו ערהאַלטען זייער הערשאַפֿט און זייערע פּריווילעגיען. — דער אונגעזעצליכער מאָרד, דער מאָרד, וועלכער ווערט בעגאַנגען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער זייט, איז אויך ניט אַנדערש ווי אַ פֿער־טהיידיגונגס־מיטעל פֿון די, וועלכע ווילען זיך בעפֿרייען פֿון דעם טויטליכען יאָך פֿון דיזער הערשאַפֿט. מעגליך, אַז סענטימענטאַלע מענשען וועלען זיך אָבשרעקען פֿון דיזער וואַהרהייט, אָבער זי בלייבט טראָץ דעם אַ וואַהרהייט, ווי גרויזאַם זי זאָל ניט זיין, ווי ברוטאַל זי זאָל ניט קלינגען. עס איז אונזיניג צו גלויבען, אַז דער גאַנג פֿון דער וועלט־געשיכטע קען פּלוצלונג איבערגעביטען ווערען, מיט דעם וואָס איינעגע טרוימערס אַפּעלירען צו דער „אַלגעמיינער מענשליכער מאָראַל" אָדער צו דער „מענשליכער גערעכטיגקייט", דאָס אַלעס זיינען ניט מעהר ווי פּוסטע ווער־טער און מעטאַפֿיזישע פֿאָרשטעלונגען. ביי דער גרויסער מעהר־צאָהל פֿון דער היינטיגער מענשהייט שפּיעלט פֿאָרלויפֿיג דער ערפֿאָלג די איינציגע ראָלע. דער זיעגער איז שטענדיג „גערעכט", ווער עס האָט דעם ערפֿאָלג בלייבט אימער „מאָראַליש". ביי דעם דורכשניטליכען מענשען שפּיעלען די מיטלען איבערהויפּט קיין ראָלע ניט, דער ערפֿאָלג איז אַלעס. ער מאַכט פֿון געוועהנליכע באַנדיטען קעניגע און פֿון אַלמעכטיגע הערשער געוועהנליכע פֿערברעכער. פֿאָרלויפֿיג זיינען מיר די „פֿערברעכער", די „מערדערס", די „אונמאָראַלישע", דערפֿאַר ווייל מיר זיינען נאָך שוואַך, אָבער אין דעם אויגענבליק, ווען די קראַפֿט פֿון אונזערע שטרע־בונגען וועט זיעגען, וועט מען אונז רופֿען די „גערעכטע", די „העלדען", די „מאָראַלישע".

געוויס, מיר זיינען ניט צופֿרידען מיט דיזע אַלגעמיינע

רעכטס־אַנשויאונגען פֿון דער גרויסער מאַסע, און פֿעסטשטעלען אַ פֿאַקט, מיינט נאָך ניט איהם בעטראַכטען פֿאַר אַ הייליגע זאַך, וועלכע וועט שטענדיג עקזיסטירען. אָט צוליעב דעם זיינען מיר דאָך אַנאַרכיסטען, וועלכע לאָזען זיך ניט בעאיינפֿלוסען דורך די מיינונגען פֿון דער „קאָמפּאַקטער מאַיאָריטעט". די אינדיווידואַליזירונג פֿון די בעגריפֿע „רעכט" און „מאָראַל" איז דאָך איינע פֿון אונזערע וויכטיגסטע שטרעבונגען. מיט דעם וואָס מיר ענטוויקלען דעם מענשען גייסטיג דורך אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ, גיבען מיר איהם אין דערזעלבער צייט די מעגליכקייט, צו מאַכען זיך אַ פּערזענליכען אורטהייל איבער אַלע ערשיינונגען, לויט זיינע אינדיווידועלע רעכטס־בעגריפֿע. גייסטיגע זעלבסטשטענדיגקייט איז די קווינטעסענץ פֿון אַלע אונזערע פֿאָדערונגען, דען מיר האָבען בעגריפֿען, אַז נאָר דער זעלבסט־שטענדיגער מענש לאָזט זיך דורך דעם ערפֿאָלג ניט פֿערבלענדען די אויגען.

* * *

אויך מיר גלויבען ניט, אַז מאָרד און געוואַלט וועלען שטענדיג שפּילען אַ ראָלע אין דער מענשליכער געשיכטע. מיר זיינען איבערצייגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען דיזעביידע ערשיינונגען וועלען אין גאַנצען פֿערשווינדען אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט, צוזאַמען מיט די סאָציאַלע אומשטענדע, וועלכע האָבען זיי אַרויסגערופֿען. אָבער צוליב דער צוקונפֿט דאַרפֿען מיר ניט פֿערגעסען די געגענוואַרט. יעדע היסטאָרישע ערשיינונג מוז בעאורטהיילט און געמאָסטען ווערען מיט דעם מאַסשטאַב פֿון דער צייט און די אומשטענדע, אונטער וועלכע זי איז געבאָרען געוואָרען. אין אַ סיסטעם, וועלכע גרינדעט זיך אויף מאָרד און געוואַלט, אויף הערשאַפֿט און אויסבייטונג, איז דער פּאָליטישער מאָרד אַ לאָגישע און אונפֿערמיידליכע ערשיינונג. ניט די געזעצע פֿון די רעגירער און נאָך פֿיעל וויניגער די פֿוסטע ווערטער פֿון די, וואָס האַלטען אין איין דיסקוטירען איבער דעם נוצען און די צוועקמעסיגקייט פֿון אַזעלכע טהאַטען, וועלען פֿערהינדערן טעראָריסטישע אַקטען. די טעראָריסטישע טהאַטען פֿון איינצעלנע אַנאַרכיסטען, וועלכע האָבען זיך די

לעצטע 20 יאָהר אָנגעמאַכט אַזאַ טומעל אין דער גאַנצער וועלט, זיינען ניט מעהר ווי די לאָגישע רעזולטאַטען פון דער יעצטיגער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. עס איז אונזיניג צו דיינקען, אז דיזע טהאַטען זיינען ניט מעהר ווי די קינסטליכע פּראָדוקטען פון געוויסע אידעען און אַנשויאונגען. אין דער ווירקליכקייט זיינען זיי נאָר אַ נאַטירליכע מאַניפעסטאַציאָן פון געוויסע געפיהלען און בעדירפניסע, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון די יעצטיגע סאָציאַלע אומשטענדע. עס איז דערפאַר לעכערליך און אַבסורד, ווען מענשען רייסען זיך אַרום צו דיזע טהאַטען זיינען בערעכטיגט אָדער ניט, צוועקמעסיג אָדער שעדליך. עס זיינען סאָציאַלע נויטווענדיגקייטען, וואָס וועלען שטענדיג פּאַסירען ווען די צייט און אומשטענדע רופען זיי אַרוים. זיי זיינען בערעכטיגט, דען אין זייער ערשיינונג ליגט זייער בערעכטיגונג און זייער צוועקמעסיגקייט.

* * *

מיר האָבען פערזוכט צו בעווייזען, אַז די ערשיינונג פון מאָרד בלייבט אָן און פאַר זיך שטענדיג דיזעלבע, אָבוואָהל דער מענש האָט איהר געגעבען פערשידענע נעמען. אָבער דיזע פערשידענהייט איז נאָר אַ ווערטליכע, קיין פּאַקטישע. נאָר פון דעסטוועגען גיט עס דאָך אַן אונטערשיד, זעהר אַ וויכטיגער זאָגאַר, וועלכער בעשטימט דירעקט אָדער אינדירעקט אונזער סימפּאַטהיע אָדער אַנטיפּאַטהיע צו געוויסע טהאַטען. מיר רעדען יעצט פון דעם אונטערשיד אין די מאָטיווען, וועלכע פעראורזאַכען אַ געוויסע טהאַט.

וואָרום מאָרדעט די הערשענדע קלאַסע? אום צו פערטהיידיגען איהרע פריווילעגיעס. די בורזשואַזיע פרעגט גאַנץ וויניג, צו איהרע פריווילעגיעס זיינען אַ הינדערניס פאַר דעם מענשליכען פּראָגרעס, פאַר די אַלגעמיינע מענשליכע אינטערעסען. דער פערזענליכער פּראָפיט איז די טרייבענדע קראַפט פון אַלע איהרע האַנדלונגען. מיר לעבען אין אַ צייט, ווען די מענשליכע אַרבייטס-קראַפט שאַפט יעדען טאָג גרעסערע סאָציאַלע רייכטהימער, אָבער טראָץ דעם דאַרפען ניין צעהנט-חלק פון דעם

מענשהייט אָנפֿיהרען אַ שטענדיגען פֿערצווייפֿעלטען קאַמפּף פֿאַר דאָס טרוקען שטיקעל ברויט און אַ שמוציגען ווינקעל, וואו אָבצורוהען די מידע אויסגעמאַטערטע ביינער. איבעראַל זעהען מיר די סמנים פֿון אַ ריזיגער טעכנישער ענטוויקלונג, אָבער יעדע נייע ערפֿינדונג איז אַ פֿלוך פֿאַר מיליאָנען אָרעמע מענשען־קינדער, אַ טויטעס־אורטהייל פֿאַר טויזענדער מענער, פֿרויען און קינדער. מיר בעריהמען זיך מיט אונזער קולטור, אונזער קונסט און וויסענשאַפֿט, אָבער דאָס אַלעס איז היינט דער מאָנאָפּאָל פֿון אַ גייסטיגער אַריסטאָקראַטיע, דען די גרויסע מאַסע לעבט נאָך אַלץ אין אַ מיטעל־אַלטערליכער פֿינסטערניס און אונוויסענהייט. און פֿאַר וואָס? דערפֿאַר וואָס אַ קליינע מינאָריטעט פֿון פּריווילעגירטע גנבים האָט מאָנאָפּאָליזירט דאָס לאַנד, די פּראָדוקטען, די וויסענשאַפֿט, די גאַנצע מענשליכע אַרבייטס־קראַפֿט צוליעב איהרע פּערזענליכע אינטערעסען. די אַנאַרכיסטען זיינען ניט די איינציגע, וועלכע זיינען אונצופֿרידען מיט דעם יעצטיגען סיסטעם. די אונצופֿרידענהייט איז היינט אַן אַלגעמיינע. מיר אַלע פֿיהלען היינט מעהר אָדער ווייניגער די אַנטיסאָציאַלע טענדענצען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען אָרגאַניזמוס, און איבעראַל אין דער מאָדערנער ליטעראַטור, אין קונסט און וויסענשאַפֿט, אין אַלע סאָציאַלע לעבענס־ערשיינונגען געפֿינען מיר דעם אויסדרוק פֿון דיזער אונצופֿרידענהייט און דעם ברענענדען וואונש אַרויסצוקומען פֿון דיזען אונערטרעגליכען צושטאַנד. אָבער דער נידעריגער עגאָאיזמוס און די וואַהנזיניגע הערשאַפֿט פֿון די בעזיצענדע קלאַסען צווינגט זיי צו קעמפֿען געגען דעם מענשליכען פּראָגרעס און געגען די אַלגעמיינע אינטערעסען. און כדי אויפֿצוהאַלטען די אַנטיסאָציאַלע פּריווילעגיעס פֿון אַ פּאַראַזיטישער מינאָריטעט, פֿערניכטעט זי דאָס לעבענס־גליק און די נאַטירליכסטע רעכטע פֿון מיליאָנען מענשען. די ברוטאַלע געוואַלט און דער געזעצליכער מאָרד זיינען איהרע הויפּט־וואַפֿען אין דעם קאַמפּף געגען דעם אַלגעמיינען פּראָגרעס; זי גיט דעם מאָרד אַן אַנטיסאָציאַלען כאַראַקטער, מיט דעם וואָס זי מאַכט פֿון איהם אַ מיטעל פֿאַר אַנטיסאָציאַלע שטרעבונגען און אינטערעסען.

אין דער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָן האָט דער מאָרד געהאַט אַ סאָציאַלען כאַראַקטער, דערפֿאַר ווייל ער איז ניט געווען קיין מיטעל אויפֿצוהאַלטען אינדיווידועלע פּריווילעגיעס, נאָר אַ מיטעל צו פֿערטהיידיגען אַלגעמיינע אינטערעסען. וואָס עס איז ניט געווען דער רעזולטאַט פֿון אַ רעוואָלוציאָן, דער אינערליכער אינסטינקט, וועלכער האָט די מאַסען בעגייסטערט צום קאַמפּף, איז שטענדיג געווען אַ סאָציאַלער אינסטינקט. פֿאַר די רעוואָלוציאָנערען איז דער מאָרד שטענדיג געווען אַ מיטעל פֿון זעלבסט־ערהאַלטונג. זיי האָבען געמאָרדעט, אום אַוועקצוּמאַכען מיט די הינדערניסע פֿון דער אַלגעמיינער גייסטיגער און מאַטעריעלער ענטוויקלונג און צוליעב אַלגעמיינע אינטערעסען. זייערע מאָטיווען זיינען געווען סאָציאַלע מאָטיווען; דערפֿאַר איז אויך דער מיטעל געווען אַ סאָציאַלער, אָקוראַט ווי די בלוטיגע אָפּעראַציאָן פֿון'ם אַרצט, וועלכע רעטעט דאָס לעבען.

די טעראָריסטישע האַנדלונגען פֿון די אַנאַרכיסטישע אַטענטעטער מוזען געמאָסטען ווערען מיט דעם זעלבען מאַסשטאַב. זייערע מאָטיווען זיינען געווען סאָציאַלע מאָטיווען. קיינער פֿון זיי האָט זיך בענוּצט מיט דער טויטליכער וואָפֿע, אום צו פֿערטהיידיגען פּערזענליכע אינטערעסען אָדער בעשטימטע קלאַסען־פּריווילעגיעס. קיינער פֿון זיי האָט געמאָרדעט, אום צו פֿערכאַפּען דעם פּלאַץ פֿון זיין אָפּפֿער. פֿערקעהרט, דורך זייערע טהאַטען האָבען זיי געוואָלט פּראָטעסטירען געגען אַלע אַנטי־סאָציאַלע שטרעבונגען אין דער געזעלשאַפֿט, וועלכע פֿערהינדערן דעם אַלגעמיינען פּראָגרעס און דאָס גליק פֿון דער מענשליכער ראַסע. זיי האָבען פֿערזוכט צו אַטאַקירען דעם מאָנאָפּאָל פֿון די רייכע און גרויסע, פֿערניכטענדיג אייניגע פֿון זייערע רעפּרעזענטאַנטען. און האָבען בעצאָהלט פֿאַר זייערע טהאַטען מיט זייערע לעבענס, דער בעסטער בעוויז פֿאַר דעם סאָציאַלען כאַראַקטער פֿון זייערע מאָטיווען.

צולעצט בלייבט אונז נאָך איבער צו רעדען איבער דעם פּראַקטישען ווערטה פֿון דער פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, און איבער די געשיכטליכע ענטוויקלונג פֿון דיזער טאַקטיק אין דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג. דאָס וועט זיין די אויפֿגאַבע פֿון נעכסטען קאַפּיטעל.



## די היסטארישע ענטוויקלונג פון דער טעראריסטישער טאקטיק אין דער אנארכיסטישער בעוועגונג.

•••••••

פאַר דעם דורכשניטליכען צייטונגס-לעזער איז דער טעראָריזמוס די קווינטעסענץ פון דער אַנאַרכיע. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, דען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע רופט מען יעדען טעראָריסטישען אַקט אַן אַנאַרכיסטישעס פערברעכען, ניט קוקענדיג אויף די אַנזיכטען און שטרעבונגען פון'ם אַטענטעטער. אין דער ווירקליכקייט איז דער טעראָריזמוס אָנגעווענדעט געוואָרען פון די מייסטע פּאָליטישע און רעליגיעזע פּאַרטייען. די יעזואיטען, די בעסטע פערטהיידיגער פון דער קאַטהאָלישער קירכע, האָבען ענטוויקעלט גאַנצע טהעאָריען איבער דעם ווערטה און די בעדייטונג פון דעם טיראַנען-מאָרד און האָבען אָפען ערקלעהרט, דאָס אונטער געוויסע אומשטענדען איז די הינריכטונג פון אַ הערשער אַ נויטווענדיגע און מאָראַלישע זאַך. עהנליכע אַרגומענטען זיינען בענוצט געוואָרען פון פיעלע פּאָליטישע פּאַרטייען אין דער צייט, ווען זייערע אָנהייגער זיינען פערפאָלגט געוואָרען פון די רעגירונגען און האָבען געליטען פון דער שטאַאַטליכער רעאַקציאָן. און דיזע ערשיינונג איז גאַנץ נאַטירליך, דען זי איז ניט מעהר ווי דער לאָגישער רעזולטאַט פון יעדער ברוטאַלער אונטערדריקונג, אַ מאַניפעסטאַציאָן פון דעם אונפערמיידליכען ווידערשטאַנד פון די אונטערדריקטע.

אָבער עס איז לעכערליך צו בעהויפטען, אַז יעדע טעראָריסטישע טהאַט איז אַן אַנאַרכיסטישע, דען דער טעראָריזמוס אַליין בעשטימט ניט דעם כאַראַקטער פון אַ טהאַט, זאָנדערן די מאָטיווען און אורזאכען, וועלכע האָבען געמאַכט אַ מענשען צו בעגעהן אַזאַ טהאַט. די אַנאַרכיסטען האָבען זיך בענוצט מיט דעם טעראָריזמוס, פונקט ווי פיעלע אַנדערע פּאַרטייען האָבען

עס געטהאָן און טהוען עס נאָך היינט, אבער זייערע מאָטיווען זיינען געווען גאַנץ אַנדערע, און זייערע ערקלעהרונגען פאַר'ן געריכט האָבען זייערע טהאַטען געגעבען אַ גאַנץ אייגענעם כאַראַקטער.

אין דער ווירקליכקייט האָט די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג, אין די ערשטע פעריאָדען פון איהר ענטוויקלונג, איבערהויפּט ניט געהאַט וואָס צו טהאָן מיט דער טעראָריסטישער טאַקטיק אָדער דער פראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט. נאָר די שרעקליכע און אונערטרעגליכע פערפאָלגונגען פון די רעגירונגען האָבען לאָגישערווייזע געמוזט ענטוויקלען די אידעע פון דער פראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט אין די רייהען פון די אַנאַרכיסטען. דיזעלבע ערשיינונג האָבען מיר געזעהן אין רוסלאַנד, וואו די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג האָט צוערשט געהאַט אַ ריין פראָפּאַגאַנדיסטישען כאַראַקטער, און ערשט נאָכדעם ווי דער צאַריזמוס האָט פערפאָלגט די סאָציאַליסטען מיט די ברוטאַלסטע און אונמענשליכסטע מיטלען, האָט זיך ענטוויקעלט די טעראָריסטישע טאַקטיק אין דעם לאַגער פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערען.

די ערשטע פראָפּאַגאַנדיסטען פון'ם אַנאַרכיזמוס האָבען אפילו ניט גע'חלום'ט פון דער פראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט. וויליאַם גאָדווין איז פעסט איבערצייגט געווען, אַז זיינע אידעען קענען זיך נאָר רעאַליזירען דורך דער מינדליכער און שריפטליכער פראָפּאַגאַנדאַ. ער איז זאָגאַר געווען אַ געגנער פון דעם רעוואָלוציאָנערען טעראָריזמוס, וועלכער איז דאַן אָנגעגאַנגען אין פראַנקרייך, אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן.

דעזאַמי האָט געוואָלט פערווירקליכען זיינע אידעען דורך פראַקטישע קאָמוניסטישע עקספּערימענטען, גרינדונג פון קאָמוניסטישע קאָלאָניען און קאָאָפּעראַטיווע גענאָסענשאַפטען.

פרודהאָן איז געווען אַן איבערצייגטער געגנער פון יעדער סאָרט געוואַלט, וועלכער האָט זאָגאַר ניט אָנערקענט דעם פראַקטישען נוצען פון אַן אַלגעמיינער רעוואָלוציאָן. אַלס סאָציאַליסט האָט ער געוואוסט, אַז דער מאָנאָפּאָל אויף דער ערד, די מאַשי-

נען און די פּראָדוקציאָנס־מיטלען איז די אורזאַכע פֿון דער עקאָנאָמישער פֿערשקלאַפֿונג; און דערפֿאַר איז ער געפֿאַלען אויף דעם פּלאַן פֿון דער סאָציאַליסטישער טויש־באַנק, אום צו געבען די אַרבייטער די מעגליכקייט צו בעפֿרייען זיך פֿון דער קאַפּי־טאַליסטישער אויסבייטונג. פּרודהאָן האָט געדיינקט צו אָרגאַני־זירען די אַרבייטער אין קאָאָפּעראַציאָנען, צו דיזעם צוועק האָט ער געוואָלט גרינדען אַ פֿאָלקס־באַנק, וועלכע זאָל אויסבאָרגען די קאָאָפּעראַציאָנען די נויטווענדיגע מיטלען צו פּראָדוצירען, ניט נעהמענדיג דערפֿאַר קיין פּראָצענט. ער איז איבערצייגט געווען דאָס אויף אַזאַ מין אַרט וועט עס ביסלעכוויז געלינגען צו פֿער־ניכטען דעם קאַפּיטאַליזמוס דורך די קאָנקורענץ פֿון די פֿרייע אַרבייטער־קאָאָפּעראַציאָנען און צו בעפֿרייען די ליידענדע פֿון דעם יאָך פֿון קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג און טיראַניי. פּרו־דהאָנ׳ס אידעען האָבען געהאַט אַ געוואַלטיגען איינפֿלוס אויף די פֿראַנצויזישע אַרבייטער־קלאַס, און ווען ער האָט געזאַמעלט די נויטווענדיגע געלדער, אום זיין פּראָיעקט צו פֿערווירקליכען, איז ענטשטאַנען אַ שרעקליכע אויפֿרעגונג אין דער גאַנצער פֿראַנ־צויזישער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. די רעאַקציאָנערע צייטונגען האָבען פּרודהאָן׳ן פֿערלוימדעט אויף דעם נידעריגסטען אופן. מען האָט איהם פֿאָרגעשטעלט אַלס דאָס אונגליק פֿון דער פֿראַנצוי־זישער נאַציאָן, אַלס אַ מין מאָנסטער, וועלכער האָט נאָר איין זאַך אין זינען — די צושטערונג פֿון אַלע געזעלשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען. נאָר דער גרויסער פֿראַנצויזישער דיינקער איז זיך רוהיג ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבייט, אָבער אין דעם אויגענבליק, ווען ער איז שוין געווען אַזוי ווייט, אום צו קענען פֿערווירקליכען זיינע פּלענער, אין דעם זעלבען מאָמענט האָט מען איהם אַרעסטירט און די רעגירונג האָט צוגענומען אַלע געלדער.

דיזע ברוטאַלע און שענדליכע האַנדלונג האָט ביי פֿיעלע פֿראַנצויזישע אַרבייטער איין פֿאַר אַלע מאָל פֿערניכטעט דעם גלויבען אין אַ פֿרידליכע פֿערווירקליכונג פֿון די סאָציאַליסטישע אידעען. זיי האָבען אָנגעפֿאַנגען צו בעגרייפֿען, אַז דער שטאַאַט

דער בעשיצער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וועט קיינמאָל ניט צולאָזען אַ פֿרידליכע עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, וועלכע זאָל די אַרבייטער געבען די מעגליכקייט זיך צו בעפֿרייען פֿון דער לוין־שקלאַפֿעריי. און דיזע ערקענטניס איז געווען די אורזאַכע פֿון דער ענטוויקלונג פֿון אַ פּלאַנמעסיגער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדאַ.

זאָגאַר אין דער צייט ווען די גרויסע „אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן" איז געגרינדעט געוואָרען, זיינען די אַנזיכטען וועגען דער טאַקטיק און די מיטלען צו קעמפּפֿען זעהר אונקלאָהר און אונבעשטימט געווען. אויף די ערשטע קאָנגרעסען פֿון דער גרויסער פֿעראייניגונג האָט פּרודהאָן'ס איינפֿלוס נאָך אַלס שטאַרק געווירקט אויף ווייטע קרייזען פֿון דער אַרבייטער־בעוועגונג אין די ראָמאַנישע לענדער, און ערשט נאָכדעם ווי מיכאַאיל באַקונין האָט אָנגעפֿאַנגען זיין געוואַלדיגע פּראָפּאַגאַנדיסטישע טהעטיגקייט האָבען זיך די אַלטע אַנשויאונגען אין גיכען איבערגעביטען. באַקונין איז געווען אַ בעגייסטערטער אַפּאָסטעל פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, דען ער האָט גוט בעגריפֿען, דאָס אַ פֿרידליכע סאָציאַליסטישע ענטוויקלונג אינערהאַלב דער היינטיגער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג איז אַ זאַך דער אונמעגליכקייט. ער איז איבערצייגט געווען, אַז די אַלע סאָציאַליסטישע עקספּערימענטען אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט האָבען נאָר אַ קליינע און העכסט פּראָבלעמאַטישע בעדייטונג, און דערפֿאַר האָט ער פֿערזוכט צו אָרגאַניזירען אַ רעוואָלוציאָנערע מאַכט, וועלכע זאָל אָנפֿיהרען אַ שטענדיגען קאַמפּף געגען אַלע אינסטיטוציאָנען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. אָבער באַקונין האָט אויך פֿערשטאַנען די גרויסע בעדייטונג פֿון דער „פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט". זיינע רייכע ערפֿאַהרונגען האָבען איהם געלערנט, אַז דער רעספּעקט פֿאַר די בעשטעהענדע אינסטיטוציאָנען קען נאָר געבראָכען און פֿערניכטעט ווערען דורך דירעקטע אַטאַקען און רעוואָלוציאָנערע טהאַטען, און דערפֿאַר איז זיין טאַקטיק געווען אַ פֿעראייניגונג פֿון פּראָפּאַגאַנדיסטישער אויפֿקלעהרונג און פּראַקטישע רעוואָלוציאָנערע האַנדלונגען. אָבער דער גרויסער

רעוואָלוציאָנער האָט זיך זעהר ווייניג בעשעפטיגט מיט דעם אינדיווידועלען כאַראַקטער פון דער פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, זיין הויפּט־צוועק איז געווען די אָרגאַניזאַציאָן פון קאָלעקטיווע רעוואָלטען און אויפשטענדע, אום אויפצואוועקען די פערשלאָפענע מאַסען פון זייער גלייכגילטיגקייט און אינדיפערענץ. און דאָס איז אויך געווען דער כאַראַקטער פון דער פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט אין די ראָמאַנישע לענדער אין דער ערשטער פעריאָדע פון דער רעוואָלוציאָנערער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג. אין שפּאַניען און איטאַליען, וואו דער איינפלוס פון באַקונין איז זעהר שטאַרק געווען, האָבען די אַנאַרכיסטען אָרגאַניזירט בויערן־אויפשטענדע און רעוואָלטען ביי יעדער פּאַסענדער געלעגענהייט און עס איז גאָר קיין צווייפעל, אַז דיזע טאַקטיק האָט זעהר פיעל מיטגע־האָלפען צו ענטוויקלען דעם רעוואָלוציאָנערען טעמפּעראַמענט פון די ראָמאַנישע פעלקער.

אָבער מיט אינדיווידועלע טהאַטען האָט זיך באַקונין זעהר ווייניג בעשעפטיגט. עס איז וואהר אַז ער איז ניט געווען קיין געגנער פון אַזעלכע טהאַטען, דען דער גרויסער רעבעל האָט שטענדיג רעספּעקטירט אַ מאַן, וועלכער האָט געהאַט דעם מוטה צו האַנדלען און צו ריזיקירען זיין לעבען פאַר זיינע איבערציי־גונגען. אין 1866, ווען קאַראַקאָזאָוו האָט געשאָסען אויף אַלעק־סאַנדער דעם צווייטען, און ווען דער ראַבע־געשריי פון דער רעאַקציאָן האָט זאָגאַר געווירקט אויף אַזעלכע מענער ווי אַלעק־סאַנדער הערצען און אָגאַריעוו, אין דיזער שרעקליכער פעריאָדע האָט באַקונין געשריבען זיין בעריהמטען בריעף אָן הערצען, אין וועלכען מיר געפינען די פאָלגענדע ווערטער: „...ניין, פריינדע, איך וואָלט קיינמאָל ניט געוואָרפען קיין שטיין אויף קאַראַקאָזאָוו, אין דער צייט, ווען די גאַנצע נידערטרעכטיגע און עקעלהאַפטע באַנדע פון די משינאָווניקעס פאַלט אָן אויף איהם, כדי אַריינ־צוכאַפּען אַ גנעדיגען שמייכעל פון דעם קייזער... אויך איך ערוואַרט ניט קיין גרויסען נוצען פון דיזער טהאַט, איך בין זאָגאַר איבערציינגט, אַז זי וועט אַרויסרופען פאַר אַ געוויסע צייט אַ רעאַקציאָן צו גונסטען דעם צאַריזמוס. אָבער איך קען גאַנץ גוט

בעגרייפען, אז נים אַלע מענשען זיינען מים דערזעלבער מיינונג, איך קען גאַנץ גום פערשטעהן, ווען אַ יונגער מאַן, וועלכער איז פיליייכט קיין פילאָזאָף נים אָבער אַן ענערגישער כאַראַקטער, האָט פערזוכט צו לייזען די פראַגע מיט איין מאָל, און איך רעספעקטיר איהם אויפריכטיג פאַר זיין טהאַט. דיזע טהאַט מעג זיך זיין פאַר אייך אַ טהעאָרעטישער פעהלער, אָבער טראָץ דעם איז קאַראַקאָזאָוו איינער פון די אונזעריגע, און מיר דאַרפען איהם אַכטען און רעספעקטירען."

דיזע ווערטער בעווייזען קלאָהר און דייטליך באַקונין'ס שטעלונג אין בעצוג צו אינדיווידועלע טעראָריסטישע האַנדלונגען.

די אייגענטליכע פראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט אין דער פאָרמע פון אינדיווידועלע טעראָריסטישע האַנדלונגען האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען אין דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג צו ענדע פון די 70גער יאָהרען. עס איז געוועזן אַ צייט פון אַ שרעקליכער רעאַקציאָן. אין פראַנקרייך האָט די בורזשואַזיע אויסגעשלאַכטעט 35.000 פראָלעטאַריער, מענער פרויען און קינדער, און אַ פינסטערע רעאַקציאָן האָט אונטערדריקט יעדע עפענטליכע סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדאַ. אין שפּאַניען האָט זיך אָנגעפאַנגען דער זעלבער צושטאַנד נאָך דער רעוואָלוציאָן פון 1873 און דעם אונטערגאַנג פון דער קאָמונע פון קאַטאַבענאַ. אין איטאַליען האָט מען די אַנאַרכיסטען ערקלעהרט פאַר „מאַלפאַטאָרי", ד. ה. פערברעכער, צושטעהרט זייערע עפענטליכע אָרגאַניזאַציאָנען און אונטערדריקט יעדע עפענטליכע פראָפּאַגאַנדאַ.

אין דערזעלבער פעריאָדע האָט זיך אָנגעפאַנגען דער גרויסער העלדישער קאַמפף פון דער רוסישער יוגענד, וועלכער האָט אַרויסגערופען די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער וועלט. די טעראָריסטישע טהאַטען פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערען האָבען געפונען אַן אָבקלאַנג ביי די אַנאַרכיסטען אין די ראָמאַנישע לענדער, און פון דאַן אָן האָט מען אָנגעפאַנגען זיך צו בעשעפטיגען מעהרער מיט דער פראַגע פון אינדיווידועלע טהאַטען.

אין 1876 האָט שטאַטגעפונען דער יעהרליכער קאָנגרעס פון דער אַנאַרכיסטישער „אינטערנאַציאָנאַלע" אין בערן. אויף

דיזען קאנגרעס האבען די ביידע איטאליענישע רעלעגאטען מאלאטעסטא און קארלא קאפיערא אבגעגעבען אן ערקלעהרונג אין דעם נאמען פון די איטאליענישע גענאסען, וועלכע האט זיך בעשעפטיגט מיט דער פראקטישער בעדייטונג פון טעראריסטישע טהאטען און זייער פראפאגאנדיסטישע ווירקונג פאר די פערשפרייטונג פון אונזערע אידעען. אבער זאגאר דיזע ערקלעהרונג טראגט נאך אויף זיך דעם באקוניסטישען כאראקטער, און אין 1877, ווען מאלאטעסטא, קאפיערא, סטעפניאק און נאך אייניגע גענאסען האבען זיך גענומען צו דער פראפאגאנדא דער טהאט, האט זייער טהעטיגקייט געהאט א קאלעקטיווען און ניט קיין אינדיווידועלען כאראקטער. מען האט ארגאניזירט אן אויפשטאנד אין דער פראווינץ בענעווענטא, פערברענט די ארכיווען פון לעטינא און סט. גאלא, צו טהיילט דאס געלד פון דער שטאדט צווישען די בויערן און זיי געגעבען וואפען, אום פארטצוזעצען דעם אויפשטאנד.

אין 1878 האבען שטאטגעפונען צאהלרייכע אטענטאטען אין פערשידענע לענדער. פאזאנאנטע האט פערזוכט צו ערמארדען דעם קעניג פון איטאליען; מאנקאסי האט געשאסען אויף דעם קעניג פון שפאניען און אין דייטשלאנד האבען שטאטגעפונען די אטענטאטען פון הערעל און נאבילינג אויף קייזער ווילהעלם דעם 1טען. דיזע פאסירונגען האבען געמאכט, אז די אנארכיסטען האבען זיך מעהר בעשעפטיגט מיט דעם ווערטה און דער בעדייטונג פון אינדיווידועלע טהאטען, און פון דאמאלסט אן הויבט זיך אן די אינדיווידועלע פראפאגאנדא דער טהאט. אין 1878 האט קראפאטקין גערעדט וועגען דיזער פראגע אויף דעם רעוואלוציאנערען קאנגרעס פון שארע פאן. אויף דעם אינטערנאציאנאלען אנארכיסטישען קאנגרעס, וועלכער האט שטאטגעפונען אין 1881 אין לאנדאן, האט דיזע פראגע פערנומען א ברייטען פלאץ אין דער דיסקוסיאן. קראפאטקין האט אין דערזעלבער צייט ערקלעהרט די בעדייטונג פון אינדיווידועלע טהאטען פאר דער רעוואלוציאנערער בעוועגונג אין א גלענצענדע ארטיקעלסעריע „דער רעוואלוציאנערער גייסט”. כמעט אין אלע לענדער

האָבען זיך געפֿונען ענטשלאָסענע מענער, וועלכע האָבען פֿער־זוכט צו ווירקען אויף די מאַסען דורך מוטהיגע טהאַטען. אין ליאָן האָט שטאַטגעפֿונען די באָמבען־עקספּלאָזיאָן אין דעם טהעאַטער בעלקור, וועלכע האָט אַרויסגערופֿען שרעקליכע פֿערפֿאָל־גונגען געגען די אַנאַרכיסטען; אין דייטשלאַנד האָט אויגוסט ריינסדאָרף פֿערזוכט צו בעגעהען זיין געוואַלטיגען אַטענטאַט אויף אַלע פֿערזאַמעלטע דייטשע פֿירסטען. אויסערדעם האָבען שטאַטגעפֿונען צאָהלרייכע אינדיווידועלע טהאַטען אין שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און איטאַליען, ביז וואַנען דיזע פֿאַזע פֿון דער אַנאַר־כיסטישער בעוועגונג האָט עררייכט דעם העכסטען גראַד פֿון איהר ענטוויקלונג אין דער פּעריאָדע פֿון ראַוואַשאָל ביז קאַזעריאָ.





# דער 1טער מאי 1891 און די אנארכיסטען פֿון קלישי־לעוואלוא.

אין 1889 האָט די פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע געפֿייערט דעם הונדערט יעהריגען יובילעאום פֿון דער גרויסער רעוואָלוציאָן דורך אַ גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע וועלט־אויסשטעלונג. אָבער אויך די סאָציאַליסטען האָבען זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און האָבען פֿעררופֿען צוויי אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען אין דיזען יאָהר, וועלכע האָבען ביידע שטאַטגעפֿונען אין פּאַריז. ביידע קאָנגרעסען האָבען בעשלאָסען צו בעטראַכטען דעם 1־טען מאַי אַלס אַ טאָג פֿון אינטערנאַציאָנאַלער פֿערברידערונג צווישען די אַרבייטער פֿון אַלע לענדער, אַ טאָג פֿון אַלגעמיינער סאָלידאַריטעט, וועלכער זאָל געפֿייערט ווערן דורך אַן אַלגעמיינעם סטרייק אין אַלע לענדער. דיזער בעשלוס איז אויפֿגענומען געוואָרען פֿון די אַרבייטער מיט אַ געוואַלדיגער בעגייסטערונג, און באַלד נאָך דעם קאָנגרעס האָט מען זיך גענומען צו דער אַרבייט, אום צו אַגיטירען פֿאַר די אויספֿיהרונג פֿון דער ערשטער מאַי־פֿייער. לײדער איז דער אינטערנאַציאָנאַלער כאַראַקטער און די אייגענטליכע בעדייטונג פֿון׳ם 1־טען מאַי באַלד צושטערט געוואָרען, דורך דעם געגען־בעשלוס פֿון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די פֿיהרער פֿון דיזער פּאַרטיי האָבען געציטערט פֿאַר די קאָנזעקווענצען פֿון דעם פּאַריזער בעשלוס, און דערפֿאַר זיינען זיי זיך צוזאַמענגעקומען אין האַלע, קורץ פֿאַר׳ן ערשטען מאַי און האָבען בעשלאָסען, אַז די דייטשע אַרבייטער זאָלען פֿייערן דעם ערשטען זונטאָג אין מאַי.

אָבער אין די ראָמאַנישע לענדער האָט דער ערשטער מאַ

באַלד אָנגענומען אַ רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער. פֿאַר דעם ראַדיקאַלען פֿליגעל פֿון דער ראָמאַנישער אַרבייטער־בעוועגונג אי דער ערשטער מאַי ניט געווען אַ מאַניפֿעסטאַציאָן פֿאַר אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־שוץ־געזעצע און אַ געזעצליכען אַכט שטונדען אַרבייטס־טאָג, נייז, זיי האָבען בעטראַכט דעם ערשטען מאַי אַלס אַ סימבאָל פֿון דעם אינטערנאַציאָנאַלען גענעראַל־סטרייק, אַלס דעם אָנזאָגער פֿון דעם לעצטען ענטשיידענדען קאַמפּף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט. דורך דעם ערשטען מאַי־פֿייער האָט מען ד גרויסע מאַסען געוואָלט צייגען, אַז זיי זיינען די אייגענטליכע הערען אין דער געזעלשאַפֿט, דער שאַפֿענדער עלעמענט, וועלכער האַלט אויף די גאַנצע וועלט; מען האָט זיי געוואָלט געבען אַ פּראַקטישען בעוויז, אַז זיי האַלטען זייער שיקזאַל אין זייערע אייגענע הענד, און אַז אין דעם אויגענבליק, ווען די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער וועלען זיך ענטזאַגען צו פּראָדוצירען רייכטהימער פֿאַר זייערע עקספּלאָאַטאַטאָרס, אין דעם אויגענבליק, ווען זיי וועלע אָבשטעלען די גאַנצע אינדוסטריע, יעדע קאָמערציעלע טהעטיגקייט, אַלע פֿערבינדונגען, וועט די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט מוזען אונטערגעהן טראָץ איהרע געזעצע, איהרע פּאָליציסטען און איהרע זעלנער.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז די אַנאַרכיסטען האָבען גענומען דעם ערשטען אַנטהייל אין דער נייער בעוועגונג, און איבעראַל, וואו זיי האָבען אַגיטירט און געהאַנדעלט, האָט דער ערשטער מאַי בעקומען אַ רעוואָלוציאָנערען און סאָציאַליסטישען כאַראַקטער. אין 1890 האָט די פֿראַנצויזישע פּאָליציי אַרעסטירט אין פּאַריז די אַנאַרכיסטען מאַלאַטאָ, מערלינאָ און לואיזע מישעל וועגען זייער פּראָפּאַגאַנדאַ אַם 1־טען מאַי. אין שפּאַניען און איטאַליען האָבען שטאַטגעפֿונען בלוטיגע צוזאַמענשטויסע צווישען די סטרייקענדע אַרבייטער און דער בעוואַפֿענטער מאַכט, און אין צאָהלרייכע שטעדט אין די פֿראַנצויזישע פּראָווינצען זיינען פֿאָרגעקומען ערנליכע פּאַסירונגען.

אין פֿראַנקרייך האָט זיך די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג שטאַרק ענטוויקעלט אין דיזער צייט. אַ מאַסע בראָשורען זיינען פֿערשפּרייט

געוואָרען צווישען די אַרבייטער און וואו עס האָט זיך נאָר געמאַכט אַ געלעגענהייט, זיינען די פֿראַנצויזישע אַנאַרכיסטען געווען אויף'ן פּלאַץ, אום צו אַרבייטען פֿאַר זייערע אידעען. זיי זיינען געווען די ערשטע, וועלכע האָבען אָנגעפֿיהרט די אַנטימיליטאַריסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ אין פֿראַנקרייך. זיי האָבען פֿערשפּרייט טויזענדער פֿלוג־שריפֿטען צווישען די סאָלדאַטען, און ווען די יונגע לייט זיינען געשטאַנען צום פּריזיוו האָבען זיי געווירקט דורך וואָרט און שריפֿט, אום זיי אויפֿצוקלעהרען וועגען דער טרויעריגער ראָלע, וועלכע זיי געהען שפּיעלען אַלס די פֿערטהיידיגער פֿון אַ זאָגענאַנטען פֿאַטערלאַנד, וואָס עקזיסטירט נאָר פֿאַר די אינטערעסען פֿון די רייכע, און אין וועלכען די אַרבייטער זיינען ניט מעהר ווי די שטיעף־קינדער פֿון דער געזעלשאַפֿט.

צאָהלרייכע אַנאַרכיסטישע צייטונגען זיינען געגרינדעט געוואָרען אין דיזער מערקווירדיגער פּעריאָדע. ד. ה. צו ענדע די 80־גער און אָנפֿאַנג די 90־גער יאָהרען. „לאַ רעוואָלט" איז געווען דער טהעאָרעטישער אָרגאַן פֿון דעם אַנאַרכיזמוס אין פֿראַנקרייך, און אונטער דער אויסגעצייכענטער רעדאַקציאָן פֿון זשאַן גראַוו און דער מיטאַרבייטערשאַפֿט פֿון קראָפּאָטקין, רעקלו און אַנדערע בעדייטענדע שריפֿטשטעלער האָט די צייטונג אויפֿגעטהאָן אַ געוואַלטיגע אַרבייט פֿאַר די פֿערשפּרייטונג פֿון'ם אַנאַרכיסטישען געדאַנק צווישען דער פֿראַנצויזישער בעפֿעלקערונג. אויסער דעם האָבען נאָך עקזיסטירט די „אידעע אוּוריער" (אַרבייטער־אידעע), דער „סאַ איראַ" (ס'ועט געהן), די ביידע אַנאַרכיסטישע געווערקשאַפֿטס־בלעטער „לע רעפּלאַר" און „לע פּאָט־אַ־קאָל", „ל'אַן־דע־האָר", אַן אויסגעצייכענטע אַנאַרכיסטישע צייטשריפֿט אונטער דער רעדאַקציאָן פֿון זאָ ד'אַקסאַ, אין וועלכער די בעדייטענדסטע פֿראַנצויזישע שריפֿטשטעלער ווי צ. ב. ש. אָקטאַוו מירבאָ, פּאָל אַדאַם, האַמאָן, טאַבאַראַן, בערנאַרד לאַזאַר, שאַרל אַלבער און פֿיעלע אַנדערע האָבען מיטגעאַרבייט. נאָר די מערקווירדיגסטע און אָריגינעלסטע אַנאַרכיסטישע צייטונג אין יענער פּעריאָדע איז געווען דער „פּער פּענאַר". די צייטונג איז געווען געשריבען אין דער שפּראַכע פֿון די פּאַריזער אַרבייטער. זי האָט זיך זעהר

ווייניג בעשעפֿטיגט מיט טהעאָרעטישע פֿראַגען, זאָנדערן מיט די פּראַקטישע ערשיינונגען און פּאַסירונגען פֿון לעבען. און אין דיזער בעציהונג איז זי געווען אונאיבערטרעפֿליך. די ביטערסטע סאַטירע, דער בייסענדער שפּאָט, דער שטענדיגער אַפּיל אָן די רעוואָלוציאָנערעליידענשאַפֿטען און אינסטינקטען פֿון דער ברייטער מאַסע זיינען געווען איהרע הויפּט־וואַפֿען אין דעם קאַמפּף געגען די סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. די וויציגע שפּראַכע איז געווען אַזוי אָריגינעל, דאָס זאָגאַר אַזאַ בעדייטענדער שפּראַך־פֿאָרשער, ווי דער פּראָפֿעסאָר לאַגאַסע אין זיינע אונטערזוכונגען איבער דעם פּאַריזער גאַסען־דיאַלעקט, דעם זאָגענאַנטען אַרגאָ, האָט דעם „פּער פּענאַר" פֿאָרגעשטעלט אַלס די אָריגינעלסטע צייטונג אין דיזער בעציהונג. אָבער דער „פּער פּענאַר" האָט ניט נאָר געווירקט דורך דאָס געשריבענע וואָרט אויף זיינע לעזער, זאָנדערן אויך דורך בילדער און אילוסטראַציאָנען, ער האָט איינגעפֿיהרט די אַנאַרכיסטישע קאַריקאַטור אין אונזער פּרעסע און בעדייטענדע קינסטלער ווי סטיינלען, ווילקע, לוס און אַנדערע האָבען בעלאַנגט צו זיינע שטענדיגע מיטאַרבייטער. די שפּראַכע פֿון דער צייטונג איז געווען זעהר רעוואָלוציאָנער, און זיינע צאָהלרייכע פֿעראַנטוואָרטליכע רעדאַקטערע זיינען פֿערפֿאָלגט געוואָרען אויף דעם ערגסטען אופֿן. כמעט אַלע צוויי וואָכען האָט דער „פּער פּענאַר" געהאַט זיין פּראָצעס, אָבער דיזע שטענדיגע פֿערפֿאָלגונגען און די גרויסאַרטיגע פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע די אָנגעקלאָגטע גענאָסען האָבען געמאַכט פֿאַר'ן געריכט האָבען זעהר פֿיעל מיטגעהאָלפֿען צו פֿערמעהרען די לעזער און צו פֿערגרעסערן דעם פֿאָרמאַט פֿון דער צייטונג. צולעצט איז דער „פּער פּענאַר" געווען די פּאָפּולערסטע אַרבייטער־צייטונג אין גאַנץ פֿראַנקרייך, און ווען די רעגירונג האָט געזעהן, אַז קיין זאַך העלפֿט ניט, איז זי ווייכער געוואָרען און האָט זיך אָפֿטמאָל געמאַכט ניט זעהענדיג.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז דער „פּער פּענאַר" איז געווען אַ פֿייעריגער פֿערטהיידיגער פֿון דער פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, און אונטער דיזען וואָרט האָט ער ניט נאָר פֿערשטאַנען פּערזענליכע

אַטענטאַטען געגען דאָס לעבען פֿון בעשטימטע פּערזאָנען, זאָנדערן אַלע האַנדלונגען, וועלכע זיינען אימשטאַנדע אַרויסצורופֿען די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט אויף די אַנאַרכיסטישע אידעען און אַנשויאונגען. דורך זיין איניציאַטיווע האָט זיך צ. ב. ש. געגרינדעט די „ליג דעם אַנטי־פּראָפּריעטער", אַ שטאַרקע אַנאַרכיסטישע פֿעראיינינונג, וועלכע האָט אָנגעפֿיהרט אַ ביטערן קאַמפּף געגען די לענדלאָרדס. דער הויפּט־פּרינציפּ פֿון דיזער געזעלשאַפֿט איז געווען: ניט צו בעצאָהלען קיין רענט. ווען אַ פֿאַמיליע האָט אָבגעוואוינט פֿאַר דריי אָדער זעקס מאָנאַט צייט, ניט בעצאָהלענדיג קיין רענט, זיינען פּלוצלונג געקומען אַ גרעסערע צאָהל אַקטיווע גענאָסען, האָבען אַרויסגעשלעפּט די מעבעל פֿון הויז און זיינען זיך אַוועקגעפֿאָהרען, זינגענדיג רעוואָלוציאָנערע ליעדער און פֿערשפּרייטענדיג אַנאַרכיסטישע פֿלוגשריפֿטען צווישען די מענשען וואָס האָבען זיך צונויפֿגעקליבען, אום צו זעהען דאָס מערקווירדיגע שוישפּיעל.

דער „פּער פּענאַר" האָט שטענדיג אויסגעפֿונען נייע מיטלען, אום אויף דיזע אַרט און וויזע דורך די פּראַקטישע טהאַט צו אַגיטירען צווישען די מאַסען. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דיזע פּראָפּאַגאַנדאַ האָט שטענדיג אַרויסגערופֿען נייע פֿערפֿאָלגונגען. הונדערטער גענאָסען זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צו גרעסערע אָדער קלענערע שטראָפֿען, און צווישען די ריכטער, וועלכע האָבען אָנגעפֿיהרט די פּראָצעסען האָבען זיך הויפּטזעכליך צוויי מענער אויסגעצייכענט דורך זייער האַס געגען די אַנאַרכיסטען, די הערען בענאָאַ און בילאָ. די גרויזאַמע פֿעראורטהיילונגען פֿון ביידע אָרדנונגס־היטער האָבען ביסלעכוויז אַרויסגערופֿען אַ ביטערן האַס געגען זיי אין דעם לאַגער פֿון די רעוואָלוציאָנערען, און ווען ראַוואַשאָל האָט שפּעטער בעגאַנגען זיינע אַטענטאַטען געגען זיי, האָט זיך קיינער ניט פֿערוואונדערט, נאָר מען האָט עס בעטראַכטעט אַלס אַ זעלבסטפֿערשטענדליכע זאַך.

אַם 28טען אויגוסט האָט שטאַטגעפֿונען אַ פּראָצעס געגען די אַנאַרכיסטען דאַרדאַר, דעקאַן און לעוואַיע, אין וועלכען בילאָ און בענאָאַ האָבען געשפּיעלט די נידעריגסטע ראָלע, וואָס מען קען זיך

פֿאַרשטעלען. די אורזאַכע פֿון דעם פּראָצעס איז געווען פֿאָל־גענדע: אַם 1טען מאַי 1891 האָבען די אַנאַרכיסטען פֿון קלישי־לעוואַלואַ געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציאָן, אָבוואָהל די רעגירונג האָט אויסדריקליך פֿערבאָטען יעדע עפֿענטליכע דעמאָנסטראַציאָן. אין דיזען יאָהר האָט די רעגירונג איבערהויפּט געמאַכט די גרעסטע אָנשטריינגונגען צו אונטערדריקען די ערשטע מאַי־בעוועגונג, און דערפֿאַר האָבען שטאַטגעפֿונען בלוטיגע קאַטאַסטראָפֿען אין פֿיעלע שטעדט פֿון פֿראַנקרייך. אין פֿורמיע האָבען די זעלנער געשאָסען אויף דעמאָנסטרירענדע אַרבייטער. ניין מענשען זיינען געטויטעט געוואָרען דורך דיזע שענדליכע מערדעריי, די מייסטע פֿון זיי זיינען געווען פֿרויען און קינדער. עהנליכע פֿאַפּירונגען האָבען שטאַטגעפֿונען ין אַנדערע שטעדט, גליקליכערווייזע ניט אַזוי בלוטיג ווי אין פֿורמיע.

אויף דעם „פּלאַס דע לאַ רעפּובליק" אין לעוואַלואַ־פּערע האָבען זיך פֿערזאַמעלט אַם 1טען מאַי 1891 ביז 25 מענשען. דורך די איניציאַטיווע פֿון איינינע אַנאַרכיסטען האָט זיך באַלד פֿאָרמירט אַ קליינע דעמאָנסטראַציאָן, און די דעמאָנסטראַנטען האָבען בעשלאָסען צו מאַרשירען קיין קלישי. אַ פֿרוי מיט אַ רויטע פֿאָהן אין האַנד האָט מאַרשירט אָן דער שפּיצע. די דעמאָנ־סטראַנטען האָבען שוין געהאַט אָבמאַרשירט אַ גוטע שטיק וועג, ווען דער פּאָליציי־קאָמיסאַר גואים און איינינע פּאָליציסטען האָבען זיי ענדליך אָנגעיאָגט ניט וויט פֿון אַ קליינעם וויין־שענק. איינער פֿון די פּאָליציסטען האָט געוואָלט צונעהמען די רויטע פֿאָהן און די אַנדערע האָבען באַלד אָנגעהויבען צו אַטאַקירען די דעמאָנ־סטראַנטען אויף דעם ברוטאַלסטען אופּן. אין דיזען מאָמענט האָבען די אַנאַרכיסטען אַרויסגענומען זייערע רעוואָלווערס און האָבען געשאָסען אויף זייערע אָנגרייפֿער. עס איז ענטשטאַנען אַ גאַנצע שלאַכט. נאָר פּלוצלונג זיינען ערשינען איינינע זשאַנדאַר־מען, וועלכע האָבען באַלד אָנגעפֿאַנגען צו שיסען אויף דער מאַסע. אַלע זיינען זיך צולאָפֿען, נאָר דריי מענער זיינען געבליבען שטעהן אויף'ן פּלאַץ און האָבען אַליין פֿאָרטגעזעצט דעם קאַמפּף מיט אַ העלדישער ענטשלאָסענהייט. דריי פּאָליציסטען זיינען פֿערוואונ־

דעט געוואָרען; אָבער אויך די בראַוע פֿערטהיידיגער זיינען מעהר אָדער ווייניגער שווער פֿערוואונדעט געוואָרען; צולעצט האָט מען זיי אַרעסטירט. אין געפֿענגניס האָט מען די וועהרלאָזע געפֿאַנגענע שרעקליך מיסהאַנדעלט און אַם 28טען אויגוסט 1891 האָט מען זיי געשטעלט פֿאַר'ן געריכט. די נעמען פֿון דיזע דריי מענער זיינען געוועזן דאַרדאַר, דעקאַן און לעוואַיע. אַלע דריי האָבען ערקלעהרט, אַז זיי זיינען אַנאַרכיסטען, און אַז זיי האָבען געשאָסען אויף זייערע אָנגרייפֿער, אום צו פֿערטהיידיגען זייערע לעבענס.
די גאַנצע עפֿענטליכע מיינונג איז געוועזן אויף דער זייט פֿון די אָנגעקלאָגטע, דען נאָך די בלוטיגע ערייגניסע אין פֿורמיע זיינען אַלע איבערצייגט געוועזן, אַז די פּאָליציי איז אַליין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר אַלע פּאַסירונגען, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אַם 1טען מאַי. אָבער דער גענעראַל־פּראָקורער בילאָ און דער געריכטס־פּרעזידענט בענאָאַ האָבען ניט געקוקט אויף דיזע שטימונג פֿון דער עפֿענטליכער מיינונג, זיי האָבען נאָר איין זאַך געוואוסט: די אָנגעקלאָגטע זיינען אַנאַרכיסטען, פֿאָלגליך דאַרף מען זיי פֿעראורטהיילען.

די דריי אַנאַרכיסטען האָבען קיין זאַך ניט אָבגעלייקענט. דעקאַן האָט ערקלעהרט:

„איך האָב געוואָלט ראַטעווען מיין לעבען און פֿערטהיידיגען מיין פֿרייהייט געגען אייערע אָנגע'שכור'טע פּאָליציסטען. איך האָב פֿיער קינדער אין דערהיים, וועלכע בעטען ברויט פֿון מיר... נאָר פֿון דעסטוועגען מעגט איהר מיך גיליאָטינירען. איך וויל בעסער שטאַרבען, איידער צו שמאַכטען אין אייערע געפֿענגניסע און קערקערס. איהר ווילט מיין קאָפּ, איך וועל וויסען צו שטאַרבען אַלס אַן עהרליכער מאַן. פֿערטהיידיגען וועל איך מיך ניט. מיין לעצטער רוף וועט זיין: עס לעבע די אַנאַרכיע! עס מאַכט ווייניג אויס צו דיזער אָדער יענער געזעצע וועט פֿאַלען אין קאַמפּף, דער טריאומפּף פֿון דער אַנאַרכיע איז דאָך אונפֿערמיידליך!"

די פּאָליציסטען האָבען ערקלעהרט, אַז דעקאַן האָט אויסגעשאָסען אַלע קוילען פֿון זיין רעוואָלווער און נאָכדעם האָט ער

זיך פֿערטהיידיגט מיט אַ מעסער. דעקאַן האָט עס צוגעגעבען.

דאַרדאַר האָט אָבגעגעבען אַן עהנליכע ערקלעהרונג, אויך לעוואַיע האָט זיך גוט פֿערטהיידיגט, אָבוואָהל די ביידע ערשטע זיינען אַם שווערסטען קאָמפּראָמיטירט געוועןָ.

די גאַנצע פֿערהאַנדלונג האָט געמאַכט אַ מערקווירדיגען איינדרוק אויף דאָס פּובליקום. די מוטהיגע שטעלונג פֿון די אָנגעקלאָגטע, וועלכע זיינען אַלע געוועזען איינפֿאַכע אַרבייטער, האָט אַרויסגערופֿען די סימפּאַטהיע פֿון אַלעמען. אָבער דער פּראָקוראָר בילאָ האָט געפֿאָדערט אַ שטריינגע בעשטראָפֿונג. ער האָט אויסגעגאָסען די ערגסטע בעליידיגונג אויף די אַנאַרכיסטען און ערקלעהרט, אַז דיזע בעוועגונג איז ניט מעהר און ניט וויי־ניגער ווי אַ געזעלשאַפֿט פֿון פֿערברעכער, געגען וועלכע די געזעלשאַפֿט דאַרף אָנווענדען אַלע מיטלען זיך צו פֿערטהיידיגען.

דער פּראָצעס האָט זיך געענדיגט מיט דער פֿעראורטהיילונג פֿון דעקאַן און דאַרדאַר. דעקאַן האָט בעקומען פֿינף און דאַרדאַר דריי יאָהר קערקער. לעוואַיע איז בעפֿרייט געוואָרען. די אָנגע־קלאָגטע האָבען בעגריסט דעם אורטהייל מיט דעם רוף: „נידער מיט די היינקער! עס לעבע די אַנאַרכיע!"

דיזער אורטהייל האָט אַרויסגערופֿען אַ געוואַלדיגע אויפֿרע־גונג צווישען די פֿראַנצויזישע אַנאַרכיסטען, וועלכע האָט באַלד געפֿונען איהר אויסדרוק אין די אַטענטאַטען פֿון ראַוואַשאָל.

דער פּראָצעס געגען די אַנאַרכיסטען פֿון קלישי־לעוואַלואַ איז געוועזען די איינלייטונג פֿון דער טעראָריסטישער פּעריאָדע אין פֿראַנקרייך.





# ראוואשאל׳ם אטענטאטען.

די בלוטיגע פּאַסירונגען, וועלכע האָבען שטאַטגעפונען אַם 1־טען מאַי 1891 אין פערשידענע טהיילען פון פראַנקרייך, האָבען אַרויסגערופען אַ געוואַלטיגע אויפרעגונג צווישען דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער בעפעלקערונג פון דיזען לאַנד. די סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט אַטאַקירט די מערדער פון פורמיע אויף דעם ביטערסטען אופן און דיזע אַטאַקען האָבען זאָגאַר געפונען אַן אָבקלאַנג אין די ראַדיקאַלע בירגערליכע צייטונגען.

דיזע אַלגעמיינע שטימונג איז נאָך ביטערער געוואָרען דורך דעם פּראָצעס געגען די אַנאַרכיסטען דעקאַן, דאַרדאַר און לעוואַיע און דורך די שענדליכע שטעלונג פון די ביידע יוסטיץ־מערדער בילאָ און בענאָאַ. אין סען־דני און סענט אואַן, ד. ה. אין דעם בעצירק, וואו די פעראורטהיילטע אַנאַרכיסטען האָבען פריהער געוואוינט, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטורמדיגע פּראָטעסט־בעוועגונג. אין די פערזאַמלונגען האָט מען געהערט דראָהענדע רעדען געגען דעם גענעראַל־פּראָקוראָר און דעם געריכטס־פּרעזידענט. אַלע זיינען איבערצייגט געווען, אַז דער אורטהייל איז געווען אַ שענדליכער קלאַסען־אורטהייל אין פולען זין פון וואָרט; אַלע האָבען געוואוסט, אַז דער גאַנצער פּראָצעס געגען די אַנאַרכיסטען פון קלישי־לעוואַלואַ, איז ניט מעהר געווען ווי אַ קאָמעדיע, אַז דיזע מענער זיינען שוין פערורטהיילט געווען, נאָך איידער דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעפאַנגען, און דיזע איבערצייגונג האָט אַרויסגערופען אַ לייִדענשאַפטליכען האַס צווישען די רעוואָלוציאָנערען און הויפּטזעכליך צווישען די אַנאַרכיסטען. די נעמען פון דעקאַן און דאַרדאַר זיינען פלוצלונג געוואָרען אַזוי פּאָפּולער און

אַלגעמיין בעקאַנט, אַז זיי האָבען געשפּיעלט די הויפּט־ראָלע אין אַלע עפֿענטליכע געשפּרעכען, איבעראַל האָט מען גערעדט פֿון זיי און פֿון זייער מוטהיגער שטעלונג פֿאַר'ן געריכט.

אין דערזעלבער צייט האָט מען פֿערשפּרייט טויזענדער מאַ־ניפֿעסטען און פֿלוג־שריפֿטען, אין וועלכע מען האָט אָנגעזאָגט, אַז מען וועט זיך אָברעכענען מיט די ביידע היינקער בילאָ און בענאָאַ, און דיזע ערקלעהרונגען זיינען איבעראַל אויפֿגענומען געוואָרען מיט סימפּאַטהיע און בעפֿרידיגונג. אָבער צווישען ווער־טער און טהאַטען איז נאָך אַ געוואַלטיגער אונטערשייד, און דערפֿאַר האָט די רעגירונג געגלויבט, אַז די פּראָטעסט־בעוועגונג וועט זיך בּיסלעכוויז איינשטילען פֿון זיך אַליין, די אַלגעמיינע אויפֿרעגונג וועט זיך אָבקיהלען, און אַלעס וועט ווידער אָנגעהן ווי בעפֿאָר.

אָבער דיזע ערוואַרטונג איז פּלוצלונג איין פֿאַר אַלע מאָל צושטערט געוואָרען. אַם 14־טען מערץ 1892 האָט שטאַטגע־פֿונען אַ דינאַמיט־עקספּלאָזיאָן אין דעם הויז פֿון דעם געריכטס־פּרעזידענט בענאָאַ אויף דעם בולוואַר סענט זשערמען. קיין מענ־שען זיינען ניט פֿערוואונדעט געוואָרען, בענאָאַ אַליין איז גאָר ניט געוועזען אין דער היים ווען די עקספּלאָזיאָן האָט שטאַטגעפֿו־נען, אָבער טראָץ דעם איז דער איינדרוק פֿון דיזער טהאַט געוועזען אַ געוואַלטיגער. מען האָט באַלד פֿערשטאַנען די אורזאַכע פֿון דעם אַטענטאַט, און די פּאָליציי האָט זיך איבעראַל גענומען צו דער אַרבייט, אום אויסצוגעפֿינען דעם אַטענטעטער. אָבער אַם 27־טען מערץ האָט שטאַטגעפֿונען אַ צווייטע דינאַמיט־עקספּלאָזיאָן אין דער רי דע קלישי, אין דעם הויז פֿון דעם גענעראַל־פּראָקוראָר בילאָ. אייניגע מענשען זיינען פֿערוואונדעט געוואָרען, נאָר דער פּראָקוראָר אַליין האָט ניט געליטען פֿון דעם אַטענטאַט.

גאַנץ פּאַריז איז יעצט געווען אין אַ פֿיבערהאַפֿטע אויפֿ־רעגונג. איבעראַל האָט מען גערעדט פֿון די אַטענטאַטען און די אַנאַרכיסטען. די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט געוויינט און גע־קלאָגט, אַז די געהיימע פּאָליציי איז צו שוואַך, אַנדערע בלעטער

האָבען דירעקט אַטאַקירט דעם פּרעפֿעקט פֿון פּאַריז, דערפֿאַר וואָס ער איז איןביידע פֿעלע ניט אימשטאַנדע געווען אויסצוגעפֿינען דעם „פֿערברעכער.“

אין דערזעלבער צייט האָט די אַנאַרכיסטישע פּרעסע אָנגענומען אַ דראָהענדע שפּראַכע און דער „פּער פּענאַר“ האָט עפֿענטליך אויסגעדריקט זיין סימפּאַטהיע צו דעם אָדער די אונבעקאַנטע אַטענטעטער.

אין דער רעוואָלוציאָנערער וועלט האָבען די ביידע אַטענטאַטען אַרויסגערופֿען די גרעסטע סימפּאַטהיע. אין דעם פּראָצעס געגען די אַנאַרכיסטען פֿון קלישי־לעוואַלוא האָט דער פּראָקוראָר בילאָ געפֿאָדערט די קעפּ פֿון צוויי מענער, וועלכע זיינען געווען פֿאָטערס פֿון קליינע קינדער, און וועלכע האָבען קיין אַנדער פֿערברעכען ניט בעגאַנגען ווי זיך צו פֿערטהיידיגען געגען די ברוטאַלע אַטאַקען פֿון אָנגע׳שכור׳טע פּאָליציסטען. און דאָך האָט בילאָ געפֿאָדערט דעם טויטעס־אורטהייל פֿאַר דעקאַן און דאַרדאַר, דערזעלבער בילאָ, וועלכער האָט ניט לאַנג צוריק געשפּיעלט אַזאַ טרויעריגע ראָלע אין דעם פּראָצעס געגען מאַלאַטאָ און זיינע גענאָסען. עס איז וואַהר, אַז די געשוואָרענע האָבען ניט ערפֿילט דעם וואונש פֿון דעם היינקער, אָבער דאָס איז זיכער ניט געווען זיין שולד.

אָט דערפֿאַר האָט מען די אַטענטאַטען בעטראַכטעט אַלס אַ זעלבסטפֿערשטענדליכע ערשיינונג, אַלס די לאָגישע רעזולטאַטען פֿון אַ ברוטאַלער און געוויסענלאָזער האַנדלונג, וועלכע איז ניט בעסער געוואָרען דורך דעם וואָס זי האָט זיך בעהאַלטען אונטער דעם מאַנטעל פֿון געזעץ און אָרדנונג.

אָבער דאָס וואָס עס האָט אַם מייסטען פֿערדראָסען די פֿראַנצויזישע אָרדנונגס־היטער, איז געווען דער פֿאַקט, אַז זיי זיינען ניט אימשטאַנדע געווען אויסצוגעפֿינען די אייגענטליכע פֿעראורזאַכער פֿון די אַטענטאַטען. באַלד נאָך דעם פּראָצעס פֿון דעקאַן און זיינע גענאָסען האָט מען געמאַכט דעם פֿערזוך צו דינאַמיטירען די פּאָליציי־סטאַציאָן פֿון קלישי, וואו די דריי ארעסטירטע אַנאַרכיסטען זיינען אַזוי אונמענשליך מיסהאַנדעלט

געוואָרען נאָך זייער אַרעסטירונג. דאַן האָט שטאַטגעפונען דער
אַטענטאַט אויף דעם געריכטס־פּרעזידענט בענאַא, די באָמבען־
עקספּלאָזיאָן לעבען דער קאַזאַרמע לאָבאָ און דער אַטענטאַט
אויף דעם פּראָקוראָר בילאָ. די פּאָליציי האָט פערשטאַנען, אַז
דאָס איז די אַרבייט פון דיזעלבע הענד. הונדערטער אַנאַרכיס־
טען און אַנדערע פּערזאָנען זיינען אַרעסטירט געוואָרען, און ווען
מען האָט צולעצט דאָך אויסגעפונען די אייגענטליכע פעראור־
זאַכער פון די עקספּלאָזיאָנען, איז עס ניט געווען צוליעב דער
שאַרפזיניגקייט פון די פּאַריזער פּאָליציסטען.

אַם זעלבען טאָג, ווען עס האָט שטאַטגעפונען די באָמבען־
עקספּלאָזיאָן אין דעם הויז פון דעם פּראָקוראָר בילאָ, אָדער
בעסער געזאָגט אַ קורצע צייט נאָך דעם אַטענטאַט איז פּלוצלונג
ע־שינען אין דעם רעסטאָראַן ווערי אויף דעם בולוואַר מאַזשענ־
טאַ אַן אונבעקאַנטער מאַן און האָט געבעטען עסען. ביי דיזער
געלעגענהייט האָט זיך ענטוויקעלט אַ געשפּרעך צווישען דעם
קעלנער להעראָ און דעם אונבעקאַנטען גאַסט, וועלכער האָט
באַלד אָנגענומען אַ מערקווירדיגען כאַראַקטער. להעראָ איז נאָך
געווען אַ יונגער מאַן, און ווען דער אונבעקאַנטער האָט איהם
געפרעגט, צו ער איז שוין געווען סאָלדאַט, האָט ער איהם
געענטפערט, אַז ער דאַרף באַלד שטעהען צום פּריזיוו. דער
אונבעקאַנטער האָט יעצט אָנגעהויבען צו ריידען איבער די
שענדליכקייטען פון'ם מיליטאַריזמוס, ער האָט פערזוכט צו ער־
קלעהרען דעם יונגען מאַן די אייגענטליכע בעדייטונג און דעם
צוועק פון דיזער אינסטיטוציאָן און האָט איהם געזאָגט, אַז פאַר
די אַרבייטער איז ניט דאָ קיין פאָטערלאַנד, פאָלגליך האָבען זיי
קיין זאַך ניט צו פערטהיידיגען. פון דעם מיליטאַריזמוס איז מען
איבערגעגאַנגען אויף די געזעלשאַפטליכע צושטענדע אין אַלגע־
מיין, און דער גאַסט האָט צולעצט להעראָ'ן אויפגעפאָדערט צו
לעזען די אַנאַרכיסטישע צייטונגען, אויב ער וויל זיך מאַכען אַ
ריכטיגע פאָרשטעלונג פון די סאָציאַלע איבלען און זייערע אור־
זאַכען. בּיסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבען צו ריידען פון די
לעצטע אַטענטאַטען, און דער פרעמדער האָט ערקלעהרט, אַז

ער איז פֿאָלקאָמען איינפֿערשטאַנדען מיט דיזע טהאַטען און האָט פֿערזוכט צו ערקלעהרען זייערע אורזאַכען.

נאָר ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעצייגט האָט דיזער געשפּרעך ניט געמאַכט קיין טיעפֿען איינדרוק אויף דעם קעלנער. ער האָט זיך רוהיג צוגעהערט צו די ווערטער פֿון דעם פֿרעמדען און בעאָבאַכטעט זיינע בעוועגונגען און פּלוצלונג איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער האָט דיזען מאַן שוין וועןעס איז געזעהן. ביסלעכוויז האָט ער זיך אויך דערמאָנט אין די איינצעלהייטען. די פֿראַנצויזישע פּרעסע האָט אין דער לעצטער צייט פֿערעפֿענטליכט דעם פּאָרטרעט פֿון אַ געפֿעהרליכען „אַנאַרכיסטישען פֿערברעכער" און להערא האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר איבערצייגט, אַז דער גאַסט און קיין אַנדערער איז דער מאַן, וועלכען די פּאָליציי זוכט אויסצוגעפֿינען מיט אַלע מעגליכקייטען. ווי באַלד עס האָט זיך געמאַכט אַ פּאַסענדע געלעגענהייט, האָט ער דעם רעסטאָראַטאָר וועריי מיטגעטהיילט זיין ענטדעקונג און וועריי האָט באַלד געשיקט רופֿען די פּאָליציי. דער אונבעקאַנטער איז גראַד וואָס פֿאַרטיג געווען מיט זיין מאָהלצייט און האָט געוואָלט פֿערלאָזען דעם רעסטאָראַן, נאָר פּלוצלונג זיינען ערשינען פֿינף פּאָליציסטען און האָבען פֿערזוכט איהם צו אַרעסטירען.

אָבער דער אַטאַקירטער איז ניט געווען קיין טיפּ פֿון דעם געוועהנליכען זאָרט מענשען. ער האָט באַלד אַרויסגעצויגען אַ רעוואָלווער פֿון קעשענע און געשאָסען אויף זיינע פֿערפֿאָלגער. עס איז ענטשטאַנען אַ ווילדער, פֿערצווייפֿעלטער קאַמפּף. דער פֿרעמדער איז געווען אַ מאַן מיט אויסערגעוועהנליכע קרעפֿטען. ווען ער האָט אויסגעשאָסען אַלע קוילען פֿון זיין רעוואָלווער און פֿערוואונדעט איינינע פֿון זיינע אָנגרייפֿער, האָט ער זיך פֿערטהיידיגט מיט אַ מעסער און שפּעטער מיט די הוילע הענד. און דערביי איז ער געבליבען קאַלטבלוטיג און האָט אויסגעקוקט ביז צו דער לעצטער מינוט, צו עס וועט איהם אפשר דאָך נאָך געלינגען זיך אַרויסצודרעהען. כמעט 15 מינוט צייט האָט ער זיך אַליין פֿערטהיידיגט געגען צעהן אָנגרייפֿער, פֿון וועלכע די מייס־

שע זיינען געווען בעוואָפנעט, ביז עס האָט זיי צולעצט דאָך גע־
זונגען איהם צו אַרעסטירען און צו בינדען.

דער נאָמען פון דיזען מאַן איז געווען ראַוואַשאָל. פאַר דער פּאָליציי איז ער ניט געווען קיין אונבעקאַנטער. מיט אַ יאָהר בעפאָר האָט מען איהם צום ערשטען מאָל אַרעסטירט וועגען איינציגע אויסערגעוועהנליכע פערברעכען, אָבער אויף אַ טראַנס־פּאָרט האָט עס איהם געלונגען זיך אַרויסצורייסען פון די הענד פון זעקס וועכטער און צו אַנטלויפען. זייט דיזער צייט האָט איהם די פּאָליציי פערפאָלגט אויף שריט און טריט; אָבער אַלע איהרע אָנשטרענגונגען זיינען געווען אומזיסט; ראַוואַשאָל האָט זיך געוואוסט ווי צו בעהאַלטען פאַר זיינע פערפאָלגער און אין דערזעלבער צייט האָט ער אויסגעפיהרט אַ גאַנצע סעריע פון אויסערגעוועהנליכע טהאַטען און האַנדלונגען, וועלכע האָבען אונז געגעבען די בעסטע אילוסטראַציאָן פון זיין אייזערנעם כאַראַקטער, וועלכער האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר קיין זאַך.

די אַרעסטירונג פון ראַוואַשאָל האָט אַרויסגערופען אַ גע־וואַלטיגע אויפרעגונג אין פּאַריז. די בירגערליכע פּרעסע האָט טריאומפירט און געמאַכט פון דעם קעלנער להעראָ אַ גאַנצען העלד, וועלכער האָט בעפרייט די מענשליכע געזעלשאַפט פון איינעם פון איהרע ביטערסטע פיינד. אַלע זיינען איבערצייגט געווען, אַז ראַוואַשאָל איז געווען אַן אויסנאַהמע, און אַז די פּע־ריאָדע פון די באָמבען־אַטענטאַטען וועט זיך יעצט ענדיגען נאָך דער אַרעסטירונג פון דעם געפעהרליכען אַנאַרכיסטישען פער־ברעכער. אָבער דיזע האָפנונג איז באַלד ביטער ענטטוישט גע־וואָרען.

אַלע צייטונגען האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דער פּערזאָן פון דעם אַטענטעטער. די זשורנאַליסטען האָבען בעשריבען די מאָנ־סטרויזע פערגאַנגענהייט פון דיזען מאַן, די צאָהלרייכע פערברע־כען, וועלכע ער האָט בעגאַנגען, און אין זייערע בעשרייבונגען האָט ראַוואַשאָל צולעצט פערלאָרען יעדע מענשליכע געשטאַלט. מען האָט איהם פאָרגעשטעלט אַלס אַ מין דעמאָן, אַ געבאָרע־נעם פערברעכער, אַ פיינד פון יעדער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט,

וועלכער האָט אין זיין לעבען פּראַקטיצירט אַלע פאָרמען פון פערברעכען, אַ מענש, וועלכער האָט געמאַכט פאַלשעס געלד, געאַרבייט אַלס שמוגלער און איינברעכער, בערויבט די טויטע קערפּער פון געשטאָרבענע, פערניכטעט דאָס לעבען פון מעהרערע מענשען, און וועלכער האָט זיך צולעצט בענוצט מיט דער באָמבע אין זיין שטענדיגען קאַמפּף געגען דער געזעלשאַפט און איהרע פערטרעטער.

די מיינונגען איבער דיזען מאַן זיינען געווען זעהר פערשידען, אַפּילו צווישען די אַנאַרכיסטען אַליין, און דערפאַר האָבען אַלע געוואַרטעט מיט אונגעדולד אויף דעם פּראָצעס, אום ענדליך צו זעהן, וואָס פאַר אַ שטעלונג ראַוואַשאָל אַליין וועט איינגעהמען.

די אונטערזוכונג איז לייכטער געווען ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. ראַוואַשאָל האַט קיין זאַך ניט אָבגעלייקענט, ער האָט גענומען אויף זיך די פולע פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר אַלע זיינע האַנדלונגען; און וואָס ער האָט ניט אַליין געזאָגט, דאָס האָבען די אונטערזוכונגס־ריכטער אַרויסבעקומען פון די איבעריגע אָנגעקלאָגטע, וועלכע די פּאָליציי האָט אַרעסטירט אַלס פריינדע און גענאָסען פון ראַוואַשאָל. צווישען זיי איז אויך געווען אַ געוויסער שאָמאָנטען, אַ מענש, פאַר וועלכען ראַוואַשאָל האָט געטהאָן דאָס בעסטע, און וועלכער האָט איהם יעצט בעצאָהלט דערפאַר, מיט דעם וואָס ער האָט ערקלעהרט אַלעס וואָס די פּאָליציי האָט נאָר געפאָדערט פון איהם. דיזער אומשטאַנד האָט נאָך פערגרעסערט די אונגעדולדיגע ערוואַרטונגען פון די פּאַריזער אויף דעם פּראָצעס, וועלכער האָט נאָך בעקומען אַ בעזונדערן דראַמאַטישען כאַראַקטער דורך די פערעטהערישע שטעלונג פון שאָמאַנטען.



## דאס באמבען־אטענטאט אין קאפע ווערי.

••••••

ווען די צייטונגען האָבען ענדליך בעריכטעט, אַז דער פּראָצעס געגען ראַוואַשאָל און זיינע גענאָסען וועט שטאַטפינדען אַם 26טען אַפּריל 1892, האָט דיזע נאַכריכט אַרויסגערופען אַ געוואַלטיגע אויפרעגונג אין אַלע קלאַסען פון דער פּאַריזער בעפעלקערונג. די גאַנצע וועלט איז נייגיריג געווען צו ערפאַהרען די נעהערע איינצעלהייטען פון ראַוואַשאָל'ס טהאַטען און די אַרט און וויזע ווי ער וועט פערזוכען צו רעכטפערטיגען זיינע אַלע האַנדלונגען. דען איין זאַך האָבען אַלע פערשטאַנען, אַז ראַוואַשאָל וועט ניט ערשיינען פאַר'ן געריכט אַלס אַ געוועהנליכער פערברעכער, וועלכער בעטראַכטעט עס אַלס אַ זעלבסטפערשטענדליכע טהאַטזאַכע, אַז די געזעלשאַפט זאָל איהם בעשטראָפען פאַר זיינע טהאַטען. ניין, דאָס וואָס די צייטונגען האָבען בעריכטעט איבער דעם פערלויף פון דער אונטערזוכונג, האָט קלאָהר און דייטליך בעוויזען, אַז ראַוואַשאָל אַנערקענט ניט דאָס זאָגענאַנטע בעשטראָפונגס־רעכט פון דער געזעלשאַפט, אַז פאַר איהם איז די גאַנצע געשיכטע ניט מעהר ווי אַ מאַכט־פראַגע; מען וועט איהם פערורטהיילען, ווייל מען האָט איהם געכאַפּט, און ווייל זיינע געגנער זיינען שטאַרקער געוועזען פון איהם, דאָס איז אַלעס; אָבער די מאָראַלישע בעגרינדונג פון דעם אורטהייל איז פאַר איהם ניט מעהר ווי אַ יוריסטישע קאָמעדיע. דאָס פּובליקום איז אַלזאָ בעקאַנט געווען מיט ראַוואַשאָל'ס שטעלונג, און דערפאַר זיינען אַלע פעראינטערעסירט געווען צו זעהען דעם מאַן, וועלכער האָט רוהיג גענומען אויף זיך די קאָנסעקווענצען פון זיינע האַנדלונגען, און

וועלכער פֿיהלט זיך ניט אַלס אָנגעקלאָגטער זאָנדערן אַלס אָנקלאָגער געגען זיינע ריכטער.

די פֿאָרבערייטונגס־אַרבייטען צו דעם פראָצעס זיינען אָבער דאָך ניט געווען אַזוי לייכט, ווי מען האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. עס איז וואַהר, אַז די אָנגעקלאָגטע האָבען אין דיזער בעציהונג ניט געמאַכט קיין גרויסע שוועריגקייטען. ראַוואַשאָל האָט אַלעס צוגעגעבען וואָס עס האָט געהאַט צו טהאָן מיט זיין אייגענער פערזאָן, און ער האָט אַלעס אָבגעלייקענט, וואָס עס האָט פֿיליכט געקענט קאָמפראָמיטירען זיינע פֿריינדע. אַלעס אַנדערע האָט די פאָליציי אַרויסבעקומען פֿון שאָמאַנטען, וועלכער איז פֿאַר איהר געווען דער וויכטיגסטער עדות. אָבער עס האָט זיך געמאַכט אַן אַנדער שוועריגקייט. עס איז געווען שווער צו געפֿינען די נייטיגע געשוואָרענע פֿאַר דעם פראָצעס. די צייטונגען האָבען יעדען טאָג בעריכטעט פֿון נייע געפֿעהרליכע קאָמפלאָטען פֿון די אַנאַרכיסטען; אונבעקאַנטע הענד האָבען פֿערשפרייט דראָהענדע מאַניפֿעסטען, וועלכע האָבען ערקלעהרט, אַז די ריכטער און געשוואָרענע וועלען זיין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זייער אורטהייל, אַז דער טויטעס־אורטהייל פֿון ראַוואַשאָל וועט זיין דער טויטעס־אורטהייל פֿון זיינע ריכטער א. ז. וו. אָט דיזע אַלע דראָהונגען זיינען געווען די אורזאַכע פֿאַר וואָס פֿיעלע געשוואָרענע זיינען פלוצלונג קראַנק געוואָרען, ווען מען האָט זיי מיטגעטהיילט, אַז מען האָט זיי אויסגעקליבען פֿאַר דעם פראָצעס געגען די אַנאַרכיסטען. די פֿייגהייט פֿון דיזע קרעמער האָט זיך קיינמאָל ניט אַזוי דייטליך אַרויסגעצייגט ווי אין דיזער אויסערגעוועהנליכער פעריאָדע. אייניגע פֿון די געשוואָרענע האָבען אָנגעהויבען וויינען ווי קליינע קינדער ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז מען האָט זיי אויסגעקליבען פֿאַר דעם פראָצעס. נאָר אין אַלגעמיין האָט מען זיך געטרייסט מיט דער האָפֿנונג, אַז מיט דער אַרעסטירונג פֿון ראַוואַשאָל און זיינע איבעריגע גענאָסען האָט זיך געענדיגט די צייט פֿון די אַטענטאַטען, און דערפֿאַר האָבען די דראָהענדע מאַניפֿעסטען הויפטזעכליך בעאונרוהיגט די יעניגע, וועלכע זיינען דירעקט בעטהייליגט געווען אין דעם פראָצעס אַלס ריכטער און געשוואָרענע

אָבער די בורזשואַזיע אין אַלגעמיין האָט זיך ביסלעכווייז ווידער בערוהיגט. און אום צו פֿערמעקען דעם איינדרוק, וועלכען זייער עקעלהאַפֿטע פֿייגהייט האָט געמאַכט, זיינען די פּאַריזער קרעמער געוואָרען אָפּטע געסט אין קאַפֿע ווערי, וואו ראַוואַשאָל איז אַרעסטירט געוואָרען. זיי האָבען זיך געלאָזט צייגען ביי דעסטיש, וואו דער אַטענטעטער איז געזעסען און מאַנכער פֿעטער בורזשואַ האָט זיך מיט אַן אינערליכע צופֿרידענהייט געזעצט אויף דעם זעלבען שטוהל, אום זיך צו בערי‍המען פֿאַר די אַנדערע געסט, אַז ער האָט ניט קיין מורא פֿאַר די אַנאַרכיסטען. מוסיע ווערי האָט געמאַכט אויסגעצייכענטע געשעפֿטען. און די צייטונגען האָבען זאָגאַר בעריכטעט, אַז ער דיינקט אין גיכען עפֿענען אַ נייע קאַפֿע, וועלכע זאָל טראָגען דעם נאָמען „ראַוואַשאָל". אויך דער קעלנער ל'הערא, וועלכער האָט ראַוואַשאָל איבערגעגעבען צו דער פּאָליציי האָט געמאַכט אַ גוט געשעפֿט. די רייכע בורזשואַס, וועלכע האָבען בעזוכט דעם קאַפֿע, אום צו בעפֿרידיגען זייער נייגיריגקייט, האָבען איהם בעשאָטען מיט טרינק-געלדער און דער העלד אין קעלנער-פֿראַק האָט שוין געטרוימט אויפֿצומאַכען אַן אייגענע קאַפֿע, אום צו פּראָפּיטירען פֿון זיין פלעצליכער פּאָפּולאַריטעט. די קרעמער האָבען עפֿענטליך אַרויסגעצייגט זייער דאַנקבאַרקייט. זיי האָבען בעלוינט די העלדענטהאַט פֿון ל'הערא מיט טרינק-געלדער, און ל'הערא איז גאַנץ צופֿרידען געווען פֿון אַזאַ בעלוינונג, דערפֿאַר וואָס ער איז געווען אַ קעלנער, ניט נאָר אַ פּראָפֿעסיאָנעלער קעלנער, זאָנדערן ער האָט אויך געהאַט אַ קעלנערישע נשמה, פּונקט ווי זיין הערר און פֿערוואַנדטער, דער רעסטאָראַטאָר ווערי.

דאָס קאַפֿע ווערי איז אויסערגעוועהנליך שטאַרק בעוואַכט געוואָרען. ווערי און ל'הערא האָבען ערהאַלטען צאָהלרייכע בריעף, אַז מען וועט נעהמען ראַכע פֿון זיי, און אָבוואָהל די פּאָליציי האָט מיט רעכט ניט געלייגט קיין גרויסען ווערטה אויף דיזע בריעף, איז דאָס הויז אָבער דאָך בעוואַכט געוואָרען טאָג און נאַכט פֿון צאָהלרייכע פּאָליציסטען און פֿון די געהיימע אַגענטען פֿון דער פּאָליטישער פּאָליציי. יעדער גאַסט איז שאַרף בעוואַכט געוואָרען, און קיינער האָט זיך אֵפילו ניט געקענט פֿאָרשטעלען, אַז עס איז

מעגליך צו בעגעהן אַן אַטענטאַט אין דיזען אָרט. און דאָך איז
עס מעגליך געווען.

גאַנץ פּאַריז איז געווען אין אויפרעגונג. עס איז געווען דער
25-טער אַפּריל, און דעם אַנדערן טאָג האָט זיך געזאָלט אָנפאַנ-
גען דער ריעזען-פּראָצעס געגען ראַוואַשאָל און זיינע גענאָסען.
מען האָט בעצאָהלט אונגעהייערע פּרייזען, אום צו בעקומען אַ
פּלאַץ אויף די גאַלעריען, אום אַרויסצובעקומען אַן איינטריטס-
קאַרט צום געריכטס-פּאַלאַסט. אַלע האָבען ערוואַרטעט דעם
קומענדען טאָג מיט דער כאַראַקטעריסטישער אונגעדולדיגקייט,
וועלכע מאַניפעסטירט זיך געוועהנליך ביי אַזעלכע סענזאַציאָנעלע
פּראָצעסען. פּלוצלונג קומט די שרעקליכע און אונערוואַרטעטע
נאַכריכט, אַז אים קאַפע ווערי האָט שטאַטגעפונדען אַ געפעהרליכע
באָמבען-עקספּלאָזיאָן, וועלכע האָט אויפגעריסען די גאַנצע פראָנט
פון דער געביידע און געטויטעט און פערוואונדעט מעהרערע
מענשען. דיזע נאַכריכט האָט געווירקט ווי אַ דונער אויף גאַנץ
פּאַריז. צוערשט האָבען פיעלע געצווייפעלט, אָבער דיזער צווייפעל
איז באַלד פערניכטעט געוואָרען. ווערי, דער בעזיצער פון דעם
קאַפע, איז אַזוי שווער פערוואונדעט געוואָרען, אַז ער איז באַלד
געשטאָרבען, צוזאַמען מיט איהם נאָך אַ גאַסט און אייניגע אַנדערע
זיינען מעהר אָדער ווייניגער שווער פערוואונדעט געוואָרען. דער
קעלנער ל'הערא איז באַלד וואַהנזיניג געוואָרען פון שרעק, אָב-
וואָהל ער איז אפילו ניט פערוואונדעט געוואָרען; און די פּאָליציי
האָט איהם געדאַרפט שאַפען אַ זיכערן פּלאַץ, וואו ער האָט זיך
געקענט בעהאַלטען פאַר זיינע אונזיכטבאַרע פיינד.

ווער איז געווען דער פעראורזאַכער פון דיזער שרעקליכער
עקספּלאָזיאָן? קיינער האָט עס ניט געוואוסט, קיינער האָט איהם
ניט געזעהן, די פּאָליציי איז געשטאַנען פאַר דער טהאַט ווי
פאַר דעם רעטעניש פון דער ספינקס. און דיזער געהיימניספאָלער
מורא'דיגער איינדרוק האָט נאָך פערשטאַרקערט די מאָראַלישע
ווירקונג פון דעם אַטענטאַט. די האָפנונג, אַז מיט דער אַרעסטי-
רונג פון ראַוואַשאָל וועט זיך ענדיגען די צייט פון די אַטענטאַ-
טען, האָט זיך ניט ערפילט. אונזיכטבאַרע הענד האָבען פער-

שפּרייט דעם שרעק און טעראָריזירט די בורזשואַזיע טראָץ אַלע געזעצליכע מאַסרעגלען, טראָץ אַלע פּאָליציסטען און שפּיאָנען. אַ גאַנצע פּאַניק איז ענטשטאַנדען אין פּאַריז. דער געריכטס־פּרעזידענט, וועלכער האָט געדאַרפֿט פֿיהרען די פֿערהאַנדלונגען אין דעם פּראָצעס ראַוואַשאָל, איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרען, און קוים וואָס מען איז אימשטאַנדע געווען אויסצוקלייבען אַ נייעם אויף זיין אָרט, וועלכער האָט מיט מורא׳דיגע געפֿיהלען אָנגענומען זיין „עהרענפֿאָלע״ שטעלונג. פֿיעלע רייכע באַנקירען האָבען פֿערלאָזען די שטאָדט, האָבענדיג מורא, אַז זייער „קאָסטבאַרעס לעבען״ וועט אפשר אַרויסרופֿען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די אַנאַרכיסטען. אין גאַנץ פּאַריז האָט נאָר געהעררשט איין שטימונג — דער שרעק. און דיזע שטימונג האָט זאָגאַר געפֿונען איהר אויסדרוק אין דער טעגליכער פּרעסע, וועלכע איז אָנגעפֿילט געווען מיט נאַכריכטען איבער די אַנאַרכיסטען. ווער עס איז געווען אַ בעקאַנטער אַנאַרכיסט, איז זיכער געווען צו בעקומען אַ בעזוך — אָדער פֿון דער פּאָליציי אָדער פֿון אַ ציטונגס־רעפּאָרטער. און דיזע רעפּאָרטען האָבען נאָך פֿערגרעסערט דאָס געפֿיהל פֿון שרעק און מורא. דאָס וואָרט אַנאַרכיע איז קיינמאָל ניט אַזוי אָפֿט בענוצט געוואָרען ווי אין יענעם שרעקליכען טאָג, ווען עס האָט שטאַטגעפֿונען די באָמבענעקספּלאָזיאָן אים קאַפֿע וועריּ.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען וואָס פֿאַר אַן איינדרוק עס האָט געמאַכט דיזע אונערוואַרטעטע איינלייטונג, דיזער „באָמבענפּראָלאָג״ — ווי אַ פֿראַנצויזישער זשורנאַליסט האָט גערופֿען דעם אַטענטאַט — פֿון דעם פּראָצעס געגען ראַוואַשאָל און זיינע פֿריינדע. צוערשט האָט מען ערוואַרטעט, אַז די רעגירונג וועט אָבלייגען דעם פּראָצעס אויף אַן אַנדער טאָג, אָבער דאָס וואָלט געווען צו קאָמפּראָמיטירענד, און דערפֿאַר האָט מען בעשטימט, אַז דער פּראָצעס זאָל יאָ שטאַטפֿינדען, וואָס עס זאָל ניט קאָסטען.

אָבער פּלוצלונג איז ענטשטאַנדען אַ נייע פֿראַגע, וועלכע האָט בעשעפֿטיגט די גאַנצע עפֿענטליכע מיינונג: וועט דער געריכט האָבען דעם מוטה צו פֿאָדערן דעם קאָפּ פֿון ראַוואַשאָל? וועלען די געשוואָרענע ניט ציטערן אויסצושפּרעכען דעם טויטעס־

אורטהייל? דיזע פֿראגע האָט אַרויסגערופֿען די גרעסטע מיינונגס־פֿערשידענהייטען, דען אַלע האָבען פֿערשטאַנען איהר גרויסע בעדייטונג. פֿאַר דער רעגירונג איז אונבעדינגט נויטווענדיג געווען, אַז די פּאַריזער געשוואָרענע זאָלען ראַוואַשאָל פֿעראורטהיילען צום טויט, אויב ניט, וואָלט מען זיכער אָנגעקלאָגט איהרע יוריסטישע פֿערטרעטער אַלס פֿייגלינגע, וועלכע האָבען אויסגעמיטען דעם טויטעס־אורטהייל, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען מורא געהאַט פֿאַר די דראָהונגען פֿון די אַנאַרכיסטען.

די פּאָליטישע פּאָליציי האָט געאַרבייט טאָג און נאַכט, אום אויסצוגעפֿינען דעם געהיימניספֿאָלען אַטענטעטער פֿון קאַפֿע וועריֹ. אין פּאַריז אליין זיינען 42 אַנאַרכיסטען אַרעסטירט געוואָרען, און די טעגליכע פֿערהאַפֿטונגען האָבען זיך פֿאָרטגעזעצט אין פֿיעלע אַנדערע שטעדט אין אַלע טהיילען פֿון פֿראַנקרייך. אָבער אַלע דיזע פֿערפֿאָלגונגען האָבען פּונקט אַרויסגערופֿען דאָס געגענטהייל פֿון דעם וואָס זיי האָבען אייגענטליך געוואָלט אַרויסרופֿען. די רעגירונג האָט געוואָלט דערשטיקען די אַנאַרכיסטישע געפֿאַהר מיט אַלע מיטלען, אָבער אין דער ווירקליכקייט איז די פּאָליציי געווען די אונפֿרייוויליגע מיטהעלפֿערין פֿון דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ. אַלע צייטונגען האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט די לעהרען און טהעאָריען פֿון׳ם אַנאַרכיזמוס. די האַלטונג פֿון די אַרעסטירטע אַנאַרכיסטען איז איבעראַל, מיט ווייניגע אויסנאַהמען, געווען אַן אויסגעצייכענטע און האָט אַרויסגערופֿען די סימפּאַטהיע פֿון די עלענדע און אונטערדריקטע קלאַסען.

אין דערזעלבער צייט האָט די פּאָליציי אָנגעווענדעט אַלע מעגליכע מאַסרעגלען, אום צו שיצען די זיכערהייט פֿון די ריכטער און געשוואָרענע, וועלכע האָבען זיך געדאַרפֿט בעשעפֿטיגען אַם נעכסטען פֿריה־מאָרגען מיט ראַוואַשאָל און זיינע פֿריינדע. דאָס געריכטס־הויז האָט אויסגעזעהן ווי אַ פֿעסטונג. איבעראַל האָט מען געזעהן גוט בעוואַפֿענטע פּאָליציסטען און די „גאַרד מוניסיפּאַל". דער גאַנצער פּאַלאַסט איז פֿערשלאָסען געווען מיט דאָפּעלטע טהירען, און נאָר איין טהיר איז געווען אָפֿען און שטריינג בעוואַכט. דיזע פֿאָרזיכטיגקייט, וועלכע האָט זיך איבע־

ראַל דייטליך אַרויסגעצייגט, האָט נאָך פערשטאַרקערט דעם אַל-
געמיינעם איינדרוק פון שרעק און מורא, וועלכער האָט זיך אי-
בעראַל מאַניפעסטירט.

אין אַלע קאַפעס האָט מען נאָר גערעדט פון איין זאַך, אַז
עס וועט זיכער פּאַסירען אַן אונגליק ביי דעם פּראָצעס. טויזענ-
דער פאַלשע נאַכריכטען זיינען פערשפּרייט געוואָרען אין אַלע
טהיילען פון פּאַריז, און איבעראַל האָט מען גערעדט פון אַנאַר-
כיסטישע קאָנספּיראַציעס און פּראָיעקטירטע אַטענטאַטען. פיעלע
האָבען בעשטימט ערוואַרטעט, אַז די אַנאַרכיסטען וועלען זיכער
מאַכען דאָסזעלבע עקספּערימענט מיט'ן געריכטס-הויף ווי מיט
דעם קאַפע ווערי; און ווען עס איז ענדליך געקומען דער טאָג
פון פּראָצעס, האָבען די גאַסען אַרום דעם געריכטס-פּאַלאַסט
אויסגעזעהן ווי טויט. קיין מענש האָט זיך ניט געצייגט, אַלעס איז
געוועזן שטיל און רוהיג ווי אויף אַ בית עולם. פאַר פּאַריז איז
דאָס געוועזן אַן אויסערגעווּעהנליכע ערשיינונג, אַן אמת'ער וואונ-
דער, דען ביי יעדען סענסאַציאָנעלען פּראָצעס איז דער יוסטיץ-
פּאַלאַסט בעלאַגערט פון הונדערטער און הונדערטער מענשען,
וועלכע געפינען ניט מעהר קיין פּלאַץ אויף די גאַלעריען און
וואַרטען דעריבער אין דרויסען אויף דעם רעזולטאַט פון די
פערהאַנדלונגען.

נאָר דיזעס מאָל איז דאָס ניט געוועזן דער פאַל, אָבוואָהל
דער פּראָצעס געגען ראַוואַשאָל און זיינע גענאָסען איז געוועזן
איינע פון די סענסאַציאָנעלסטע אָפערען, וועלכע האָבען ווען בע-
שעפטיגט דאָס פּאַריזער פּובליקום. די גאַנצע שטאָדט איז איינ-
פאַך געוועזן טעראָריזירט, אין אַ צושטאַנד פון מורא'דיגע ערוואַר-
טונגען און דערפאַר האָט מען בעסער אָבגעוואַרט אויף די בעריכטע
פון די צייטונגען, איידער צו שטעהן פאַר די פערשלאָסענע
טהויערען פון'ם געריכטס-הויז פול מיט אונגעדולדיגע ערוואַרטונגען.

אָט דאָס איז געוועזן דער צושטאַנד, אין וועלכען פּאַריז האָט
זיך געפונען אַם 26טען אַפּריל 1892, דעם טאָג, ווען דער פּראָ-
צעס געגען ראַוואַשאָל האָט זיך אָנגעפאַנגען.



# ראוואשאל׳ס פּראָצעס אין פּאריז.

אַם 26טען אַפּריל 1892 האָט זיך אָנגעפאַנגען דער פּראָ־צעס געגען ראַוואַשאָל פאַר׳ן געריכט „דע לאַ סען" אין פּאַריז. די פערטרעטער פון דער אָנקלאַגע האָבען שוין פריהער בע־שטימט צו מאַכען פון דעם פּראָצעס צוויי פּראָצעסען, וועלכע זאָלען שטאַטפינדען אין צוויי פערשידענע ערטער. אין פּאַריז האָט זיך דאָס געריכט אויסשליסליך בעשעפטיגט מיט די דינאַמיט־אַטענטאַטען פון ראַוואַשאָל, און אין מאָנבריסאָן, וואו עס האָט שטאַטגעפונען דער צווייטער פּראָצעס, האָט מען בעהאַנדעלט די איבעריגע „פערברעכען" פון דעם אַטענטאַטער.

אויף דער אָנקלאַגע־באַנק זיינען געזעסען ראַוואַשאָל, סימאָן, אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר 18, דער פעררעטהער שאָמאַנטען, בעאַלאָ און אַ פרוי מאַריעט סובער. דער גרויסער טיש, אַרום וועלכען די געשוואָרענע זיינען געזעסען, איז בעדעקט געווען מיט די זאַכען, וועלכע מען האָט געפונען אין ראַוואַשאָל׳ס וואוינונג, האַלב־פאַרטיגע באָמבעס, כעמישע אַפּאַראַטען, צוויי רעוואָלווערס א.ז.וו. ווי אויך איינצעלנע טהיילען פון טרעפּען, טהירען א.ז.וו. וועלכע זיינען צושטערט געוואָרען דורך דיביידע עקספּלאָזיאָנען אין די הייזער פון דעם פּראָקוראָר בילאָ און דעם געריכטס־פּרעזידענט בענאָאַ.

ראַוואַשאָל רופט נאַטירליך אַרויס די גרעסטע אויפמערק־זאַמקייט פון די אָנוועזענדע פּערזאָנען און די פערטרעטער פון דער פּרעסע. ער זיצט דער ערשטער אויף דער אָנקלאַגע־באַנק און אַלע אויגען זיינען געריכטעט אויף איהם. זיין געזיכט איז ערנסט און רוהיג, זיין בליק זיכער און פעסט, ער בעטראַכטעט

די אָנוועזענדע מענשען פונקט ווי ער וואָלט גאָר ניט בעטהייליגט געוועזען אין דער גאַנצער אָנגעלעגענהייט. ראַוואַשאָל איז אַ ריזען־שטאַרקער מאַן און אויס יעדע פֿון זיינע בעוועגונגען צייגט זיך אַרויס אַ געוואַלדיגע פֿיזישע קראַפֿט. יעדע בעוועגונג, יעדע מינע זיינע איז פֿעסט און זיכער און אין דערזעלבער צייט איינפֿאַך און בעשיידען; מען דערקענט אויף דעם ערשטען בליק דעם מאַן דער טהאַט, וועלכער בעריהמט זיך ניט מיט זיינע האַנדלונגען, דערפֿאַר וואָס ער בעטראַכטעט זיי פֿאַר אַ זעלבסטפֿערשטענדליכע זאַך.

פֿון די איבריגע אָנגעקלאָגטע איז סימאָן דער אינטערעסאַנטעסטער, אַ לעבהאַפֿטער טיפּ, פֿריי און אָפֿענהערציג אין אַלע זיינע בעוועגונגען. שאָמאַנטען מאַכט אַ מיטליידיגען איינדרוק, ווי אַ מענש, וועלכער ליידעט אונטער דעם געוויכט פֿון אַ שווערע מאָראַלישע לאַסט. בעאַלאָ און מאַריעט סובער, זיין געליבטע, מאַכען אַן אינדיפֿערענטען איינדרוק אויף די אַנוועזענדע.

דער פּראָקוראָר לעזט פֿאָר די אָנקלאַגע מיט די בעקאַנטע בעשולדיגונגען, אין וועלכע ראַוואַשאָל ווערט פֿאָרגעשטעלט אַלס דער „ריטער פֿון דינאַמיט”. אויף די אָנגעקלאָגטע מאַכט די גאַנצע פֿאָרלעזונג מיט דעם גרינגסטען איינדרוק. ראַוואַשאָל הערט זיך גלייכגילטיג צו צו די ווערטער פֿון דעם אָנקלעגער און אויף זיין געזיכט שפּיגעלט זיך אָב פֿון צייט צו צייט אַ געוויסע לאַנגווייליגקייט. סימאָן שמייכעלט צייטנווייז. די איבעריגע דריי מאַכען קיין בעוועגונג ניט וועהרענד דער פֿאָרלעזונג.

נאָך דעם ווי דער פּראָקוראָר האָט געענדיגט די אָנקלאַגע, פֿאַנגט זיך אָן די אייגענטליכע פֿערהאַנדלונג. דער ריכטער בענעהמט זיך זעהר העפֿליך צו די אָנגעקלאָגטע, אָבער מען פֿיהלט אַרויס, אַז דיזע העפֿליכקייט איז אַ געמאַכטע, אַ געצוואונגענע. צוערשט בעשעפֿטיגט זיך דער פּרעזידענט מיט ראַוואַשאָל, דעם הויפּט־אָנגעקלאָגטען:

„אייער נאָמען איז פֿראַנסיס־אָגיסט קעניגשטיין”, זאָגט דער ריכטער, „נאָר איהר זייט מייסטען טהיילס בעקאַנט אונטער דעם נאָמען ראַוואַשאָל, וועלכער איז געוועזען דער נאָמען פֿון אייער מוטער.”

„דער נאָמען האָט אַ קליינע ווערדע", ענטפֿערט ראַוואַשאָל און זיין שטימע קלינגט רוהיג, זיכער און אָנגענעהם.

„איהר זייט אַלט 32 יאָהר. פֿעראורטהיילט זייט איהר קיינמאָל ניט געווען, אָבער מען גיט אייך ניט קיין גוטען כאַראַקטער. איהר זייט געווען אַ שמוגלער, איהר האָט געמאַכט פֿאַלשעס געלד, מיט איין וואָרט איהר זייט איינער פֿון די געפֿעהרליכסטע פֿערברעכער. אָט דאָס איז דער בעריכט, וועלכען די פּאָליציי פֿון סענט עטיען גיט וועגען אייך. און איהר אַליין האָט ניט אָבגעלייקענט דיזע פֿערברעכען."

„איך האָב קיין זאַך ניט אָבגעלייקענט ; איך האָב צוגעגעבען אַלצדינג."

„אָבער איהר האָט נאָך בעגאַנגען אַנדערע פֿערברעכען. מען האָט געפֿונען ביי אייך צוויי רעוואָלווערס, פֿערשידענע עקספּלאָזיוו־שטאָפֿען, 25 פּאַטראָנען א.ז.וו. אַנערקענט איהר דאָס אַלעס פֿאַר אייער אייגענטהום ?"

„גאַנץ געוויס !"

„איהר האָט אַלצדינג צוגעגעבען אין דער אונטערזוכונג ; איהר האָט אַליין בעקאַנט געמאַכט אייער פֿערגאַנגענהייט, הויפּטזעכליך צוויי פֿערברעכען, פֿון וועלכע איך בעט אייך, איהר זאָלט זיי נאָכאַמאָל דערצעהלען פֿאַר די געשוואָרענע."

„ווען איך האָב אין דער אונטערזוכונג אָבגעגעבען איין ערקלעהרונג וועגען דיזעביידע טהאַטען, האָב איך געדיינקט, אַז דאָס געריכט פֿון פּאַריז וועט בעהאַנדלען אַלע אָנקלאַגען, אין וועלכע מען בעשולדיגט מיך. אָבער אַזוי ווי דאָס איז ניט דער פֿאַל, וועל איך דאָ קיין זאַך ניט ענטפֿערן, וואָס אָנבעלאַנגט די ביידע טהאַטען."

„אויב איהר וועט עס ניט טהאָן, דאַרף איך אַליין בעזאָרגען דיזע אַרבייט. עס איז וואַהר, אַז די געשוואָרענע פֿון פּאַריז וועלען אייך ניט פֿעראורטהיילען וועגען דיזע ביידע טהאַטען, אָבער עס איז נויטהווענדיג, זיי זאָלען אייך קענען לערנען אין גאַנצען. מיין פֿליכט אַלס ריכטער צווינגט מיך אַזוי צו האַנדלען".

די פֿייגהייט פֿון דעם ריכטער, וועלכער האַלט זיך אין ענט־

שולדיגען, ווען ער דאַרף זאָגען אַ האַרטעס וואָרט געגען ראַוואַ־שאָל, מאַכט אַ פּיינליכען איינדרוק אויף די אָנוועזענדע. ראַוואַ־שאָל אַליין איז זעהר צופֿרידען און אויף זיינע ליפּען שפּילט פֿון צייט צו צייט אַ פֿיינער איראָנישער שמייכעל.

דער ריכטער דערצעהלט אַלזאָ די געשוואָרענע, אַז ראַוואַשאָל האָט אַליין צוגעגעבען, אַז ער האָט געטויטעט אַן אַלטען מאָנאַך, וועלכער האָט אַליין געוואוינט אין אַ וואַלד, און האָט צוגענומען ביי איהם 35.000 פֿראַנק. ראַוואַשאָל הערט זיך גלייכגילטיג צו צו דיזער ערקלעהרונג, ניט מאַכענדיג קיין בעוועגונג.

נאָך דעם ווי דער פּרעזידענט האָט געענדיגט זיין ערצעה־לונג, געהט ער איבער צו דעם צווייטען פֿערברעכען:

„אַם 15טען מאַי 1891 זייט איהר בעגאַנגען דעם צווייטען פֿערברעכען. איהר זייט אַריבערגעשטיגען די מויער פֿון דעם בית עולם סענט־זשאָן־דע־באַנפֿאָנד; דאָרטען האָט איהר געעפֿענט דעם קבר פֿון דער רייכער גרעפֿין פֿון ראָשטאַי, אום אַראָבצו־נעהמען די רינגען פֿון די פֿינגער פֿון די געשטאָרבענע. וואָס האָט איהר צו זאָגען וועגען דיזער אַפֿערע?"

„גאָרנישט! איך האָב אייך שוין פֿריהער ערקלעהרט און איך בעט אייך נאָך אַמאָל, רעדט ניט צו מיר וועגען דיזע ביידע האַנדלונגען; דיזער געריכט האָט מיך ניט אָנגעקלאָגט דערפֿאַר און פֿאָלגליך וועל איך קיין זאַך ניט ענטפֿערן. אַלעס וואָס איך וועל יאָ טהאָן, איך וועל אייך ערקלעהרען די מאָטיווען פֿון מיינע האַנדלונגען."

איהר מעגט עס שפּעטער טהאָן, אויב איהר ווילט עס. פֿאָרלויפֿיג ווען מיר בעהאַנדלען די אַנדערע פֿאַקטען. איהר האָט זיך בעקענט מיט בעאַלאָ אין סענט עטיען?"

„ס'איז פֿאַלש!"

„פֿון דעסטוועגען גיט עס אָבער בעווייזע דערפֿאַר. בעאַלאָ'ן האָט איהר אויך איבערגעלאָזען די 35.000 פֿראַנק, וועלכע איהר האָט גערויבט פֿון דעם מאָנאַך פֿון שאַמבל."

„ס'איז פֿאַלש!"

„האָט איהר געהאַט מיט זיך געלד, ווען איהר זייט אָנגע־קומען אין סענט עטיען?"

„יאָ, 6000 פראַנק, אַ טהייל אין גאָלד און אַ טהייל אין באַנקנאָטען."

„פון וואו האָט איהר גענומען דאָס געלד?"

„פון־נאָטר־דאַם־דע־גראַס."

„דאָס מיינט אַלזאָ פון דעם מאָנאַך אין שאַמבל, וועלכען איהר האָט בערויבט?"

„יאָ!"

„איהר זייט באַלד געגאַנגען צו שאָמאַנטען. פאַר וואָס האָט איהר פונקט איהם אויסגעקליבען?"

„דערפאַר וואָס זיין נאָמען איז מיר בעקאַנט געווען. מען האָט מיר געגעבען זיין אַדרעס אין אַ געזעלשאַפט אין סענט עטיען."

„ווער האָט אייך געגעבען זיין אַדרעס?"

„דאָס וויים איך ניט מעהר, און אויב איך וואָלט עס יאָ נאָך געוואוסט, וואָלט איך אייך זיכער אויך ניט געזאָגט."

„איך פערשטעה, איהר וואָלט דערמיט קאָמפּראָמיטירט דעם, וועלכער האָט אייך פערזאָרגט. אַלזאָ שאָמאַנטען האָט אייך עמפּפאַנגען און אויפגענומען און איהר זייט געווען זעהר בע־ליעבט אין זיין הויז. איהר האָט אויסגעלערענט לייענען זיין קליינע טאָכטער, וועלכע האָט אייך גערופען פעטער לעאָן."

„דאָס איז אַלעס ריכטיג אַזוי."

„ביי שאָמאַנטען זיינען אייך געקומען אַנדערע אַנאַרכיסטען. איהר האָט זיך געזעהן מיט סימאָן, מאַטהיע, בעאַלאָ. דאָרטען האָט מען אייך בעשלאָסען צו עקספּלאָדירען דאָס הויז פון דעם געריכטס־פּרעזידענט בענאָאַ. פאַר וואָס האָט איהר דאָס געטהאָן?"

„עס איז געווען אַ געפיהל פון צאָרן און פעראַכטונג, וועל־כעס האָט מיר געמאַכט אַזוי צו האַנדלען, לעזענדיג ווי אַזוי הערר בענאָאַ האָט געהאַנדעלט אין דעם פּראָצעס געגען דאַרדאַר און דעקאַן."

„און וואָס האָט איהר געהאַט צו דעם פּראָקוראָר בילאָ?"

„ער האָט קאַלטבלוטיג געפֿאָדערט פֿון די געשוואָרענע, זיי זאָלען צוויי מענער פֿעראורטהיילען צום טויט, פֿאָטערס פֿון קינדער, וועמענס פֿאַמיליען לעבען געגענווערטיג אין אַ שרעקליכען עלענד. הערר בילאָ האָט אין זיין אָנקלאַגע קיין וואָרט ניט דערמאָנט איבער די שענדליכע בעהאַנדלונג פֿון דעקאַן, דאַרדאַר און לעוואַיע אויף דער פּאָליציי־סטאַציאָן פֿון קלישי, וואו מען האָט זיי כמעט דערשלאָגען אויף טויט. מען האָט זיי אפּילו ניט געגעבען קיין וואַסער, אום אויסצוואַשען זייערע וואונדען. אָט דאָס זיינען די אורזאַכען, וואַרום איך בין אויפֿגערעגט געוואָרען אויף די העררן בילאָ און בענאָאַ. איך האָב קיינעם ניט געקענט, ניט די ריכטער און ניט די אָנגעקלאָגטע. אָבער די האַנדלונגען פֿון דעם פּראָקוראָר און דעם געריכטס־פּרעזידענט האָבען אַרויסגערופֿען מיין ביטערסטען האַס און פֿעראַכטונג."

דער וויטערער פֿערלויף פֿון דער געריכטס־פֿערהאַנדלונג איז הויפּטזעכליך פֿערנומען געוואָרען דורך די טעכנישע איינצעלהייטען פֿון דיביידע אַטענטאַטען. ראַוואַשאָל האָט דערצעהלט אַלע איינצעלהייטען פֿון זיינע טהאַטען, ווי אַזוי ער האָט געמאַכט די באָמבעס, ווי אַזוי ער האָט זיי אַוועקגעטראָגען אין די הייזער פֿון די ביידע געריכטס־פּערזאָנען. ער האָט אַלעס דערצעהלט מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט און האָט גענומען די גאַנצע פֿעראַנטוואָרטליכקייט אויף זיך, אום צו רעטען זיינע גענאָסען. ער האָט זיך אפילו ניט בעריהמט מיט זיינע טהאַטען, ערקלעהרענדיג, אַז זיי זיינען ניט מעהר ווי די לאָגישע רעזולטאַטען פֿון די אונגערעכטיגקייטען, וועלכע זיינען בעגאַנגען געוואָרען אין דעם פּראָצעס געגען די אַנאַרכיסטען דעקאַן און דאַרדאַר. זאָגאַר איבער די אורזאַכען פֿון זיין אַרעסטירונג רעדט ער אָהן האַס און אָהן ביטערקייט.

„נאָך דעם אַטענטאַט אין דער רי דע קלישי זייט איהר געגאַנגען אין אַ רעסטאָראַנט צו עסען מיטאָג?" פֿרעגט איהם דער פּרעזידענט.

און ראַוואַשאָל ענטפֿערט רוהיג און קאַלט: „יאָ, עס איז געווען דאָס רעסטאָראַנט וועריי אויף דעם בולוואַר מאַזשענטאַ."

„דאָרטען האָט איהר געהאַט אַ געשפּרעך מיט דעם קעלנער. איהר האָט איהם געוואָלט ערקלעהרען אייערע טהעאָריען."

„ריכטיג! נאָר ווי עס ווייזט אויס בין איך ניט געווען ער־פאָלגרייך מיט מיין פּראָפּאַגאַנדאַ. מיר אַנאַרכיסטען פּערזוימען ניט קיין געלעגענהייט צו פּראָפּאַגאַנדירען אונזערע אידעען פון גערעכטיגקייט, און ווען מיר בעגעגענען זיך מיט מענשען, וואָס ליידען, זוכען מיר זיי צו ערקלעהרען די אורזאַכען פון זייערע ליידען. נאָר אָפטמאָל פערשטעהען זיי אונז ניט..."

דער פּרעזידענט פאַלט איהם אַריין אין די רייד: „ראַוואַשאָל, יעצט איז ניט די צייט צו ערקלעהרען אייערע אידעען. איך וועל אייך יעצט ניט קענען פאָלגען אויף דיזען געביט. פאָלגליך איז עס אונניצליך צו דיסקוטירען."

„ערלויבט נאָר, מיין הערר, מיר זיינען דאָ ניט אַליין. פאַר אייך אַליין וואָלט איך איבערהויפּט ניט גערעדט. איבערהויפּט רייד איך ניט פיעל, דען איהר ווייסט אַליין, אַז איך בין ניט קיין רעדנער."

„ניין, איהר זייט אַ מאַן דער טהאַט!"

„געוויס אין דינסט פון אַ פּאַרטיי."

„דיזע פּאַרטיי, ווי זי זאָל זיך ניט רופען, האָט בעגאַנגען אַ גרויסעס אונרעכט, אויפנעהמענדיג אין איהרע רייהען אַ מאַן מיט אַזאַ פערגאַנגענהייט ווי די אייעריגע."

נאָך איינינגע אונבעדייטענדע פראַגען און בעמערקונגען האָט ראַוואַשאָל גענומען דאָס וואָרט, אום צו ערקלעהרען זיינע טהאַטען. זיין ערקלעהרונג איז געווען זעהר קורץ, אָהן איבערפליסיגע פראַ־זען און רעטהאָרישע בעפוצונגען, וועלכע זיינען ניט אין אָנקלאַנג געווען מיט דעם כאַראַקטער פון דיזען מאַן. די ערקלעהרונג לוי־טעט ווי פאָלגט:

„די אורזאַכען, וואַרום איך האָב בעגאַנגען מיינע טהאַטען, זיינען פאָלגענדע: ערשטענס ווייל דער געריכטס־פּרעזידענט בע־נאַאַ איז געווען צו פיעל פּאַרטייאיש אין דעם פּראָצעס געגען דעקאַן און זיינע גענאָסען, די געשוואָרענע האָבען געפאָדערט די גרינגסטע שטראָף, און ער האָט זיי פעראורטהיילט צו דער העכ־

סטער שטראָפֿע, וועלכע דאָס געזעץ האָט איהם ערלויבט. אויסער־דעם האָט ער אפילו ניט דערמאָנט די שענדליכע בעהאַנדלונג, וועלכע מיינע קאַמעראַדען האָבען געמווזט איבערטראָגען אין דער פּאָליציי־סטאַציאָן פֿון קלישי. דער צוועק פֿון מיינע אַטענטאַטען געגען דעם פּראָקוראָר בילאָ און דעם פּרעזידענט בענאָאַ איז געוועזן פֿאָלגענדער: איך האָב געוואָלט אַרויסרופֿען די אויפֿמערק־זאַמקייט פֿון די יעניגע, וועלכע בעטראַכטען זיך אַלס די היטער פֿון דער גערעכטיגקייט, כדי זיי זאָלען פֿערשטעהן, אַז זיי זאָלען זיין וויניגער האַרט און ברוטאַל אין זייערע אורטהיילען און נעה־מען מעהר ריקזיכט אויף די יעניגע, וועלכע זיינען ניט מעהר ווי די אָפּפֿער פֿון דעם יעצטיגען געזעלשאַפֿטס־סיסטעם. איך בעדויער פֿון מיין טיעפֿען האַרצען, אַז דורך מיינע טהאַטען זיינען אויך פֿערוואונדעט געוואָרען איניגע אונשולדיגע מענשען, אָבוואָהל איך אַליין האָב מעהר ניט קענען געלערנט ווי די ביטערקייט פֿון לעבען. עס טהוט מיר אויך זעהר לייד אויף מיינע מיטאָנגעקלאָג־טע, מענשען וועלכע בעזיצען מיין פֿולע סימפּאַטהיע, און וועמענס גאַנצער פֿערברעכען בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי האָבען זיך בעקענט מיט מיין פּערזאָן. איך האָב געהאַנדעלט אין דעם נאָמען פֿון דער אַנאַרכיע, וועלכע שטעלט פֿאָר די גרויסע פֿאַמיליע, וואו אַלע מענשען־קינדער וועלען געפֿינען ברויט, אום איינצושטילען זייער הונגער. דורך מיינע טעראָריסטישע טהאַטען האָב איך געוואָלט אַרויסרופֿען די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט, אום די אָרימע און עלענדע פֿון דער געזעלשאַפֿט זאָלען בעגרייפֿען, אַז מיר זיינען די אמת׳ע פֿערטהיידיגער פֿון די אונטערדריקטע און בערויבטע. דאָס איז אַלעס, וואָס איך האָב צו זאָגען.״

„איז דאָס אַלעס?״ האָט געפֿרעגט דער פּרעזידענט.

„דאָס איז אַלעס, איהר מעגט זיך דערפֿון אויסקלייבען, וואָס איהר ווילט,״ האָט ראַוואַשאָל געענטפֿערט.

„נאָך אַ פֿראַגע האָב איך אייך צו פֿרעגען. די אונטערזוכונג האָט בעוויזען, אַז עס זיינען נאָך פֿאַראַנען 400 דינאַמיט־פּאַט־ראָנען. וואו זיינען זיי?״

„פֿערשפּאָרט אייך די אַרבייט, הערר פּרעזידענט, איך וועל עס אייך קיינמאָל ניט זאָגען.“

מיט דעם האָט זיך געענדיגט די פֿערהאַנדלונג געגען ראַוואַשאָל. די פֿערהאַנדלונגען געגען די איבעריגע אָנגעקלאָגטע זיינען געווען קורץ און וויניג אינטערעסאַנט. ראַוואַשאָל איז געווען די הויפּט־פֿיגור פֿון דעם פּראָצעס. אַלעס האָט זיך געדרעהט אַרום זיין פּערזאָן, וועלכע איז געווען דער מיטעל־פּונקט פֿון דער אַלגעמיינער אויפֿמערקזאַמקייט.

אַם בעסטען זיינען נאָך געווען די ערקלערונגען פֿון סימאָן. דער יונגער רעבעל האָט בעוויזען דעם גרעסטען מוטה פֿאַר זיינע ריכטער און האָט זיך ערקלערט סאָלידאַריש מיט ראַוואַשאָל און זיינע האַנדלונגען. ער האָט ניט אָבגעלייקענט, אַז ער האָט מיט־געהאָלפֿען מאַכען די באָמבעס און גענומען אַ דירעקטען אַנטהייל אין די אַטענטאַטען, אָבוואָהל ראַוואַשאָל האָט אַלצדינג גענומען אויף זיך.

פּסיכאָלאָגיש אינטערעסאַנט איז נאָך געווען די פֿערהאַנדלונג מיט שאָמאַנטען. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ מענשען, וועלכער איז מאָראַליש פֿאָלשטענדיג געבראָכען. זיין שטימע איז געווען פֿערשטיקט און זיינע אויגען אַראָבגעלאָזען, דען ער האָט ניט געקענט פֿערטראָגען די בליקען פֿון די איבעריגע אָנגעקלאָג־טע. ער האָט אַלעס ווידערהאָלט, וואָס ער האָט שוין אַרויסגע־געבען אין דער אונטערזוכונג, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט ער געמוזט צוגעבען, אַז ראַוואַשאָל האָט געמאַכט אויף אַלע דעם איינדרוק פֿון אַ נאָבעלען און הומאַנעם כאַראַקטער. „אַלע האָבען איהם געליעבט,“ האָט ער געזאָגט, „און ער איז געווען אַ גרוי־סער פֿריינד פֿון קינדער. אויך האָט ער אָפֿט אונטערשטיצט די פֿאַמיליע פֿון דעם פֿעראורטהיילטען אַנאַרכיסט דעקאַן מיט געלד.“

ראַוואַשאָל האָט געקוקט אויף דעם מאַן, פֿאַר וועלכען ער האָט אַזוי פֿיעל געטהאָן, און וועלכער האָט איהם צולעצט אַזוי שטאַרק קאָמפּראָמיטירט, מיט אַ טרויעריגען בליק, אָבער אָהן האַס און ביטערקייט, פּונקט ווי ער וואָלט איהם געוואָלט זאָגען, אַז ער האָט ניט צו איהם. נאָר אין געוויסע פֿראַגען האָט ער

אָבגעלייקענט די בעהויפטונגען פֿון שאָמאַנטען, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט צו בעשיצען אונזערע קאַמעראַדען.

נאָך די קורצע פֿערהאַנדלונגען געגען בעאַלאָ און מאַריעט סובער און די אויסזאָגען פֿון די פֿערשידענע עדות, האָט דער פּראָקוראָר געהאַלטען זיין שלום־רעדע. זיין געזיכט איז גע־ווען בלייך און זיינע הענד האָבען געציטערט, ווען ער האָט געפֿאָדערט דעם טויטעס־אורטהייל פֿאַר ראַוואַשאָל און סימאָן. ער האָט עס אַליין געפֿיהלט און דערפֿאַר האָט ער געמאַכט אַ העלדישע מינע און צוגערופֿען די געשוואָרענע די כאַראַקטערים־טישע ווערטער: „קוקט מיך אָן, אויב איך זעה אויס, אַלס ווען איך וואָלט געהאַט מורא!” אָבער גראַדע דורך דיזע ערקלעהרונג האָט ער פֿערראַטהען זיין איגערליכען צושטאַנד

נאָך די רעדען פֿון די אַדוואָקאַטען האָבען זיך די געשוואָ־רענע צוריקגעצויגען צו דער בעראַטהונג. שפּעטער מיט דריי שטונדען האָט דער פּרעזידענט בעקאַנט געמאַכט דעם אורטהייל. ראַוואַשאָל און סימאָן זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צו לעבענס־לענגליכען קערקער. די איבריגע האָט מען פֿרייגעשפּראָכען.

ראַוואַשאָל האָט רוהיג אויסגעהערט דעם אורטהייל, דאַן האָט ער זיך אויפֿגעהויבען און געזאָגט מיט אַ קלאָהרע און פֿעסטע שטימע: „איך בעגרים מיין פֿעראורטהיילונג מיט דעם רוף: „עס לעבע די אַנאַרכיע!” און סימאָן האָט איהם אונטער־שטיצט, אויסשרייענדיג: „עס לעבע די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן! עס לעבע די אַנאַרכיע!”

אַזוי האָט זיך געענדיגט דער ערשטער פּראָצעס אין פּאַריז. דער רעזולטאַט איז געווען אַ געוואַלדיגער. די צייטונגען האָבען גאַנץ עפֿענטליך ערקלעהרט, אַז די געשוואָרענע האָבען מורא געהאַט, אַז דער גאַנצער געריכט איז געשטאַנען אונטער דעם איינפֿלוס פֿון פֿורכט און שרעק. אין די וויץ־בלעטער האָט מען זיך אויסגעלאַכט פֿון דעם געריכט און פֿאָרגעשטעלט דעם שרעק פֿון דעם פּרעזידענט און די געשוואָרענע דורך קאָמישע פֿיגורען. אין דער ווירקליכקייט האָבען די מייסטע ניט ערוואַרטעט קיין אַנדער אורטהייל, און דאָך איז עס געווען אַן איבעראַשונג. אַלע

האָבען געפיהלט, אַז ראַוואַשאָל, דער אַנאַרכיסט איז געווען דער אייגענטליכער זיעגער און די געשוואָרענע די בעזיעגטע. זאָגאַר אין דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע האָט דיזעס געפיהל געפונען אַ מעהר אָדער וויניגער דייטליכען אויסדרוק. מען האָט געפיהלט אינסטינקטיוו, אַז דער פּראָצעס געגען ראַוואַשאָל איז געווען דער פּראָלאָג פון אַ גאַנץ נייער פּעריאָדע. דער אַנאַרכיזמוס האָט אָנגעקלאַפּט אין מהיר פון די מעכטיגע און זיי האָבען זיך אָנגעקוקט מיט בלאַסע געזיכטער, דען זיי האָבען פערשטאַנען דעם סימן.





## די עפענטליכע מיינונג און ראוואשאל.

בעפאר מיר וועלען זיך בעשעפטיגען מיט דעם צווייטען פראצעס געגען ראוואשאל און זיינע גענאסען, איז נויטוועדיג צו געבען א קורצען איבערבליק איבער די מערקווירדיגע און אויסערגעוועהנליכע שטימונג, וועלכע האט דאן בעהערשט די עפענטליכע מיינונג פון גאנץ פאריז, פון גאנץ פראנקרייך. עס פערשטעהט זיך, אז דיזע שטימונג איז ניט איבעראל געוועזן דיזעלבע. פון איין זייט האט דער שרעק, די מורא בעהערשט די גאנצע בורזשואזנע געזעלשאפט, און פון דער צווייטער זייט האבען ראוואשאל'ס טהאטען און זיין וואונדערבארע האלטונג פאר זיינע ריכטער געפונען א געוואלטיגען אבקלאנג אין אלע רעבעלישע און פרייהייטס־דורשטיגע הערצער, וועלכע האבען געביינקט ארויסצוקומען פון די אלטע פערשימעלטע פארמען דער געגענווארט. אין דערזעלבער צייט איז כמעט ניט פערגאנגען קיין טאג, וואו די צייטונגען זאלען ניט בעריכטען פון דינאמיט־עקספלאזיאנען און אטענטאטען אין אלע טהיילען פון פראנקרייך. מייסטענטהיילס זיינען עס געוועזן פערזוכע געגען די לעבענס פון ריכטער, פאליציסטען, הויז־בעזיצער א. ז. וו. די פעראורזאכער פון דיזע טעראריסטישע אקטען זיינען כמעט אלע געבליבען אונבעקאנט. און דיזע טהאטזאכע האט נאך פערגרעסערט די מורא פון די הערשענדע קלאסען. צאהלרייכע קאפיטאליסטען האבען פערלאזען פאריז. פיעלע ריכטער און געשוואוירענע האבען געמוזט ארויסציהען פון זייערע הייזער, דערפאר וואס אלע איבעריגע איינוואוינער האבען זיך ענטזאגט צו וואוינען מיט זיי אונטער איין דאך, מורא האבענדיג פאר אנארכיסטישע אטענטאטען. דער

פּאָליציי־קאָמיסאַר דרעש, וועלכער האָט אַרעסטירט ראַוואַשאָל האָט איבערהויפּט מעהר קיין וואוינונג ניט געפֿונען אין אַ פּריי־וואַט־הויז, און די רעגירונג איז געצוואונגען געווען איהם צו געבען אַ וואוינונג אין אַ שטאַאַטס־געביידע. דאָס זעלבע האָט שפּעטער געטראָפֿען מיט מאָנסיע דייבלער, דעם היינקער פֿון פֿראַנקרייך אָדער דעם „אינזשענער פֿון דער גיליאָטינע" ווי מען האָט איהם דאַן גערופֿען.

די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט פֿעראַנטוואָרטליך געמאַכט די פּאָליציי פֿאַר דיזען צושטאַנד. די פֿערטהיידיגער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג האָבען נאַטירליך ניט בעגריפֿען דעם סאָציאַלען כאַראַקטער פֿון אַלע דיזע פּאַסירונגען, זיי האָבען נאָר איין זאַך בעגריפֿען, אַז זייערע פּריווילעגיעס זיינען אין געפֿאַהר, די מורא האָט דורכגענומען זייערע הערצער, און אין זייער אונ־מעכטיגער פֿערצווייפֿלונג האָבען זיי אויסגעגאָסען זייער גאַנצען צאָרן אויף די פּאָליציי, וועלכע איז ניט געווען גענוג אַקטיוו, אום צו בעקעמפֿפֿען די אַנאַרכיסטישע געפֿאַהר. עס איז געווען די גאַנצע ברוטאַליטעט פֿון דעם בורזשואַזנעם שטאַנדפּונקט: „מיר בעצאָהלען זיי דאָך, טאָ פֿאַר וואָס טהוען זיי ניט זייער פֿליכט?"

אָבער גראַדע דיזע פֿייגע און שענדליכע שטעלונג פֿון די בעזיצענדע קלאַסען און זייערע פֿערטהיידיגער האָט נאָך פֿער־גרעסערט דאָס געפֿיהל פֿון עקעל געגען דיזע גאַנצע קאָרומפּירטע געזעלשאַפֿט, וועלכע גרינדעט זיך אויף דעם פֿונדאַמענט פֿון מענשליכער שקלאַפֿעריי און ערנידריגונג. פֿאַר די יונגע פֿראַנ־צויזישע קינסטלער און שריפֿטשטעלער איז דיזע פּעריאָדע געווען אַ קוואַל פֿון נייע אידעען און אַנשויאונגען. דער נאָמען ראַוואַשאָל האָט פֿערלוירען זיין קערפּערליכע בעדייטונג, ער איז געוואָרען די פֿערקערפּערונג פֿון אַלע רעבעלישע ליידענשאַפֿטען, די פֿער־קערפּערונג פֿון דעם ביטערען האַס און דער טיעפֿער פֿעראַכטונג געגען די היינטיגע אָרדנונג און איהרע פֿערטרעטער, וועלכע האָ־בען דורכגענומען אַלע נאָבעלע הערצער און נשמות. מען האָט איהם פֿאָרגעשטעלט אַלס דעם מערטירער פֿון אַ גרויסער אידעע, אַלס דעם בעל נקמה פֿאַר אַלע סאָציאַלע ליידען און שמערצען,

װעלכע פֿערשקלאַפֿען הײנט דעם גרעסטען טהײל פֿון דער מענש־הײט. בעריהמטע שריפֿטשטעלער װי אָקטאַװ מירבאָ, פּאָל אַדאַם, העקטאָר פֿראַנס, טאַבאַראַן, זאָ ד'אַקסאַ, אַ. גואיע, פּיער גיאַר און פֿיעלע אַנדערע האָבען פֿערהערליכט זײן נאָמען אין די בעדײטענדסטע צײטשריפֿטען און זשורנאַלען פֿון דער פֿראַנצױזישער ליטעראַטור. עס האָט זעלטען געגעבען אַ פּעריאָדע, װען די בירגערליכע געזעלשאַפֿט און אַלע איהרע אינסטיטוציאָנען זײנען אַזױ שרעקליך אַטאַקירט געװאָרען װי אין דיזער אונפֿערגעסליכער צײט. מען האָט אַרונטערגעריסען די היפּאָקריטישע מאַסקע פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט און איהרע פֿערטרעטער און זײ פֿאָרגעשטעלט אין זײער ריכטיגער און בלוטיגער געשטאַלט. עס זײנען געװעזען ליטעראַרישע לאַװאַ־שטראָמען, װעלכע האָבען זיך דאַן אױסגעגאָסען אױף די בירגערליכע קרעמער־װעלט װי אַ פֿײעריגער רעגען, װערטער פֿון האַס און ראַכע, מיטלײד און ליעבע, װעלכע האָבען געגעבען דעם פּסיכאָלאָגישען צושטאַנד פֿון יענער צײט זײן כאַראַקטעריסטישען אױסדרוק.

אַ גרױסאַרטיגע אילוסטראַציאָן פֿון דער װאונדערבאַרער שטימונג, װעלכע האָט דורכגענומען די גײסטער און הערצער פֿון דעם יונגען דור אין יענער פּעריאָדע איז געװען דער אַרטיקעל „מאָרגען“, װעלכען העקטאָר פֿראַנס האָט דאַמאָלסט פֿערעפֿענטליכט אין „לאַ פּלים“, און פֿון װעלכען מיר גיבען דאָ איבער אַ קלײנעם אױסצוג:

„געװיס, אױך מיר האָבען אױסגעפֿונען, אַז די גרעסטע שופֿטען רעגירען הײנט צו טאָג און די עהרליכע מענשען מוזען געדאָרכט. מיר װײסען, אַז דער ערגסטער הונד כאַפּט אַרײן דעם גרעסטען שטיק פֿלײש און דער געשיקטעסטער לומפּ איז דער ערשטער מאַן פֿון'ם שטאַאַט. אונזער זאָגענאַנטע גערעכטיגקײט איז ניט מעהר װי אַ געזעצליכע אונגערעכטיגקײט, װעלכע װערט בעשיצט פֿון הײנקער און זשאַנדאַרמען; אונזערע אינסטיטוציאָנען זײנען פֿערפֿױלט און קאָרומפּירט, און אונזערע פּאָליטיקער זײנען געמײנע קאָמעדיאַנטען. מיר בעגרײפֿען אױך די שענדליכקײט פֿון אַ סיסטעם, װאו אַ הײפֿעל לײדיגגעהער פֿערשװענדען מיליאָנען,

אין דערזעלבער צייט, ווען הונדערט טויזענדער פֿון אַרבייטער געהען אויס פֿון הונגער. געוויס, מיר ווייסען דאָס אַלעס, און פֿערדרויכערנדיג אַ גוטען סיגאַר, כדי בעסער צו פֿערדייען אונזער געשמאַקען דינער, זאָגען מיר צו זיך אַליין: דיזער צושטאַנד איז ווירקליך זעהר אַ טרויעריגער, אָבער וואָס איז צו טהאָן? די קומענדע דורות וועלען שוין אַלעס אַראַנזשירען ווי אַם בעסטען. און מיר פֿערגיסען זאָגאַר אַ פּאָר טרעהרען און פֿרייען זיך, וואָס מיר אַליין בעלאַנגען ניט צו די אָרעמע און עלענדע.

„אָבער די וואָס האָבען אַ ליידיגען מאָגען בעגרייפֿען ניט אַזאַ פֿילאָזאָפֿיע. וואָס אַרט זיי די קומענדע דורות! עס איז זייער דור, וועלכער שרייט פֿון הונגער און פֿיהלט די שמערצען פֿון אַ ליידיגען מאָגען. דער אָרעמער זעהט דעם זאַפֿטיגען קאָטלעט פֿון זיין נאַכבאַר, און אויב ער איז שטאַרקער פֿון איהם, וועט ער פֿערזובען איהם אַריינצוכאַפּען — דאָס רופֿט מען דעם „קאַמפּף אום דאַזיין“. מיראַבאָ האָט אַמאָל געשריבען, אַז „דער מענש האָט אַ רעכט אָנצואווענדען אַלע מיטלען צו צוברעכען זיינע קייטען.“ דאָס לעבען איז טהייערער ביים מענשען פֿון דעם גע־זעץ־בוך און דער מאָראַל. און איך וויל נאָך צוזעצען צו מיראַ־באָ'ס ווערטער דעם זאַץ: „דער מענש האָט אַ רעכט אָנצואווענ־דען אַלע מיטלען, אום איינצושטילען זיין הונגער!“

„די אַלטע באַרבאַרען האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אויף דער גענױסענדער רוימישער וועלט, און דער הונגער איז געווען דער איינציגער פֿעראורזאַכער פֿון זייערע האַנדלונגען. געזעלשאַפֿטען קומען און געהען אונטער אין דעם אייביגען איבערבייט פֿון'ם לעבען. וואָס איז אונז איבערגעבליבען פֿון די אַלטע ציוויליזאַציאָ־נען פֿון אַזיען, אַפֿריקאַ און אַמעריקאַ? — אַ פּאָר רואינען אין אַ וויסטע. און אַזוי ווי די אַלטע וועט אויך אונזער ציוויליזאַציאָן מעהר ניט איבערלאָזען ווי אַן אונאַנגענעהמע ערינערונג ביי די פֿעלקער. אַנדערע מענשען וועלען וואוינען אויף די רואינען פֿון דער היינטיגער וועלט, מענשען, וועלכע וועלען ניט קענען בע־גרייפֿען אונזערע דומהייטען און פֿערברעכען.

„טאַבולאַ ראַסאַ! דער טאָג פֿון דער גרויסער רעוואָלוציאָן

איז ניט מעהר ווייט! די אָנזאָגער פֿון'ם שטורם קומען פֿון אַלע ריכטונגען. די גרויסע אַרמעע פֿון די הונגער־ליידער פֿאָדערט איהר פּלאַץ ביי דעם רייכען מאָהלצייט פֿון דער נאַטור. זעהט איהר זיי קומען? זייער אָנבליק איז שרעקליך; זיי קומען אין געשלאָסענע רייהען — די רעבעלען פֿון דער צוקונפֿט! אין זייערע הענד טראָגען זיי פֿייער, בליי און דינאַמיט. די רויטע פֿאָהן, וועלכע איז שוין אין גאַנצען צוריסען געוואָרען פֿון די קוילען פֿון דער בורזשואַזיע, וועט אין גיכען פֿלאַטערן אויף די דעכער פֿון אונזערע פּאַלאַצען און באַנק־הייזער. אויף אונזערע בייכער וועלען זיי טאַנצען דעם טאַנץ פֿון ראַכע, די געקנעכטעטע און אויסגע־הונגערטע פֿון 6000 יאָהר!

„זיי האָבען זיך געבעטען ביי אייך: „גיט אונז אַרבייט, כדי מיר זאָלען האָבען וואָס צו עסען!" אייער ענטפֿער איז געווען: „מיר האָבען שוין צו פֿיעל הענד!" זיי זיינען דורשטיג געווען נאָך שעהנהייט, גליק און צופֿרידענהייט, און איהר האָט זיי געגעבען אַ נדבה. זיי האָבען זיך געוואָלט זעצען צום גרייטען טיש, נאָר איהר האָט זיי אַוועקגעטריבען און זיי צוגעוואָרפֿען די ברעקלעך פֿון אייער מאָהלצייט. זיי האָבען געוואוינט אין שמוציגע, פֿער־שטיקטע לעכער, דען איהר האָט אַוועקגעריבט פֿון זיי די פֿרישע לופֿט און די גאָלדענע שטראַהלען פֿון דער זון. און זיי אַליין, וואָס האָבען ניט קיין אייגענטהום און קיין געלד, קיין גליק און קיין פֿרייד אויף דער שעהנער וועלט, זיי, פֿאַר וועמען דאָס וואָרט „פֿאַטערלאַנד" האָט נאָר עקזיסטירט אין דער פֿאַנטאַזיע, זיי האָ־בען געשוויגען, ווען איהר האָט צוגענומען פֿון זיי זייערע זיהן, צו בעשיצען אייער אייגענטהום, אייער פֿאַטערלאַנד, אייער געלד־זאַק!

„און נאָכדעם ווי איהר האָט צוגע'גנב'עט אייערע רייכטהימער אויף די קאָסטען פֿון זייער עלענד, נאָכדעם ווי איהר האָט די הונגעריגע געטראָטען מיט די פֿיס, האָבען זיי זיך ענדליך אויפֿ־געהויבען צו פּראָטעסטירען געגען אייער אויסבייטונג און הערר־שאַפֿט. — וואָס האָט איהר זיי געענטפֿערט? איהר האָט זיי געענטפֿערט מיט ביקסען און קאַנאָנען און זיי פֿערשפּאַרט אין

אייערע קערקערס! — אַ נאָבעלער ענטפֿער! אַמאָל האָבען זיי געבעטען — היינט פֿאָדערן זיי! זיי ווילען לעבען און געניסען, דאָס איז זייער רעכט. איהר האָט זיי אויסגעשלאָסען פֿון'ם מאָהל־צייט, און דעריבער איז ניט מעהר ווי רעכט, ווען זיי פֿערזוכען איבערצוקעהרען דעם טיש מיט די געלאָדענע געסט. וואָס מיר אָנבעטרעפֿט, זעה איך ניט דערביי קיין גרויסען אונגליק.

„זאָלען זיי אונז ענדליך בעפֿרייען פֿון די בלוטזויגער און אויסבייטער, פֿון די באַנקירען און בערזען־שווינדלער; זאָלען זיי פֿערניכטען די גאַנצע געזעלשאַפֿט, פֿערברענען די באַנקען און פֿונאַנדעריאָגען די אַגענטען פֿון שווינדעל און גנבה! זאָלען זיי קאָכען די גאַנצע שווינדעל־באַנדע אין דעם גרויסען בריי־קעסעל, איך וועל זיין דער לעצטער, וועלכער וועט אויסשרייען: פֿייער! עס ברענט!"

דיזע ווערטער זיינען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די שטימונג, וועלכע דאָט דאַן געהעררשט אין דער יונגער ליטעראַרישער וועלט. העקטאָר פֿראַנס איז ניט קיין אויסגעשפּראָכענער אַנאַרכיסט, אָבער אין זיין אַרטיקעל געפֿינט דער גאַנצער האַס, די גאַנצע פֿעראַכטונג פֿון דער יונגער גענעראַציאָן אַן אָבקלאַנג געגען די שמוציגע קרעמער־מאָראַל פֿון אונזער צייט, געגען אַ געזעלשאַפֿט, וואו יעדע אידעאַלע שטרעבונג, יעדעס ריין מענשליכע געפֿיהל געהט אונטער אין דעם זומפּ פֿון די שמוציגסטע מאַטעריעלע אינטערעסען, וואו געלד האָט אַ גרעסערן ווערטה ווי מענשליכעס בלוט און מענשליכע טרעהרען. אָט פֿאַר אַלע דיזע יונגע קינ־סטלער און שריפֿטשטעלער איז ראַוואַשאָל געוואָרען אַ סימבאָל, די פֿערקערפּערונג פֿון אַ אידעע; זיי האָבען אין איהם געזעהען דעם מערטירער־טיפּ פֿון דעם מענשליכען עלענד, וועלכער נעהמט ראַכע פֿאַר אַלע ערנידעריגונגען און ליידען פֿון זיין קלאַסע, און וועלכער האָט אין דערזעלבער צייט דעם בעוואוסטזיין פֿון אַ בעסערער צוקונפֿט.

אָקטאַוו מירבאָ, דער גרויסער פֿראַנצויזישער שריפֿטשטעלער, וועלכער האָט אונז געשיינקט אַ גאַנצע סעריע פֿון ווערקע, וועלכע וועלען קיינמאָל ניט פֿערלירען זייער פּלאַץ אין דער וועלט־ליטע־

ראַטור, האָט דיזער שטימונג געגעבען אַ גרויסאַרטיגען אויסדרוק אין אַ וואונדערבאַרען אַרטיקעל, וועלכער איז ערשינען אין „אַן דעהאָר", באַלד נאָך דעם אורטהייל פֿון דעם פּאַריזער געריכט, איינינגע אויסציגע וועלען אונז אילוסטרירען די אַנזיכטען פֿון דעם גרויסען שריפֿטשטעלער:

„האָבען די געשוואָרענע, ניט קוקענדיג אויף די האַנדלונג אָן און פֿאַר זיך און אַלע איהרע שרעקליכע איינצעלהייטען, וועלכע מען האָט זיי פֿאָרגעשטעלט אין די דונקעלסטע פֿאַרבען, האָבען די געשוואָרענע געזעהען אין דיזער האַנדלונג די גרויסע אידעע פֿון דער צוקונפֿט, וועלכע גיט דער טהאַט איהר אייגענט־ליכען כאַראַקטער און מאַכט איהר גרויס און ערהאַבען?...

„איך האָב שטענדיג געפֿיהלט אין מיר אַ טיעפֿען אַבשיי פֿאַר בלוט־פֿערגיסונג, עלענד און טויט. איך ליעב דאָס לעבען, און אַלעס וואָס לעבט איז ביי מיר הייליג און טהייער. אָט דער־פֿאַר פֿאָדער איך פֿון דעם אַנאַרכיסטישען אידעאַל דאָס, וואָס קיין רעגירונג קען מיר ניט געבען: ליעבע, שעהנהייט און פֿרידען צווישען די מענשען. איך פֿאַר מיין פערזאָן האָב ניט קיין מורא פֿאַר ראַוואַשאָל. ער איז אַ פֿאָרבייגעהענדע ערשיינונג, אַקוראַט ווי דער שרעק, וועלכען זיין פערזאָן האָט אַרויסגערופֿען.

„... די געזעלשאַפֿט אַליין האָט איהם בעשאַפֿען. זי האָט בעשאַפֿען דאָס סאָציאַלע עלענד, און די רעוואָלט, דער טעראָ־ריזמוס איז דער רעזולטאַט. דאָס איז ניט מעהר ווי גערעכט, און מיר דאַרפֿען זיך רעכענען מיט דיזער ערשיינונג.

„דיזער ווינטער איז געווען שרעקליך. קיינמאָל איז דאָס עלענד ניט געווען אַזוי גרויס ווי אין דיזען יאָהר, דערפֿאַר ווייל מען האָט קיינמאָל ניט פֿערשטאַנען זיינע אורזאַכען אַזוי קלאָהר און דייט־ליך ווי היינט־צו טאָג און קיינמאָל בעפֿאָר איז דער רייכטהום און לוקסוס ניט געווען אַזוי גרויס ווי אין אונזער צייט.—די ערד פֿערשפרעכט אונז גליק און וואָהלזיין, נאָר מיר זיינען בלינד און טויב פֿאַר איהרע פֿערשפרעכונגען... די מאַגאַזינען זיינען אָנגע־פֿילט מיט קליידער, און טויזענדער מענשען געהען אַרום נאַקעט און אָבגעריסען; זיי זיינען אָנגעפֿילט מיט ברויט און אַנדערע

נאַהרונגס־מיטלען, און דאָך גיט עס מענשען, וועלכע שטאַרבען פון הונגער...

„... אַלעס איז שטיל ווי אין אַ קבר. און ווען עס רייסט זיך אַמאָל אַרויס אַ געשריי פון שמערץ פון די פערטריקענטע און בלאַסע ליפען פון די ליידענדע, דאַן רופט מען די זעלנער, מען גיט זיי ביקסען אין די הענד און... מיר זעהען דעם מאָרד אין טויזענדער פערשידענע פאָרמען, און דערפאַר האָבען מיר קיין רעכט ניט צו פערדאַמען דעם אונגעזעצליכען מאָרד, וועלכען דאָס עלענד אַליין האָט פראָדוצירט...“

די אַרטיקלען פון דעם יונגען היסטאָריקער טאַבאַראַן אין „אַן דעהאָר“, פון אַ. גואַיע אין „ל'אַר סאָסיאַל“ און פון פיער גיאַר אין'ם „מערקיר דע פראַנס“ זיינען דורכגעדרונגען געווען פון דעם זעלבען גייסט. דער דיכטער פאָל פאַיעט האָט ראַוואַשאָל פאָעטיש פערהערליכט אַלס דעם נייען קריסטוס, וועלכער איז געקומען אויף דער וועלט, אום צו ערלייזען מיט זיין בלוט די אָרעמע און עלענדע, די הונגעריגע פון אַ 6000 יעהריגער שקלאַפעריי.

גאַנץ אָריגינעל אין דער פאָרם און אינהאַלט איז געווען אַן אַרטיקעל, וועלכען פאָל אַדאַם האָט פערעפענטליכט אין „אַנטרעטיען“ אין דיזען אַרטיקעל, פון וועלכען מיר גיבען דאָ איבער אַ קורצען אויסצוג, צייגט זיך דייטליך אַרויס די מיסטישע זייטע פון פאָל אַדאַם'ס כאַראַקטער.

„די פאָליטיק וואָלט אונז היינט וויינינ וואָס אינטערעסירט, ווען די מערטירער־עפאָכע פון ראַוואַשאָל וואָלט ניט פלוצלונג ווידער אויפגעוועקט די לעגענדע פון אָפפער, די אויפאָפפערונג פון'ם לעבען פאַר דאָס מענשליכע גליק... נאָך די אַלע יוריסטישע דעבאַטען און דיסקוסיאָנען איבער די בערעכטיגונג פון דעם געזעצליכען מאָרד בלייבט ראַוואַשאָל דער פראָפאַגאַנדיסט פון דעם גרויסען געדאַנק, וועלכער איז געווען דער פונדאַמענט פון אַלע אַלטע רעליגיאָנען, דער געדאַנק, אַז דער אינדיווידועלער טויט איז ניצליך און נויטווענדיג, אום צו פערזיכערן דאָס גליק פון דער אַלגעמיינהייט. עס איז די אָבלייקענונג פון דעם אייגענעם

איך, די אויפאָפּפערונג פון דעם אייגענעם לעבען, דעם אייגע־נעם נאָמען, אום צו בעפרייען, צו ערלייזען די אָרעמע און שוואַ־כע. ראַוואַשאָל איז דער בענייער פון דער אידעע פון אויפאָפּ־פערונג...

„... ראַוואַשאָל האָט געזעהן די ליידען און שמערצען אַרום זיך, און די ליידען פון די אַנדערע האָבען איהם מעהר געשמערצט ווי זיינע אייגענע ליידען; אָט דערפאַר האָט ער אויפגעאָפּפערט זיין לעבען פאַר די ערלייזונג פון זיינע ברידער. זיין מיטלייד, זיין אַלטרואיזמוס, די קראַפט פון זיינע טהאַטען, זיין מוטה און העל־דישקייט, קוקענדיג דעם אונפערמיידליכען טויט אין די אויגען אַריין, דאָס אַלעס האָט איהם געגעבען דעם גלאַנץ פון אַ מיטאָ־לאָגישער פערזענליכקייט. אַ נייער הייליגער איז פאַר אונז גע־באָרען געוואָרען אין דיזער צייט פון ציניזמוס און איראָניע. זיין בלוט וועט אויפוועקען אַ נייען מוטה אין די הערצער און נייע מערטירער. פון דעם רויטען טייכעל לעבען דער גיליאָטינע וועט אַרויסוואַקסען די אידעע פון דער אַלגעמיינער מענשען־ליעבע. עס וועט זיין אַ פרוכטבאַרער טויט! אַ נייעס עראייגניס איז אָנגעשריבען געוואָרען אין די בלעטער פון דער מענשליכער געשיכטע. די געזעצליכע ערמאָרדונג פון ראַוואַשאָל וועט זיין דער אָנפאַנג פון אַ נייע ערא.“

אָבער די אַפּערע ראַוואַשאָל האָט ניט נאָר בעשעפטיגט די יונגע ליטעראַטען און קינסטלער, זי האָט אויך געפונען אַן אָב־קלאַנג אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט. אין נאָוועמבער 1892 איז ערשינען אין די ,,*Archives de l'Anthropologie criminelle*“ אַ וויסענשאַפטליכער זשורנאַל, וועלכער ווערט אַרויסגעגעבען פון דעם בעקאַנטען פראַנצויזישען געלעהרטען דר. לאַקאַסאַני, אַ גרויסער אַרטיקעל פון אַ פראָקוראָר מיט'ן נאָמען בעראַר. דער אַרטיקעל האָט זיך גערופען „די מענשען און די אַנאַרכיסטישע טהעאָריען“ און האָט זיך הויפטזעכליך בעשעפטיגט מיט ראַוואַשאָל. דער גאַנצער אַרטיקעל איז געוועזען פול מיט לעכערליכע איבער־טרייבונגען און אַבסורדע, אונבעגרינדעטע בעהויפטונגען. הערר בעראַר האָט פאַבריצירט אַן אייגענעם אַנאַרכיזמוס, און האָט דאַן

פערזוכט צו פערניכטען זיין אייגענעס גייסטיגעס קינד. דיזע־ אַרטיקעל וואָלט זיכער באַלד פערגעסען געוואָרען, ווען ער וואָלט ניט אַרויסגערופען אַן אויסגעצייכענטע קריטיק פון דעם בעקאַנ־ טען אַנאַרכיסטישען שריפטשטעלער און געלעהרטען א. האַמאָן. דיזע קריטיק איז ערשינען אונטער דעמזעלבען טיטעל ווי דער אַרטיקעל פון דעם פראָקוראָר און איז שפּעטער פערשפּרייט גע־ וואָרען אין טויזענדער עקזעמפּלאַרען אַלס בראָשורע. מיט אַ ביי־ סענדען סאַרקאַסמוס צערפליקט האַמאָן די „וויסענשאַפטליכע שטודיע" פון דעם יוריסט. יעדעס וואָרט ווירקט ווי דער קלאַפּ מיט אַ האַמער; מען בעקומט פּשוט מיטלייד אויף דעם אונ־ גליקליכען פּראָקוראָר, לעזענדיג דיזע שרעקליכע קריטיק. און נאָכדעם ווי האַמאָן איז ענדליך פאַרטיג מיט זיין קריטיק, ענדיגט ער מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„ניין מיין הערר, אייער אַרטיקעל איז ניט קיין שטודיע, דען זי פערדינט ניט דיזען נאָמען. איהר זייט אַ פּראָקוראָר און אַלס אַ פּראָקוראָר האָט איהר געשריבען אייער אַרטיקעל. אייער געהירן איז דורכגעדרונגען מיט אידעען, וועלכע מען האָט איינגעפּלאַנצט אין אייך אין אייער פאַמיליע, אין דער שולע, וואו איהר האָט שטו־ דירט אַלס אַ יוריסט, און אין דער בורזשואַזנער געזעלשאַפט, אין וועלכע איהר לעבט. איהר האָט ניט די פעהיגקייט צו אורטהיי־ לען די מענשען און די טהעאָריען פון דער אַנאַרכיע. איהר האָט געוואָלט געבען אַ קריטישע אַנאַליזירונג פון אַ בעשטימטער אידעע און איהר האָט געהאַלטען אַ רעדע אַלס אַנקלעגער און פּראָקוראָר, דער בעסטער בעוויז, ווי די אומשטענדע, אין וועלכע דער מענש לעבט, בעשטימען און בעאיינפלוסען זיינע געדאַנקען. איהר זייט בלינד דורך דעם פאַנאַטיזמוס פון דער פּאַרטיי און אייער סאָציאַלע שטעלונג. פון אַ מיטגליד פון די אויבערע צעהן טויזענד לאָזט זיך דאָס בעגרייפען, און איך האָב ניט צו אייך, אָבער דיזע אייגענשאַפטען שטעהען ניט אין אָנקלאַנג מיט דעם כאַראַקטער פון אַ וויסענשאַפטס־מאַן. איהר האָט געוואָלט שריי־ בען אַ וויסענשאַפטליכע שטודיע, אָבער אין דער ווירקליכקייט איז עס געווען די רעדע פון אַ פּראָקוראָר, וועלכער דונערט געגען

די פֿערברעכער, וועלכע זיינען אונצופֿרידען מיט דער יעצטיגער סאָציאַלער אָרדנונג און הויבען אָן צו רעוואָלטירען. בעגרייפֿען קען מען דאָס, אָבער די לעזער האָבען זיכער ניט פּראָפֿיטירט דערפֿון."

די שטעלונג פֿון דער אַנאַרכיסטישער פּרעסע איז נאַטירליך געווען נאָך שאַרפֿער און דראָהענדער. עס איז וואַהר, אַז אין דער ערשטער צייט זיינען די מיינונגען אים אַנאַרכיסטישען לאַגער איבער ראַוואַשאָל און זיינע האַנדלונגען געווען זעהר פֿערשידען. מערלינאָ האָט זיך זאָגאַר אויסגעשפּראָכען אין „ל'אָם ליבר" געגען ראַוואַשאָל, קורץ נאָך דעם ווי ער איז אַרעסטירט געוואָרען; אָבער ווי באַלד מען האָט זיך דערוואוסט, וואָס פֿאַר אַ שטעלונג ראַוואַשאָל האָט פֿערטרעטען אין דער אונטערזוכונג, אַז ער איז ניט קיין געוועהנליכער פֿערברעכער, וועלכער בענוצט זיך נאָר מיט דעם אַנאַרכיסטישען מאַנטעל, אום צו גלאָריפֿיצירען זיינע טהאַטען, האָט זיך באַלד איבערגעביטען די גאַנצע שטימונג. די „רעוואָלט" האָט פֿערעפֿענטליכט צאָהלרייכע אַרטיקלען איבער דעם אַנאַרכיזמוס און די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט און געבראַנדמאַרקט די בירגערליכע געזעלשאַפֿט אויף דעם שאַרפֿסטען אופֿן. זי האָט בעוויזען, אַז די טהאַטען פֿון ראַוואַשאָל זיינען די לאָגישע און אונפֿערמיידליכע קאָנסעקווענצען פֿון דעם יעצטיגען סיסטעם, און אַז זיי וועלען ערשט פֿערשווינדען מיט דעם אונטערגאַנג פֿון היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער און שטאַאַטליכער אָרדנונג.

דראָהענד און ליידענשאַפֿטליך איז געווען די שטעלונג פֿון דעם „פּער פּענאַר", טראָץ די שרעקליכע פֿערפֿאָלגונגען, וועלכע זיינע אַרויסגעבער האָבען דורכגעמאַכט אין יענער שטורמיגער פּעריאָדע. ער האָט ניט נאָר געווירקט אויף די ברייטע מאַסען דורך דאָס וואָרט, זאָנדערן אויך דורך זיינע פֿאָרטרעפֿליכע צייכנונגען. צוויי בילדער, וועלכע זיינען ערשינען אין יענער פּעריאָדע, זיינען געווען אויסערגעוועהנליך כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם מאָראַלישען צושטאַנד אין יענער צייט. איין בילד שטעלט פֿאָר אַ גראָבען בורזשואַ, וועלכער שטעהט אויף די קניע פֿאַר דער גיליאָטינע. אין דעם געזיכט איז אויסגעדריקט די גאַנצע פֿייגהייט,

די שרעקליכע מורא, וועלכע האָט דאַן דורכגענומען די הערצער פון די רייכע. די הענד זיינען אויסגעשטרעקט צום הימעל, און אונטער דער צייכנונג שטעהען די ווערטער: „הייליגע מוטער גי־ליאָטינע, העלף אונז! הייליגע גיליאָטינע, ערלייז אונז!"

דאָס צווייטע בילד איז ערשינען קורץ פאַר ראַוואַשאָל'ס פראָצעס אין מאָן־בריסאָן. ראַוואַשאָל שטעהט אין מיטען פון זיינע ריכטער און האַלט זיין אייגענעם קאָפּ אין די הענד. די ריכטער און געשוואָרענע אַנטלויפען אין אַלע ריכטונגען מיט מורא און פערצווייפלונג אין די צושראָקענע געזיכטער. און אונטער דעם בילד שטעהען די ווערטער: „איהר ווילט מיין קאָפּ? נעהמט איהם, אויב איהר האָט מוטה!"

מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַן איינדרוק דיזע שטעלונג פון דער ראַדיקאַלער פרעסע האָט געמאַכט אויף די גאַנצע עפענטליכע מיינונג. די אַפּערע ראַוואַשאָל איז געוואָרען אַ סימבאָלישע פאָרשטעלונג פון דעם גרויסען קאַמפּף צווישען רייכע און אָרעמע, אונטערדריקער און אונטערדריקטע, אין וועל־כער עס האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אַלע ליידענשאַפטען און פּסי־כאָלאָגישע מאָמענטען פון דיזען קאַמפּף. דער אַנאַרכיזמוס איז געווען אויף דער טאַגעס־אָרדנונג. איבעראַל האָט מען גערעדט און געשריבען וועגען דער „אַנאַרכיסטישער געפאַהר", און די פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע איז געמאַכט געוואָרען אין יענער צייט, איז געווען אַ געוואַלטיגע. אין די ברייטע מאַסען פון די אַרבייי־טער האָבען זיך אָנגעפאַנגען גאַנץ נייע שטרעבונגען. דער געדאַנק פון דער דירעקטער רעוואָלוציאָנערער אַקציאָן האָט זיך איינגע־וואָרצעלט אין די הערצער פון טויזענדער לוין־שקלאַפען, און דאַמאָלסט איז געשאַפען געוואָרען דער פונדאַמענט פאַר די יעצטיגע רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער־בעוועגונג אין פראַנקרייך.





# דער פראצעס פון מאנבריסאן.

### I.

נאָך דער פֿעראורטהיילינג אין פּאַריז האָט מען ראַוואַשאָל איבערגעגעבען צו דעם געריכט פֿון דער לאָאַר, און אַם 21 יוני 1892 האָט שטאַטגעפֿונען דער צווייטער פּראָצעס געגען איהם, בעאַלאָ און מאַריעט סובער אין מאָנבריסאָן. דער פּראָצעס האָט שוין געזאָלט שטאַטפֿינדען פֿריהער, דען די פֿאַקטען, אום וועלכע עס האָט זיך געהאַנדעלט, זיינען געוועזען קלאָהר און איבערצייגענד, וויל ראַוואַשאָל האָט קיין זאַך ניט אָבגעלייקענט; אָבער די מורא, וועלכע האָט דאַן בעהערשט די הערצער פֿון דער בעזיצענדער קלאַסע, איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט, איידער דאָס געריכט האָט געקענט בעקומען די נויטוועדיגע צאָהל פֿון די געשוואָרענע. און דאָך איז מאָנבריסאָן מעהר ניט געוועזען ווי אַ קליין שטעדטעל, ווייט פֿון פּאַריז און ווייט פֿון יעדען רעוואָלוציאָנערען איינפֿלוס. זיינע איינוואוינער האָבען פֿריהער אפילו ניט געהערט דאָס וואָרט אַנאַרכיזמוס, דאָסזעלבע וואָרט, פֿאַר וועלכען זיי האָבען פּלוצלונג אָנגעהויבען צו ציטערן, און וועלכעס איז מיט אַמאָל געלעגען אין די מיילער פֿון אַלעמען. די קליינע בורזשואַס פֿון מאָנבריסאָן זיינען פּלוצלונג אַרויסגעשליידערט געוואָרען פֿון זייער געוועהנליכען לעבען, די לאַנגווייליגקייט פֿון זייער דאַזיין, וועלכע איז פֿאַר זיי אַזוי טהייער געוועזען, איז פּלוצלונג אונטערבראָכען געוואָרען דורך די נאַכריכט, אַז דער פּראָצעס געגען דעם געפֿעהרליכען אַנאַרכיסט וועט שטאַטפֿינדען אין די מויערען פֿון מאָנבריסאָן און צוזאַמען מיט דיזער נאַכריכט איז אויך געקומען די פֿורכט,

די מורא פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער הויפּטשטאָדט, פֿון פּאַריז, די מורא, וועלכע האָט אַוועקגערויבט פֿון די פֿרומע בירגער פֿון מאָנבריסאָן דאָס בעדירפֿנים צו שלאָפֿען און דעם אַפּעטיט צו עסען.

די פּאָליציי האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום איינצו־שטילען די פֿערצווייפֿלונג פֿון די גוטע בירגער, וועלכע האָבען גע'חלום'ט מיט אָפֿענע אויגען, געטרוימט פֿון באָמבעס און דינאַמיט, פֿון אַנאַרכיסטען און קאָנספּיראַציעס, אָבער די פֿער־זיכערונגען פֿון דער פּאָליציי האָבען געמאַכט אַ קליינעם איינדרוק, דען מען האָט זיך דערמאָהנט אָן דאָס באָמבען־אַטענטאַט אין קאַפֿע ווערי און זיינע פֿאָלגען, וועלכעס האָט שטאַטגעפֿונען טראָץ דעם וואָס צעהנדליגע שפּיאָנען און פּאָליציסטען האָבען בעוואַכט דאָס הויז; און ווען די פּאַריזער פּאָליציי איז ניט אימשטאַנדע געווען צו פֿערהינדערן אַזאַ טהאַט, דאַן איז די פּאָליציי פֿון דעם שטעדטעל מאָנבריסאָן זיכער ניט אימשטאַנד צו פֿערהינדערן די אונטעראירדישע טהעטיגקייט פֿון אַנאַרכיסטישע קאָנספּיראַטאָרס. אָט דאָס זיינען געווען די אַרגומענטען, וועלכע האָבען בעשעפֿטיגט דעם קליינעם גייסט פֿון די קליינע בורזשואַס אין מאָנבריסאָן.

שוין דריי טעג בעפֿאָר דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען, האָט אין מאָנבריסאָן געהערשט אַן אמת'ער קריעגס־צושטאַנד. אַלע עפֿענטליכע געביידעס זיינען שטאַרק בעוואַכט געוואָרען פֿון פּאָליציסטען און שפּיאָנען, הויפּטזעכליך דאָס געריכטס־הויז. יעדער פֿרעמדער, וועלכער איז אָנגעקומען אין שטעדטעל, און מען האָט ניט באַלד פֿערשטאַנען דעם צוועק פֿון זיין קומען, איז זיכער אַרעסטירט געוואָרען, אַם וועניגסטענס האָט מען דורכ־געזוכט זיינע זאַכען, צו ער פֿיהרט ניט מיט זיך קיין דינאַמיט. מיט איין וואָרט, די פּאָליציי האָט בעוויזען, אַז זי פֿערשטעהט איהר האַנדווערק, און די גוטע בירגער פֿון מאָנבריסאָן זיינען איהר זיכער נאָך היינט דאַנקבאַר פֿאַר אַלע מאַסרעגלען, וועלכע זי האָט אָנגעווענדעט אין יענער מורא'דיגער צייט, ווען דער שרעק האָט דורכגענומען אַלע הערצער, אום צו ראַטעווען דאָס לעבען און די עקזיסטענץ פֿון די קליינע קרעמער.

ענדליך איז שוין געקומען דער טאָג פֿון'ם פּראָצעס, דער טאָג, וועלכער האָט מאָנבריסאָן בעריהמט און בעקאַנט געמאַכט אין דער גאַנצער וועלט.

דאָס געריכט פֿון מאָנבריסאָן האָט געהאַט צו האַנדלען מיט צוויי בעשטימטע טהאַטען, וועלכע ראַוואַשאָל איז בעגאַנגען אין 1891—די ערמאָרדונג פֿון דעם ערעמיט זשאַק ברינעל און זיין פֿערזוך צו בערויבען דעם טויטען קערפּער פֿון דער געשטאָרבענער קאָנטעסע דע לאַ ראָשטאַיע.

דיזע ביידע טהאַטען האָבען אין דערזעלבער צייט געוואָרפֿען אַ ליכט אויף די פֿערגאַנגענהייט פֿון דעם טעראָריסט—אַ טרויעריגע פֿערגאַנגענהייט, טרויעריג אין פֿולען זין פֿון וואָרט. ראַוואַשאָל איז געווען אַ ריכטיגער פּראָלעטאַריער־קינד, אַ מענש, וועלכער איז שוין פֿון קינדווייז אָן בעקאַנט געוואָרען מיט די ביטערע זייטען פֿון לעבען, מיט אַלע ליידען און שמערצען פֿון דער פּראָלעטאַרישער עקזיסטענץ. זיין פֿאָטער איז געווען אַן עלזאַסער מיט'ן נאָמען קעניגשטיין, זיין מוטער אַ געבאָרענע ראַוואַשאָל. אַלס אַ ניט־געזעצליך קינד, האָט ראַוואַשאָל שפּעטער אָנגענומען דעם נאָמען פֿון זיין מוטער. די לאַגע פֿון ראַוואַשאָל אין דער צייט פֿון זיין יוגענד איז געווען אַזוי שלעכט, אַז ער האָט זיך אפילו ניט געקענט אויסלערנען לעזען און שרייבען, און ערשט ווען ער איז אַלט געווען 20 יאָהר, האָט ער געלערענט דיזע עלעמענטאַרע קענטניסע, וועלכע אַנדערע מענשען לערנען שוין אַלס קינדער פֿון זעקס און זיעבען יאָהר. שוין אין דער פֿריהסטער יוגענד האָט ראַוואַשאָל אַליין געמוזט פֿערדינען זיין לעבען. די פֿרעהליכע קינדער־צייט, אָהן ליידען און זאָרגען, האָט פֿאַר איהם קיינמאָל ניט עקזיסטירט און האַס און ביטערקייט זיינען געווען די גרונד־בעדינגונגען, וועלכע האָבען איהם אַרומגערינגעלט פֿון אַלע זייטען. ראַוואַשאָל האָט דורכגעמאַכט די האַרטע שולע פֿון דעם מאָדערנעם אַרבייטער־לעבען אָבער איינמאָל איז אויך פֿאַר איהם געקומען דער מאָמענט, ווען ער האָט זאָגאַר ניט געפֿונען די מעגליכקייט צו פֿערקויפֿען זיין אַרבייטס־קראַפֿט. און דער הונגער, דאָס עלענד, דיזע שרעקליכער גע־

שטאַלטען, די שטענדיגע בעגלייטער פֿון דעם פּראָלעטאַריער, האָבען זיך איהם פֿאָרגעשטעלט אַלס די גרויזאַמע ערשיינונגען פֿון אַ גרויזאַמער געזעלשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן. „וואָס איז צו טהאָן?"—אָט דיזע פֿראַגע, וועלכע שפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דעם טעגליכען לעבען פֿון דער אַרבייטער־קלאַסע, האָט זיך אויך איהם געשטעלט און געפֿאָדערט אַ לייזונג. אָבער דער ענערגישער און שטאָלצער כאַראַקטער פֿון דיזען מאַן האָט איהם אָבגעהאַלטען פֿון צו ווערען אַ בעטלער אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, וועלכער זוכט אַרויסצורופֿען דאָס מיטלייד־געפֿיהל פֿון זיינע מיטמענשען דורך דעם עפֿענטליכען אויסדרוק פֿון זיינע ליידען און שמערצען. ראַוואַשאָל איז געגאַנגען דעם צווייטען וועג—ער איז געוואָרען אַ פֿערברעכער, אַ מענש, וועלכער שליסט זיך אַליין אויס פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט און פֿיהרט אָן אַ שטענדיגען קאַמפּף געגען איהרע פּרינציפּען און אינסטיטוציאָנען. ער האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט אַלע פֿאָרמען פֿון דעם פֿערברעכען. צוערשט איז ער געווען אַ שמוגלער, שפּעטער האָט ער געמאַכט פֿאַלשעס געלד, ער איז געוואָרען אַן איינברעכער און צולעצט אַ מערדער...... און אַלס אַ פֿערברעכער איז ראַוואַשאָל בעקאַנט געוואָרען מיט די אידעען און שטרעבונגען פֿון'ם אַנאַרכיזמוס. פֿאַר זיינע אויגען האָט זיך אויפֿגעטהאָן אַ גאַנץ נייע וועלט, און דאָס וואָס ער האָט שוין פֿריהער געפֿיהלט אַלס אַ דונקעלען אינערליכען אינסטינקט, האָט פּלוצלונג ביי איהם געפֿונען אַ קלאָהרען און בעשטימטען אויסדרוק. צום ערשטען מאָל האָט ער געקוקט אויף די ערשיינונגען פֿון לעבען מיט גאַנץ אַנדערע אויגען. ער האָט געזעהן דעם ביטערן קאַמפּף פֿון מיליאָנען אונגליקליכע מענשען־קינדער פֿאַר זייער שטיקעל ברויט, די ליידען און שמערצען פֿון די אָרעמע און עלענדע, די בלוטיגע וואונדען אויף דעם קערפּער פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט. ער האָט געזעהן מענער, וועלכע שטאַרבען גליך ביי גליד אונטער דעם שרעקליכען יאָך פֿון אַ וואַהנזיניגען אויסבייטונגס־סיסטעם, פֿרויען, וועלכע געהען אויס פֿון הונגער און עלענד, אין פּראָסטיטוציאָן און ערנידעריגונג; קינדער, וועלכע ווערען שוין געבאָרען

מיט די בלוטיגע סמנים פון קנעכטשאַפט און שקלאַפעריי. און ער האָט בעגריפען די גאַנצע וואהנזיניגקייט פון אונזער זאָגע־נאַנטער ציוויליזאַציאָן, דען ער האָט אַליין דורכגעמאַכט אַלע פאָרמען פון נויט און עלענד, אַליין געבלוטעט פון טויזענד וואונדען.

אָבער ראַוואַשאָל איז ניט געווען דער מאַן, וועלכער בע־נוגענט זיך מיט דער ערקענטנים, מיט דער אינערליכער איבער־ציינונג. ער האָט געפיהלט אין זיך דעם וואונש און דאָס בע־דירפנים צו אַרבייטען און ווירקען פאַר זיין איבערצייגונג, און אַלם מאַן דער טהאַט האָט זיין טהעטיגקייט לאָגישערווייזע גע־מוזט אָננעהמען אַ טעראָריסטישען כאַראַקטער. ראַוואַשאָל האָט פאָרטגעזעצט זיין טהעטיגקייט אַלס אַ זאָגענאַנטער „פערברעכער“, אָבער אין דעם אויגענבליק, ווען ער איז געוואָרען אַן אַנאַרכיסט האָבען זיינע טהאַטען בעקומען אַ בעשטימטע ריכטונג, אַ בע־שטימטען כאַראַקטער, וועלכער איז אין אָנקלאַנג געווען מיט זיינע איבערצייגונגען.

פיעלע געגנער פון׳ם אַנאַרכיזמוס האָבען זיך בענוצט מיט דער פערברעכערישער פערגאַנגענהייט פון ראַוואַשאָל אַלס אַן אַרגומענט געגען אונזערע אידעען. אָבער דיזע קלוגע העררן האָבען ניט אָנגעהויבען צו פערשטעהן די גרויסע בעדייטונג פון דיזען פסיכאָלאָגישען פראָבלעם. גראַדע ביי ראַוואַשאָל קענען מיר אַם בעסטען בעאָבאַכטען די ערציהענדע ווירקונג פון דעם אַנאַר־כיזמוס. ראַוואַשאָל איז געווען דאָס, וואָס מען רופט אין דער היינטיגער געזעלשאַפט אַ פערברעכער. די געזעלשאַפט אַליין האָט איהם בעשאַפען, די סאָציאַלע אומשטענדען, אונטער וועלכע ער האָט געלעבט, האָבען בעשטימט זיין וויטערע ענטוויקלונג. אַלס אַ פערברעכער האָט ראַוואַשאָל געדאַרפט אָנפיהרען אַ קריעג אויף לעבען און טויט מיט דער געזעלשאַפט און איהרע פער־טהיידיגער, און דער כאַראַקטער פון זיינע טהאַטען איז פאַר איהם געווען גאַנץ גלייכגילטיג, אַזוי לאַנג ווי זיי האָבען איהם געבראַכט אַ געוויסען נוצען. אָבער אין דעם אויגענבליק, ווען ער איז בעקאַנט געוואָרען מיט דעם אַנאַרכיזמוס, איז ער מעהר ניט

געווען אימשטאַנדע צו בעגעהן יעדע טהאַט, זאָנדערן נאָר אַזעלכע טהאַטען, וועלכע זיינען אין אָנקלאַנג געווען מיט זיינע איבער־צייגונגען, און וועלכע האָבען געהאַט אַ געוויסע פּראָפּאַגאַנדיס־טישע ווירקונג. אונטער דיזען איינפֿלוס האָט ער בעגאַנגען זיינע לעצטע עקספּראָפּריאַציעס און זיינע אַטענטאַטען, דורך וועלכע ער איז צולעצט אַריינגעפֿאַלען אין די הענד פֿון זיינע פֿערפֿאָל־גער. דיזע טהאַטזאַכען בעווייזען אַלזאָ פּונקט דעם געגענטהייל, און די יונגע קינסטלער און ליטעראַטען, וועלכע האָבען ראַוואַשאָל פֿערהערליכט, האָבען גראַדע דיזע זייטע פֿון דעם פּסיכאָלאָגישען פּראָבלעם זעהר גוט פֿערשטאַנען.

און אויסער דעם דאַרפֿען מיר אויך ניט פֿערגעסען, אַז די פּאָליציי האָט צוגעשריבען צו ראַוואַשאָל מאַנכע פֿערברעכען, פֿאַר וועלכע מען האָט ניט געהאַט דעם קלענסטען בעוויז, אַז ער האָט זיי ווירקליך בעגאַנגען. אין 1886 איז אין לאַ וואַריזעל ערמאָרדעט געוואָרען אַ געוויסער זשאַן ריוואָליע צוזאַמען מיט זיין דינסט; און אַם 28טען יוני 1891 האָט מען געפֿונען אין סט. עטיען די קערפּערס פֿון צוויי ערמאָרדעטע פֿרויען, מאַדאַם מאַרקאָן און איהר טאָכטער, וועלכע האָבען ביידע געהאַלטען אַ קליינעם שאָפּ אין דער אויבען דערמאָנטער שטאָדט. די פּאָליציי האָט קיינמאָל ניט אויסגעפֿונען די פֿעראורזאַכער פֿון דיזע פֿער־ברעכען, טראָץ דעם וואָס זי האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיה. פּלוצלונג, ווען ראַוואַשאָל און זיינע איבעריגע גענאָסען זיינען אַרעסטירט געוואָרען, האָט שאָמאַנטען ערקלעהרט פֿאַר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער, אַז ראַוואַשאָל האָט איהם דערצעהלט, אַז ער אַליין האָט בעגאַנגען דיזען פֿיער־פֿאַכען מאָרד. ראַוואַשאָל האָט אָבגעלייקענט מיט דער גרעסטער ענערגיע דיזע בעהויפּ־טונג, און די גאַנצע ראָלע, וועלכע שאָמאַנטען האָט געשפּיעלט אין די ביידע פּראָצעסען, זיינע אונצעהלבאַרע ווידערשפּרעכונגען א. ז. וו. האָבען קלאָהר און דייטליך בעוויזען, אַז ער איז געווען אַ ווערקצייג פֿון דער פּאָליציי, וועלכער האָט אויסגעזאָגט אַלעס, וואָס מען האָט נאָר געפֿאָדערט פֿון איהם. אויסער שאָמאַנטען'ס בעהויפּטונג גיט עס ניט דער קלענסטער בעוויז, אַז ראַוואַשאָל

איז געווען דער פּראוואָקאַטאָר פון די אויבען דערמאָנטע פער־
ברעכען. אָבער נאָך מעהר, ראַוואַשאָל האָט גאַנץ גוט געוואוסט,
אַז זיין קאָפּ איז סיי ווי סיי פערלאָרען, אַז זיין שיקזאַל קען שוין
ערגער ניט זיין, און טראָץ דעם האָט ער אָבגעלייקענט מיט דער
גרעסטער ענטשידענהייט די בעהויפּטונגען פון זיין פערטהיידיגער.
ראַוואַשאָל האָט גענומען אויף זיך די פולע פעראַנטוואָרטליכקייט
פאַר אַלע זיינע טהאַטען, און ער וואָלט זיכער ניט אָבגעלייקענט
דיזע טהאַטען, ווען ער וואָלט זיי ווירקליך בעגאַנגען. די פּאָליציי איז
אָבער זעהר פּראינטערעסירט געווען אין שאָמאַנטען'ס בעהויפּ־
טונגען, דען ערשטענס האָבען זיי ראַוואַשאָל שטאַרק קאָמפּראָ־
מיטירט פאַר דער עפענטליכקייט, און צווייטענס איז עס פאַר
איהרע פערטרעטער ניט געווען קיין עהרע, וואָס זיי זיינען ניט
אימשטאַנדע געווען אויסצוגעפינען די ווירקליכע פּראוואָקאַטאָר
פון דיזע טהאַטען. אָט דערפאַר האָט שאָמאַנטען'ס ערקלעהרונג
זיי געזאָלט אַרויסהעלפען פון דער פערלעגענהייט. פאַר דעם
פּראָקוראָר אַליין האָט שאָמאַנטען'ס בעהויפּטונג ניט געהאַט דעם
קלענסטען פּראַקטישען ווערטה, און ער האָט אפילו ניט פער־
זוכט אויסצואַרבייטען פון דיזער ערקלעהרונג אַ בעזונדערע אָנ־
קלאַגע געגען ראַוואַשאָל. אָבער טראָץ דעם גיט עס נאָך אַלס
גענוג געוויסענלאָזע פּרעס־קאָזאַקען, וועלכע זוכען איינצורייד
זייערע לעזער, אַז שאָמאַנטען'ס ערקלעהרונג איז אַ זעלבסט־
פערשטענדליכע וואַהרהייט.

* * *

די געשוואָרענע פון מאָנבריסאָן האָבען געהאַט די אויפגאַ־
בע אָבצוגעבען זייער אורטהייל איבער צוויי פערשידענע פער־
ברעכען, וועלכע ראַוואַשאָל האָט בעגאַנגען אין מאַי און יוני
1891. די ערשטע טהאַט איז געווען זיין פערזוך צו בערויבען די
לייכע פון דער קאָנטעסע דע לאַ ראָשטאַיע. ראַוואַשאָל האָט דאַן
געוואוינט מיט שאָמאַנטען, וועלכער האָט דאַמאָלסט געלעבט
אונטער שרעקליכע אומשטענדען. די גאַנצע פאַמיליע האָט גע־
הונגערט, און אָפטמאָל זיינען אַוועק טעג, וואו עס איז ניט געווען
קיין ביסען ברויט אין הויז. ראַוואַשאָל האָט שרעקליך געליטען,

זעהענדיג דיזען טרויעריגען צושטאַנד. ער האָט דאַן אַליין געלעבט אונטער די ערגסטע בעדינגונגען, אָבער די ליידען פֿון די אַנדערע זיינען נאָך ערגער געווען פֿאַר איהם ווי זיינע אייגענע. אַ געלעגענהייט וואו צו נעהמען געלד איז ניט געווען. ראַוואַשאָל האָט געמאַכט די פֿערשידענסטע פּלענער, נאָר צולעצט איז ער געפֿאַלען אויף אַ מערקווירדיגע אידעע. ער האָט אויסגעפֿונען, אַז אויף דעם בית עולם פֿון סענט־זשאַן־דע־באָנפֿאָנד געפֿינט זיך דער קבר פֿון דער פֿאַמיליע דע לאַ ראָשטאַיע. מיט עטליכע וואָכען בעפֿאָר איז געשטאָרבען די קאָנטעסע דע לאַ ראָשטאַיע, און ראַוואַשאָל איז איבערציינגט געווען, אַז ביי דער טויטער אין קבר וועט ער געפֿינען גאָלדענע רינגען און אַנדערע ווערטהפֿאָלע זאַכען. און ער איז געקומען צו דעם שלוס, אַז דיזע זאַכען קענען בעסער פֿערווענדעט ווערען, אום איינצושטילען דעם הונגער פֿון די לעבענדיגע, איידער צו ליגען אין דער ערד אַלס אַ בעפּוצונג פֿון אַ טויטע. אין דער נאַכט פֿון'ם 15־טען אויף'ן 16־טען מאַי 1891 האָט זיך ראַוואַשאָל גענומען צו דער אַרבייט. עס איז געווען אַ פֿינסטערע נאַכט, דער הימעל איז געווען שוואַרץ און דער רעגען האָט זיך געגאָסען טייכענווייז. ראַוואַשאָל איז אַריבערגעשטיגען די מויער פֿון דעם בית עולם, און אין דער פֿינסטערנים איז ער קוים אימשטאַנדע געווען אויסצוגעפֿינען דעם קבר. דער קבר איז פֿערמאַכט געווען מיט אַ ריעזיגען שטיין, וועלכער איז געווען 300 פֿונד שווער. אָבער די געוואַלטיגע קראַפֿט פֿון דעם טעראָריסט האָט אויך בעזיעגט דיזע הינדערנים. ראַוואַשאָל איז אַראָב געשטיגען אין אַן ענגען רוים; דאָרטען האָט ער געמוזט נאָך אַמאָל אַראָבשלעפּען אַ געוואַלטיגען שטיין פֿון 240 פֿונד געוויכט — דאַן ערשט איז ער געווען אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ. ער האָט אויפֿגעעפֿענט דעם זאַרג, אין וועלכען די טויטע איז געלעגען. אַ שרעקליכער ריח האָט פֿערפּעסטעט די אַטמאָספֿערע און האָט איהם באַלד אָבגענומען דעם אָטהעם. ראַוואַשאָל האָט אונטערזוכט די פֿינגער און דעם האַלז פֿון דער לייכע, אָבער אַלעס וואָס ער האָט געפֿונען, איז געווען אַ קליינער הילצערנער צלם. דיזע טהאַט וואָלט ראַוואַשאָל באַלד געקאָסט דאָס לעבען; דען ווערה-

רענד זיינע הענד האָבען אונטערזוכט די לייבע, איז דער צווייטער שטיין פלוצלונג צוריק אַרויפגעפאַלען אויף דעם איינגאַנג פון קבר. ראַוואַשאָל וואָלט כמעט דערשטיקט געוואָרען; אָבער מיט אַן איבערמענשליכער קראַפט האָט עס איהם געלונגען אויפצוהויבען די ריעזיגע לאַסט און אַרויסצוקומען פון דעם שרעקליכען אָרט.

שפעטער מיט פיער וואָכען האָט ראַוואַשאָל בעגאַנגען די צווייטע טהאַט, פאַר וועלכע ער האָט זיך געזאָלט פעראַנטוואָרטען אין מאָנבריסאָן. אין דער געגענד פון שאַמבעל אין מיטען אַ וואַלד האָט געוואוינט דער מאָנאַך זשאַק ברינעל, אַן אַלטער מאַן פון 82 יאָהר. זיין קליין הייזעל איז געוועזן איינגעריכטעט זעהר איינפאַך און פרימיטיוו. ער פלעגט שלאָפען אויף אַ געלעגער פון שטרוי, און אַ קליינער טיש מיט אַ שטוהל זיינען געווען זיין גאַנצעס אייגענטהום. די איינוואוינער פון די אַרומיגע דערפער האָבען ברינעל בעטראַכטעט פאַר אַ הייליגען מאַן. זיי האָבען איהם פערזאָרגט מיט געלד און לעבענס־מיטעל, און ער האָט געבעטען צו גאָט, אום צו ראַטעווען די פערלוירענע נשמות. אַלע זיינען איבערצייגט געווען, אַז דער אַלטער ברינעל, וועלכער האָט געהאַלטען אין איין שנאָרען, איז זעהר, זעהר אָרעם, אַז ער גיט אַוועק דאָס לעצטע צו די אָרעמע און לעבט אַליין פון טרוקענע ברויט און וואַסער. אָבער דיזע מיינונג איז געווען אַ פאַלשע, דען דער אַלטער מאָנאַך האָט צונויפגעקליבען אַלע געלדער און זיי בעהאַלטען אונטער זיין געלעגער. ער האָט ניט אויסגעגעבען קיין סו און זיין גאַנצער פערמעגען איז געווען זיין בעהאַלטענער שאַץ.

אַם 20־טען יוני 1891 האָט מען דעם אַלטען ברינעל געפונען טויט אין זיין הייזעל, און דער אַרצט האָט באַלד אויסגעפונען, אַז ער איז דערוואָרגען געוואָרען. געפונען ביי איהם האָט מען נאָך 1,200 פראַנק אין קופער, ד. ה. אין פענים און הייפענים, אָבער קיין גאָלד און זילבער. די פאָליציי איז אַלזאָ באַלד געקומען צו דעם שלוס, אַז דער אָדער די פערברעכער האָבען גענומען מיט זיך דאָס גאָלד און זילבער געלד, נאָר דעם רעסט האָבען זיי געמוזט איבערלאָזען, ווייל עס איז געווען צו שווער אַוועקצושלעפען.

דיזעס מאָל האָט די פּאָליציי אָבער באַלד אויסגעפֿונען דעם פֿעראורזאַכער פֿון דיזער טהאַט און זיינע מיטהעלפֿער. עס איז קיין אַנדערער ניט געווען ווי ראַוואַשאָל, וועלכער האָט דורך ערגענץ אַ צופֿאַל געמוזט אויסגעפֿינען, אַז דער אַלטער שנאָרער איז אין דער ווירקליכקייט אַ רייכער מאַן, און דערפֿאַר האָט ער בעשלאָסען איהם צו בעפֿרייען פֿון זיין זינד, ד. ה. פֿון זיין געלד און עס צו פֿערווענדען פֿאַר אַ בעסערען צוועק. ראַוואַשאָל האָט זיכער ניט געהאַט די אַבזיכט צו ערמאָרדען דעם אַלטען, נאָר ברינעל האָט אָנגעהויבען צו מאַכען געוואַלטען, און דערפֿאַר איז ראַוואַשאָל געווען געצוואונגען איהם שטיל צו מאַכען. אָבער שוין מיט אייניגע טעג שפּעטער האָט די פּאָליציי אייסגעפֿונען אַלע איינצעלהייטען פֿון דער טהאַט און ראַוואַשאָל, זיין געליעבטע, מאַדאַם רוליער און צוויי פֿריינדע זיינע, קלאָד פֿאַשאַר און פּיער קראָזע, זיינען אַרעסטירט געוואָרען. דער טאָג פֿון דעם פּראָצעס איז שוין בעשטימט געווען, אָבער פּלוצלונג האָט זיך ראַוואַשאָל איינגעגעבען צו אַנטלויפֿען. מען האָט איהם נעמליך טראַנספּאָרטירט אויף אַ צווייטען פּלאַץ. פֿינף וועכטער האָבען איהם בעגלייטעט, דער ריעזען־שטאַרקער מאַן האָט אויף דעם וועג געמאַכט אַ פֿערצווייפֿעלטע אַטאַקע אויף זיינע היטער און עס האָט איהם ווירקליך געלונגען זיך אַרויסצודרעהען פֿון די הענד פֿון זיינע פֿערפֿאָלגער.

די איבעריגע דריי זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען, קראָזע צו איין יאָהר, פֿאַשאַר צו פֿינף יאָהר און מאַדאַם רוליער צו זיעבען יאָהר קערקער.

די פּאָליציי האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיהע אויסצוגעפֿינען דעם געפֿעהרליכען אַטענטעט״ר, אָבער אַלע איהרע אָנשטריינגונגען זיינען געווען אומזיסט, און ערשט מיט אַ יאָהר שפּעטער, נאָך די ביידע דינאַמיט־אַטענטאַטען אין דער רי קלישי און דעם בולוואַר סט. זשערמען, איז ראַוואַשאָל צום צווייטען מאָל אַרעסטירט געוואָרען.

דאָס זיינען געווען די ביידע טהאַטען, פֿאַר וועלכע ראַוואַשאָל האָט זיך געדאַרפֿט פֿעראַנטוואָרטען פֿאַר דעם געריכט פֿון מאָנבריסאָן.

.II

דאָס געריכטס-געביידע פֿון מאָנבריסאָן איז געווען בעוואַכט ווי אַ בעלאַגערטע פֿעסטונג. די גאַלעריע איז בעזעצט געווען פֿון זשורנאַליסטען און נייגיריגע צושויער, וועלכע האָבען געהאַט דאָס גליק צו בעקומען אַן איינטריטס-קאַרט. אַלע בליקען זיינען געריכטעט געווען אויף די קליינע טהיר, דורך וועלכע ראַוואַשאָל און זיינע צוויי מיט-אָנגעקלאָגטע האָבען געדאַרפֿט אַריינקומען אין געריכטס-זאַל. ענדליך איז געקומען דער מאָמענט, וועלכען אַלע האָבען מיט אונגעדולד ערוואַרטעט. ראַוואַשאָל איז געווען רוהיג און פֿעסט ווי געוועהנליך. ער האָט געקוקט אויף דאָס פּובליקום, פּונקט ווי ער וואָלט גאָר ניט בעטהייליגט געווען אין דער גאַנצער אַפֿערע, און ווען ער האָט דערזעהן זיין ברודער צווישען די עדות, האָט ער פֿריינדליך געשמייכעלט און געמאַכט אַ בעוועגונג מיט דער רעכטער האַנד. דער פּרעזידענט דאַריגראַן האָט באַלד ערעפֿענט די זיצונג, און נאָכדעם ווי דער עפֿענטליכער אָנקלעגער האָט פֿאָרגעלעזען די אָנקלאַגע, האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די אייגענטליכע פֿערהאַנדלונג.

„איהר זייט נאָך קיינמאָל ניט פֿעראורטהיילט געוואָרען" — האָט דער פּרעזידענט אָנגעהויבען פֿרעגען ראַוואַשאָל — „נאָר איהר זייט שוין אַרעסטירט געווען פֿאַר מאַכען פֿאַלשע געלד. איהר האָט אַליין צוגעגעבען, אַז איהר האָט עס געטהאָן."

„גאַנץ ריכטיג!" האָט ראַוואַשאָל געענטפֿערט רוהיג, „איך האָב ניט קיין אורזאַכע צו בעהאַלטען מיינע טהאַטען."

„איהר זייט אויך געווען אַ שמוגלער."

„יאָ, פֿאַר אַ געוויסע צייט בין איך געווען אַ שמוגלער."

„מען גיט אייך ניט קיין גוטען כאַראַקטער. מען זאָגט, אַז איהר זייט זעהר בייז און פֿאַלש, און אַז איהר בענוצט זיך באַלד מיט געוואַלט."

„ווען איך וואָלט ווירקליך געווען אַזוי פֿאַלש און פֿערשלאָסען, ווי איהר שטעלט מיך פֿאָר, וואָלט איך זיכער ניט אַרעסטירט געוואָרען. פֿאַר וואָס האָב איך אָנגעווענדעט געוואַלט ? פֿאַר

וואָס? פֿרעגט יעדען איינעם, מיט וועמען איך בין געקומען אין אַ נעהנטערע בעריהרונג, צו איך בין געווען שלעכט און פֿאַלש צו איהם!"

„איהר זייט קיינמאָל ניט געגאַנגען אָהן אַ רעוואָלווער אין קעשענע."

נאָך דיזע פֿראַגען און בעמערקונגען איז דער פּרעזידענט באַלד איבערגעגאַנגען צו דער ערמאָרדונג פֿון דעם ערעמיט זשאַק ברינעל.

„דער ערעמיט האָט געוואוינט אַ האַלבען יאָהרהונדערט אין דיזער געגענד, און קיינער האָט אפילו ניט געטרוימט איהם צו בערויבען."

„דערפֿאַר וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט, אַז ער איז רייך," האָט ראַוואַשאָל געענטפֿערט.

„האָט איהר געהאַט די אַבזיכט צו טויטען דעם ערעמיט, כדי אַליין צו ווערען רייך?"

„ווי איהר זעהט בין איך ווירקליך געוואָרען רייך דורך מיין טהאַט; אַזוי רייך, אַז איך האָב מעהר קיין סו ניט. איך האָב איבערהויפּט ניט געהאַט די אַבזיכט צו טויטען דעם אַלטען. איך האָב נאָר געוואָלט צונעהמען זיין געלד פֿון איהם, דערפֿאַר וואָס ער האָט עס ניט געדאַרפֿט, דען ער איז געווען אַלט און האָט ניט געהאַט צו ערנעהרען קיין פֿאַמיליע."

דער פּרעזידענט גיט אַ קורצען איבערבליק איבער די ער־מאָרדונג פֿון דעם ערעמיט, און שטעלט פֿעסט, אַז די טהאַט איז בעגאַנגען געוואָרען אַם 19־טען יוני 1891 אין מיטען העלען טאָג. דאַן געהט ער ווייטער אָן מיט זיינע פֿראַגען:

„ווי אַזוי האָט איהר געטויטעט דעם מאָנאַך?"

„איך בין געגאַנגען צו איהם און האָב איהם געגעבען 50 פֿראַנק אין פּאַפּיר און איהם געזאָגט: נעהמט אַראָב פֿאַר אייך 20 פֿראַנק און גיט מיר 30 פֿראַנק צוריק. פֿאַר דאָס געלד וועט איהר בעטען פֿאַר מיין נשמה. — אַך, איך האָב ניט קיין געלד, האָט ער געענטפֿערט, איך בין אַן אָרעמער מאַן. יעצט האָב איך מיר גענומען צו דער אַרבייט, אום אַליין אויסצוגעפֿינען זיין געלד.

ער האָט מיר געוואָלט אָבהאַלטען. איך האָב איהם געהייסען שווייגען. ער האָט ניט געוואָלט, און דערפאַר האָב איך געטהאָן דאָס, וואָס איהר ווייסט שוין."

„אָבער די געשוואוירענע ווייסען ניט די איינצעלהייטען."

„איך האָב אַלעס ערקלעהרט אין דער אונטערזוכונג; כ'האָב קיין זאַך ניט אָבגעלייקענט, און די געשוואוירענע זיינען גוט בע־קאַנט מיט דער גאַנצער אַפּערע."

דער פרעזידענט ערקלעהרט נאָך אַמאָל אויספיהרליך אַלע איינצעלהייטען פון דער טהאַט און שטעלט ראַוואַשאָל פערשידענע פראַגען, וועלכע ער פערענטפערט מיט קורצע ווערטער. נאָך דעם ערקלעהרט דער פרעזידענט די געשוואוירענע, ווי אַזוי ראַוואַשאָל האָט אַוועקגעפיהרט דאָס געלד פון דעם אַלטען. די זאַך איז ניט געווען אַזוי לייכט, דען דאָס פערמעגען פון דעם ערעמיט אין גאָלד, זילבער און קופער איז געווען 260 פונד שווער, און ראַ־וואַשאָל האָט געמוזט צוויי מאָל געהן, איידער ער איז אימשטאַנד געווען אַוועקצושלעפען דעם גרעסטען טהייל פון דאָס געלד.

דער פרעזידענט ערקלעהרט ווייטער, אַז ראַוואַשאָל איז שוין געווען אַרעסטירט וועגען דיזער אַפערע, אָבער אונגליקליכערווייזע האָט זיך איהם איינגעגעבען צו אַנטלויפען.

„איהר האָט זיך אַרויסגעדרעהט פון די הענד פון פינף פערזאָנען", האָט ער געזאָגט צו ראַוואַשאָל. „דאָס איז געווען אַ גרויסער אונגליק. געפינט איהר ניט אַליין, אַז דאָס איז געווען העכסט בעדויערליך?"

„עס איז נאָך פיעל מעהר צו בעדויערן, דאָס אונזער געזעל־שאַפט בעקימערט זיך ניט וועגען די נאַטירליכע בעדירפניסע פון איהרע מיטגלידער. ווען מען וואָלט בעסער פערוועגדעט דאָס געלד, וואָס עס קאָסט די פעראורטהיילונג פון אַ מענשען, אום צו העלפען די אונגליקליכע, וואָלטען פיעל זאַכען ניט פאָרגעקומען."

איהר בעדויערט אַלזאָ ניט, וואָס עס האָט זיך אייך געמאַכט צו אַנטלויפען?"

„איך בעדויער דעם יעצטיגען סאָציאַלען צושטאַנד פון אונזער

געזעלשאַפט. מען וואָלט פֿיעלעס געקענט איבערבייטען, נאָר מען וויל עס ניט."

ביי דיזע ווערטער אונטערברעכט איהם דער פּרעזידענט:

„ראַוואַשאָל, מיר זיינען דאָ ניט אין פּאַריז."

„איך האָב אַ רעכט אויסצודריקען מיינע געדאַנקען."

„ניין, איך דיינק ניט, אַז דאָס איז ניצליך פֿאַר אייער פֿערטהיידיגונג. מיר האָבען זיך דאָ אויסשליסליך צו בעשעפֿטיגען מיט די אָבשייליכע פֿערברעכען, וועלכע איהר האָט בעגאַנגען, און וועלכע האָבען אַבסאָלוט ניט וואָס צו טהאָן מיט פּאָליטיק."

„איך רעד אין דעם נאָמען פֿון די אַרבייטער!"

„איהר האָט קיין רעכט ניט צו ריידען אין זייער נאָמען. אויב איהר ווילט, מעגט איהר ריידען אין דעם נאָמען פֿון די מערדער, איהר וואָס זייט געווען גענוג פֿייג צו ערמאָרדען אַן אַלטען מאַן."

„איהר רופֿט מיך פֿייג? איהר? ווייסט איהר דען ניט, אין וואָס פֿאַר אַ געפֿאַהר איך בין שטענדיג געווען? איך האָב געטויטעט דעם מאַנאַך אין מיטען העלען טאָג. איז דאָס די האַנדלונג פֿון אַ פֿייגלינג? אפשר וואָלט עס געווען מוטהיגער פֿון מיר, ווען איך וואָלט רוהיג קראַפּירט פֿון הונגער?"

דער פּרעזידענט ווערט זעהר אויפֿגערעגט. ער בעשולדיגט ראַוואַשאָל, אַז ער בענוצט זיך נאָר מיט אַ געוויסע אידעע, אום צו רעכטפֿערטיגען זיינע פֿערברעכען, וועלכע ער האָט בעגאַנגען, אום צו בעפֿרידיגען זיין פּערזענליכען עגאָאיזמוס. נאָך אַ פּויזע ערקלעהרט דער געריכטס־פּרעזידענט די געשוואוירענע, אַז שאָמאַנטען בעהויפטעט, דאָס בעאַלאַ האָט איהם דערצעהלט, אַז ראַוואַשאָל איז געווען דער מערדער פֿון מאַדאַם מאַרקאָן און איהר טאָכטער.

„פֿאַרוואָס ווילט איהר ניט צוגעבען דיזען מאָרד," פֿרעגט דער פּרעזידענט ראַוואַשאָל'ן. „איהר וועט דורך דעם אייער לאַגע ניט ערגער מאַכען, ווי זי איז. פֿערקעהרט!"

„איך וועל קיינמאָל ניט צוגעבען אַ פֿערברעכען, וועלכעס איך האָב ניט בעגאַנגען," ענטפֿערט ראַוואַשאָל מיט אַ פֿעסטער און ענערגישער שטימע.

„אפשר וועט איהר אויך אָבלייקענען, אַז איהר האָט פֿער־זוכט צו בערויבען די לייכע פֿון דער קאָנטעסע דע לאַ ראָש־טאַיע ?"

„איך האָב עס אייך אַליין דערצעהלט אין דער אונטערזוּ־כונג, פֿאָלגליך האָב איך ניט קיין אורזאַכע עס אָבצולייקענען."

„און ווי אַזוי האָט איהר געקענט בעגעהן אַזאַ שרעקליכע טהאַט ?"

„דערפֿאַר ווייל די נויטה האָט מיר געטריבען דערצו. עס איז געווען פֿאַר מיר אַ נויטהווענדיגקייט. איך מוז צוגעבען, אַז דיזע טהאַט איז געווען אַ שרעקליכע, אַן עקעלהאַפֿטע טהאַט; אָבער איך האָב זיך געזאָגט, אַז עס איז בעסער צו נעהמען דאָס געלד פֿון אַ טויטע, אום איינצושטילען דעם הונגער פֿון די לעבעדיגע."

„ס'איז גוט! איהר מעגט זיך זעצען!"

„איך האָב נאָך אָבצוגעבען אַן ערקלעהרונג. איך וויים, אַז מיין קאָפּ איז פֿערשפּיעלט, און ווען איך קעמפּף נאָך ווייטער, טהו איך עס פֿאַר דער אַנאַרכיע, דען איך וויים, אַז מען וועט נעהמען ראַכע פֿאַר מיר."

דער פרעזידענט אונטערברעכט ראַוואַשאָל צום דריטען מאָל.

„גענוג שוין, ראַוואַשאָל! עס וועט אייך ניט העלפֿען. איהר וועט האָבען דאָס וואָרט צום שלוס פֿון דער פֿערהאַנדלונג, יעצט איז ניט די צייט פֿאַר אייך צו ריידען."

דער פרעזידענט ווענדעט זיך יעצט צו בעאַלאַ, דעם צוויי־טען אָנגעקלאָגטען.

„איהר ווייסט, אַז שאָמאַנטען קלאָגט אייך אָן, אַז איהר האָט גענומען אַן אַנטהייל אין דער ערמאָרדונג פֿון מאַדאַם מאַרקאָן און איהר טאָכטער ? ער בעהויפּטעט, אַז איהר האָט איהם אַליין אָנגעטרויט אייער געהיימנים."

„איך האָב ראַוואַשאָל קיינמאָל ניט געזעהן אין סענט עטיען" — האָט בעאַלאַ געענטפֿערט — „און איך האָב קיינמאָל ניט גערעדט מיט שאָמאַנטען איבער דאָס פֿערברעכען. שאָמאַנטען איז אַן עלענדער שפּיאָן. אין פּאַריז האָט ער פֿעראורזאַכט די פֿער־

אורטהיילונג פון אַ קינד, פון סימאָן. איך וואָלט מיר בעסער געלאָזט פעראורטהיילען צום טויט, איידער צו בעגעהן אַזאַ טהאַט. אויסערדעם האָב איך נאָך צו ערקלעהרען, אַז מען האָט די גאַנצע צייט, וואָס איך בין דאָ, פערהינדערט מיין פערטהיידיגונג. דער פּראָקוראָר האָט מיר געסטראַשעט, אַז ער וועט פערלענגערן מיין געפאַנגענשאַפט, אויב איך וועל ניט אַלעס צוגעבען. איך האָב יעדעסמאָל פּראָטעסטירט און ערקלעהרט, אַז איך בין אונשולדיג, נאָר פון דעסטוועגען האָט מען מיך געלאָזט שמאַכטען מיט זעקס מאָנאַטען לענגער."

„דאָס איז אַ פערלוימדונג, בעאַלאַ; דאָס איז געגען יעדע יוריסטישע געוואוינהייט. קיינער וועט אייך ניט גלויבען."

„אין פּאַריז האָט מען אונז בעהאַנדעלט אַנשטענדיג, דאָ ניט!"

דער פּרעזידענט האָט אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד. דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו מאַריעט סובער.

„און איהר, וואָס האָט איהר צו זאָגען? מען בעהויפּטעט, אַז איהר זייט געשטאַנען פאַר'ן הויז, ווען מען האָט ערמאָרדעט דיביידע פרויען."

„ס'איז פאַלש!"

„שאָמאַנטען איז עס, וועלכער בעשולדיגט אייך!"

„ער איז אַ ליגנער!"

דער פּרעזידענט האָט יעצט אויפגעפאָדערט שאָמאַנטען צו ווידערהאָלען זיינע בעהויפּטונגען. ער האָט עס געטהאָן מיט אַ וויינענדיגער שטימע. זיין געזיכט איז געווען בלאַס און זיין קערפּער האָט געציטערט. יעדען אויגענבליק האָט ער זיך ווידערשפּראָכען פון דאָס ניי.

„איז דאָס אַלעס ריכטיג, וואָס איהר האָט אונז דאָ ערצעהלט," האָט איהם געפרעגט דער פּרעזידענט, ווען ער האָט געענדיגט.

„יאָ!" האָט ער געענטפערט. „און איך גלויב, אַז ראַוואַשאָל וועט עס אַליין צוגעבען, דען ער האָט אַ נאָבעלען כאַראַקטער. ער וויל נאָר ראַטעווען בעאַלאַ'ן, אָבער זאָל ער ניט פערגעסען, אַז דיזער גענאָסע וויל מאַכען, אַז מען זאָל מיר ערמאָרדען, בעהויפּטענדיג, אַז איך בין אַ שפּיאָן."

די דריי אָנגעקלאָגטע האָבען איינשטימיג פּראָטעסטירט געגען דיזע בעהויפּטונג. ראַוואַשאָל האָט שאַמאַנטען אָנגעקוקט מיט אַ טרויעריגען בליק, אָהן האַס און ביטערקייט און האָט רוהיג ערקלעהרט:

„איך פּראָטעסטיר נאָך אַמאָל מיט דער גרעסטער ענערגיע געגען די בעהויפּטונגען פון שאַמאַנטען. איך האָב איהם קיינמאָל ניט דערצעהלט, אַז איך האָב בעגאַנגען דאָס פערברעכען אין לאַ וואַריזעל. נאָך דער ערמאָרדנונג פון דעם ערעמיט האָבען די צייטונגען אויך ווידער דערמאָהנט דאָס ערשטע פערברעכען, און עס איז מעגליך, אַז מיר האָבען גערעדט וועגען דיזער אַפּערע. דאָס איז אַלעס".

„דאָס הייסט אַלזאָ, איהר בעהויפּטעט, אַז שאַמאַנטען האָט געזאָגט אַ ליגען?"

„מעגליך, אַז ער האָט מיר פאַלש פערשטאַנען. איך ווייס ניט זיינע מאָטיווען. אַלעס וואָס איך קען זאָגען, איז די ערקלעהרונג, אַז זיין בעהויפּטונג איז אַ פאַלשע."

די אַדוואָקאַטען לאַגאַס און ראָבער האָבען זיך דאַן גענומען צו שאַמאַנטען, וועלכער האָט צולעצט גאָרניט מעהר געוואוסט, וואו ער איז אין דער וועלט. ענדליך האָט איהם דער פּראָקוראָר אַרויסגעהאָלפען מיט די ווערטער: „דער עדות קען פיליי֜כט מאַכען אַ טעות". אָבער דער אַדוואָקאַט לאַגאַס האָט איהם באַלד געענטפערט, אַז „שאַמאַנטען מאַכט צו פיעל טעות'ען". אין דערזעלבער צייט דערמאָהנט ער איהם, ווי גוט ראַוואַשאָל איז געווען צו איהם און זיינע קינדער, און צו אַלע בעקאַנטע, וועלכע זיינען מיט איהם געשטאַנען אין נעהערע בעציהונגען.

אַ ריהרענדע סצענע איז עס געווען, ווען מען האָט גערופען מאַדאַם רוליער, די געליעבטע פון ראַוואַשאָל אַלס אַן עדות געגען איהם. מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, אַז דיזע פרוי איז פעראורטהיילט געוואָרען צו זיבען יאָהר קערקער, און מען האָט זי דירעקט געבראַכט פון געפענגניס. ווען ראַוואַשאָל האָט איהר דערזעהן, האָט זיין געזיכט בעקומען אַ ווייסען און טרויעריגען אויסדרוק, און אין זיינע אויגען האָבען זיך בעוויזען טרעהרען.

„איהר שווערט אַלזאָ, אַז איהר וועט רעדען אָהן האַס און אָהן מורא?" האָט דער פּרעזידענט איהר געפרעגט.

„איך האָב זיך פאַר קיין זאַך ניט צו שרעקען, מען האָט מיר פערראורטהיילט, און איך האָב ניט פאַר וואָס צו האָבען מורא", האָט זי געענטפערט.

„האָט ראַוואַשאָל אייך ווען עס איז דערצעהלט, אַז ער האָט בעגאַנגען דעם מאָרד אין לאַ וואַריזעל?"

„ניין, און טויזענדמאָל ניין! ער האָט עס מיר קיינמאָל ניט געזאָגט!"

„אָבער פריילין גאָנאַן האָט אונז דערצעהלט, אַז איהר האָט איהר אָנגעטרויט, אַז ראַוואַשאָל האָט בעגאַנגען דיזען פער-ברעכען."

„אויב זי האָט דאָס געזאָגט, האָט זי געזאָגט אַ ליגען!"

„איהר פערטהיידיגט היינט אַזוי וואַרעם ראַוואַשאָל'ן; אָבער אין דער אונטערזוכונג האָט איהר אַליין ערקלעהרט, אַז עס טהוט אייך לייד, וואָס איהר האָט זיך בעקענט מיט אַזאַ שרעקליכען מענשען."

„דאַן האָב איך געזאָגט אַ ליגען", האָט מאַדאַם רוליער אויסגעשריען מיט ליידענשאַפט, צוקעהרענדיג זיך צו ראַוואַשאָל'ן. איך האָב גערעדט געגען די געפיהלען פון מיין האַרץ. ראַוואַ-שאָל איז ניט קיין מערדער, און איך ליעב איהם נאָך היינט מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיין זעעלע!"

דיזע ליידענשאַפטליכע ווערטער פון דער פערראורטהיילטער פרוי האָבען געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק אויף די צוהערער. ראַוואַשאָל האָט איהר געוואָלט זאָגען אַ פּאָר ווערטער, אָבער ער האָט ניט געקענט אַרויסברייננגען קיין טאָן, און זיינע אויגען זיינען פול געוועזען מיט טרעהרען. דערזעלבער מאַן, וועלכער האָט בעוויזען אַן אייזערנע ענערגיע ביי אַלע זיינע טהאַטען, פאַר זיינע ריכטער און שפּעטער אויף זיין וועג צום עשאַפאָט, איז פלוצלונג ווייך געוואָרען ווי אַ קינד, ווען ער האָט געהערט די מוטהיגע ווערטער פון דער פרוי, וועלכע ער האָט געליעבט.

* * *

נאָך די ערקלעהרונגען פֿון די עדות האָט ראַוואַשאָל גע־פֿאָדערט דאָס וואָרט פֿאַר זיין פֿערטהיידיגונג; אָבער דער גע־ריכטס־פּרעזידענט דאַריגראַן האָט איהם ניט ערלויבט צו רעדען, טראָץ דעם וואָס ער האָט איהם פֿריהער פֿערשפּראָכען, אַז ער וועט איהם געבען דאָט וואָרט אַם שלוס פֿון דער פֿערהאַנדלונג.

נאָך די רעדען פֿון דעם פּראָקוראָר און דיביידע אַדוואָ־קאַטען האָבען זיך די געשוואָרענע צוריקגעצויגען, אום זיך צו בעראַטהען. אום 2 אוהר 45 האָט דער פּרעזידענט פּראָקלאַמירט דאָס אורטהייל. בעאַלאַ און מאַריעט סובער זיינען פֿריי געשפּראָכען געוואָרען, ראַוואַשאָל איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צום טויט...

מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען האָט ער אויסגעשריען:
„איך בעגריס מיין פֿעראורטהיילונג מיט דעם רוף: עס לעבע די אַנאַרכיע!"

* * *

דאָס געריכט פֿון מאָנבריסאָן האָט אונטערדריקט די רעדע, וועלכע ראַוואַשאָל האָט געוואָלט האַלטען פֿאַר די געשוואָרענע דורך דעם ברוטאַלען בעשלוס פֿון דעם געריכטס־פּרעזידענט דאַריגראַן, איינעם פֿון די ביטערסטע רעאַקציאָנערען, וועלכער איז אין מאַי 1893 פֿון אַן אונזיכטבאַרער האַנד אין ליאָן ערמאָרדעט געוואָרען. אָבער ראַוואַשאָל האָט צוגעשיקט דאָס מאַנוסקריפּט פֿון זיין רעדע אָן די רעדאַקציאָן פֿון דער „רעוואָלט" אין פּאַריז, און אויף אַזאַ מין אַרט האָט ער טראָץ דעם אויסגעפֿיהרט, אַז זיינע ווערטער זאָ־לען געלעזען ווערען פֿון די אַרבייטער, פֿאַר וועלכע ער האָט זיי בעשטימט. די רעדע לויטעט ווי פֿאָלגט:

מיינע העררן!

ווען איך נעהם יעצט דאָס וואָרט, טהו איך עס ניט, אום צו ענטשולדיגען אָדער צו רעכטפֿערטיגען די טהאַטען, פֿאַר וועלכע מען האָט מיך אָנגעקלאָגט; דען נאָר די געזעלשאַפֿט אַליין מיט איהרע שלעכטע און ברוטאַלע אינסטיטוציאָנען, וועלכע זיינען די אורזאַכע פֿון אַ שטענדיגען קאַמפּף צווישען די מענשען, איז פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דיזע טהאַטען. גיט עס דען ניט אין אַלע קלאַסען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט בענוג מענשען, וועלכע

ווינשען—איך וויל ניט זאָגען דעם טויט, דען דאָס קלינגט צו שלעכט—אָבער דאָך דאָס אונגליק פון זייערע מיטמענשען, אויב עס קען זיי ברייגגען אַ פערזענליכען נוצען? האָט ניט יעדער געשעפטס־מאַן דעם וואונש, אַז זיין קאָנקורענט זאָל באַנקראָ־טירען? איז ניט דער אַרבייטער, וועלכער געהט אַרום ליידיג, העכסט צופרידען, אַז מען זאָל אַוועקשיקען אַ צווייטען אַרבייטער פון דער אַרבייט, אום ער זאָל קענען פערנעהמען זיין פלאַץ?

אין אַלע קלאַסען פון אונזער געזעלשאַפט געפינען מיר דיזעלבע ערשיינונגען, דיזעלבע ברוטאַליטעט, דעם זעלבען בי־טערען קאַמפף פאַר דער עקזיסטענץ, און אָט דערפאַר דאַרף זיך קיינער ניט פערוואונדערן איבער די טהאַטען, וועלכע איך האָב בעגאַנגען, און פאַר וועלכע מען וועט מיר יעצט פעראורטהיילען.

עס איז וואַהר, מיינע הערן, אַז מען ערקלעהרט אונז ביי יעדער געלעגענהייט, אַז קיינער איז ניט פעראַנטוואָרטליך פאַר דיזען טרויעריגען צושטאַנד, אַז ער גרינדעט זיך אויף די נאַטיר־ליכע געזעצע פון לעבען, וועלכע דער מענש וועט קיינמאָל ניט קענען איבערבייטען. אויב דאָס איז ריכטיג, דאַן בין איך אויך ניט פעראַנטוואָרטליך פאַר מיינע טהאַטען, און עס גיט ניט די קלענסטע מאָראַלישע אורזאַכע, וועלכע זאָל מיר אָבהאַלטען פון אָנוועגדען אַלע מיטלען, וועלכע איך קען נאָר אָנווענדען, אפילו ווען אַנדערע מענשען וועלען פאַלען אַלס אָפּפער, ווען עס האַנ־דעלט זיך צו בעפרידיגען מיינע נויטווענדיגע בעדירפניסע און איינצושטילען מיין הונגער. קימערט זיך דען דער פאַבריקאַנט, צו די אַרבייטער, וועלכע ער וואַרפט אַרויס אין גאַס, וועלען שטאַרבען פון הונגער? און קימערן זיך דען די יעניגע, וועלכע לעבען אַ גוטען טאָג אויף די קאָסטען פון די אַרבייטער, קימערן זיי זיך דען וועגען די אָרעמע און עלענדע, וועלכע האָבען זאָגאַר ניט דאָס שטיקעל טרוקענע ברויט?

עס איז וואַהר, אַז עס גיט פילאַנטראָפּישע פעראיינע און וואָהלטהעטיגע מענשען, וועלכע קלייבען נדבות פאַר די אָרעמע, אָבער וואָס פאַר אַ ווערטה האָט זייער טהעטיגקייט אין פערגלייך צו דעם אונגעהייערען עלענד פון מיליאָנען מענשען, וועלכע לע־

בען אין ביטערסטען עלענד, און וועלכע בעגעהען אָפּטמאָל זעלבסט־מאָרד, אום צו ענדיגען זייערע אונערטרעגליכע ליידען?

יאָ, מיינע הערדן, די אָפּפער פון דיזער געזעלשאַפט זיינען אָהן אַ צאָהל. עס איז געוועזען דאָס עלענד, דער הונגער, וועלכע האָבען פעראורזאַכט די קאַטאַסטראָפע פון דער פאַמיליע האיאַן און געמאַכט, אַז פרוי סאָנהען האָט ערמאָרדעט איהרע קינדער, ווייל זי האָט ניט לענגער געקענט צוזעהן זייערע ליידען; און דאָס איז די אורזאַכע, וואַרום פיעלע פרויען רואינירען זייער געזונדהייט און ריזיקירען זייער לעבען, מיט דעם וואָס זיי טויטען די פרוכט פון זייער ליעבע, אום אויסצומיידען הונגער און שמערצען פאַר זייערע קינדער.

און דיזע אַלע ערשיינונגען קומען פאָר אין אַ וועלט פון רייכטהום און איבערפלוס, אין פראַנקרייך, וואו די שאָפס פון די בוטשערס זיינען אָנגעפילט מיט פלייש, די בעקערייען מיט ברויט און די מאַגאַזינען מיט קליידער, שיך א.ז.וו. מיינע הערדן, איז דיזער צושטאַנד ניט דאָס ערגסטע פערברעכען, וואָס די מענשליכע פאַנטאַזיע קען נאָר אויסקלעהרען?

עס גיט פיעלע מענשען, וועלכע גיבען צו, אַז דאָס אַלעס איז ריכטיג, אָבער ליידער איז עס אונפערמיידליך, און יעדער איינער דאַרף אַליין זעהן ווי אַזוי ער וועט זיך דורכדרעהען דורך'ן לעבען.

אָט דאָס האָב איך געטהאָן, מיינע הערדן! איך האָב ניט געוואָלט שטאַרבען פון הונגער, און דער געדאַנק, אַז מען וועט מיר פיליייכט נאָך'ן טויט אַ פּאָר רחמנות'דיגע ווערטער מיטגעבען אין קבר, איז פאַר מיר געוועזען אַ שלעכטער טרייסט. אפשר וועט עס אַנדערע בעפרידיגען, איך פאַר מיין פערזאָן האָב בעסער פאָרגעצויגען צו ווערען אַ שמוגלער, אַ פאַלש־מינצער, אַ גנב, אַ רויבער, אַ מערדער. עס איז וואַהר, איך וואָלט געקענט ווערען אַ בעטלער; אָבער דאָס איז פייג און נידעריג, און אויסערדעם בעשטראָפען אייערע געזעצע דעם בעטלער, דען איהר האָט געמאַכט פון דעם עלענד אַ פערברעכען.

יאָ, מיינע הערדן, ווען אַלע אָרעמע און עלענדע וואָלטען

בעסער גענומען פֿון דאָרט, וואו עס איז דאָ צו נעהמען, אָנשטאָט רוהיג צו וואַרטען און הונגערן, דאַן וואָלטען די רייכע און זאַטע אין דער געזעלשאַפֿט פֿילייכט גיכער פֿערשטאַנען, אַז עס איז אַ געפֿאַהר צו פֿערטהיידיגען די יעצטיגע סאָציאַלע אומשטענדען, וואו קיין מענש איז ניט זיכער מיט זיין לעבען און זיין עקזיסטענץ.

מען וואָלט דאַן אפשר גיכער פֿערשטאַנען, אַז די אַנאַרכיסטען זיינען גערעכט, ווען זיי בעהויפּטען, דאָס אום אויפֿצוהאַלטען די זיכערהייט און דעם פֿריעדען אין דער געזעלשאַפֿט, איז פֿריהער נויטוועגדיג צו פֿערניכטען די אורזאַכען, וועלכע פּראָדוציִרען די פֿערברעכען און די פֿערברעכער.

אָט דערפֿאַר, מיינע הערךן, האָב איך בעגאַנגען די טהאַטען, פֿאַר וועלכע מען האָט מיר אָנגעקלאָגט, און וועלכע זיינען ניט מעהר ווי די לאָגישע און אונפֿערמיידליכע פֿאָלגען פֿון דעם באַרבאַרישען צושטאַנד, וועלכער איז דער פֿונדאַמענט פֿון אייער געזעלשאַפֿט!

מען זאָגט, אַז עס איז גרויזאַם צו טויטען זיינע מיטמענשען. גאַנץ ריכטיג, אָבער די יעניגע, וועלדע ריידען אַזוי, פֿערגעסען, דאָס אַ מענש בעגעהט ערשט דאַן דיזע גרויזאַמקייט, ווען ער פֿיהלט, אַז מען וועט איהם אַליין טויטען, אויב ער וועט ניט טויטען אַנדערע.

איהר, מיינע הערךן געשוואָרענע, וועט מיך יעצט זיכער פֿעראורטהיילען צום טויט, אָבער מיט דעם וועט איהר נאָר בעווייזען, אַז איהר האַנדעלט אָקוראַט ווי איך אַליין האָב געהאַנדעלט. איהר וועט מיך פֿעראורטהיילען, דערפֿאַר ווייל איהר וועט עס בעטראַכטען פֿאַר אַ נויטוועגדיגקייט. פּונקט דאָסזעלבע האָב איך געטהאָן. איהר ווערט פֿערציטערט, ווען איהר הערט פֿון אַ מאָרד, אָבער איהר אַליין זייט שטענדיג פֿאַרטיג צו ערמאָרדען אַנדערע, ווען איהר פֿיהלט, אַז דער מאָרד איז נויטוועגדיג פֿאַר אייער זיכערהייט. דער גאַנצער אונטערשייד צווישען מיר און אייך בעשטעהט אין דעם, וואָס איהר שטעהט קיינמאָל ניט אין אַ פּערזענליכער געפֿאַהר, ווען איהר ערמאָרדעט אַנדערע, וועה-

רענד איך האָב שטענדיג געדאַרפט ריזיקירען מיין לעבען און פרייהייט.

יאָ, מיינע העררן, עס וואָלט פיעל פערנינפטיגער געווען אַוועקצומאַכען מיט די אורזאַכען פון די פערברעכען, איידער צו פעראורטהיילען די פערברעכער.

איהר וועט קיינמאָל ניט פאַרטיג ווערען מיט די פערברע־כער. היינט וועט איהר איינעם פערניכטען, און מאָרגען וועלען געבאָרען ווערען צעהן אַנדערע. עס גיט נאָר איין מיטעל געגען דיזען איבעל: פערניכטעט דאָס עלענד, די וואָרצעל פון אַלע פערברעכען! און ווי לייכט לאָזט זיך דאָס פערווירקליכען! מען וואָלט נאָר בעדאַרפט אויפבויען די געזעלשאַפט אויף אַ נייעם פונדאַמענט, וואו די סאָציאַלע רייכטהימער וועלען בעלאַנגען צו אַלעמען, און וואו יעדער איינער וועט פראָדוציר‌ען לויט זיינע פעהיגקייטען און געניסען לויט זיינע בעדירפניסע.

דאַן וואָלטען מיר זיך מעהר ניט בעגעגענט מיט אַזעלכע מענשען ווי דער מאָנאַך זשאַק ברינעל, און די מענשען וואָלטען מעהר ניט געווען די בעטלער און שקלאַפען פון אַ שטיקעל מעטאַל. עס וואָלטען זיך מעהר ניט געפונען קיין פרויען, וועלכע זאָלען פערקויפען זייערע קערפערס, און קיין מענער ווי פראַנד־זיני, פראַדאָ, בערלאַן, אַנאַסטאַאַי און אַנדערע, וועלכע זיינען געוואָרען מערדער צוליעב דיזעם שטיקעל מעטאַל. דאָס אַלעס בעווייזט אונז קלאָהר און דייטליך, אַז די אורזאַכען פון די פער־ברעכען זיינען איבעראַל דיזעלבע, און מען דאַרף ווירקליך זיין וואַהנזיניג, אויב מען וויל עס ניט בעגרייפען.

איך בין נאָר אַ פראָסטער אַרבייטער אָהן בילדונג; אָבער איך האָב אַליין דורכגעמאַכט אַלע ליידען און שמערצען, די גאַנצע עקזיסטענץ פון׳ם עלענד, און דערפאַר פיהל איך בעסער די אונגערעכטיגקייט פון אייערע ברוטאַלע געזעצע ווי אַ רייכער בורזשואַ.

פון וואַנען האָט איהר גענומען דאָס רעכט צו טויטען אָדער צו פערשפאַרען אין קערקער, אַ מענשען וועלכער איז געבאָרען געוואָרען מיט דער בעדירפנים צו לעבען, און וועלכער

איז געצוואונגען געווען דורך די אייזערנע נויטווענדיגקייט פו לעבען צו נעהמען זיך דאָס מיט געוואַלד, וואָס ער האָט גע־דאַרפט, אום צו קענען עקזיסטירען?

איך ווייס, וואָס איהר וועט מיר ענטפערן. מען דאַרף אַר־בייטען און פערדינען זיין ברויט. נון גוט, איך האָב געאַרבייט, אום צו מאַכען אַ לעבען, און אום צו ערהאַלטען דאָס לעבען פון די מייניגע, און אַזוי לאַנג ווי מיינע ליידען זיינען ניט געווען אונערטרעגליך בין איך געבליבען דאָס, וואָס איהר רופט אָן „עהרליך". אָבער דאַן האָב איך פערלאָרען מיין פּלאַץ, איך בין אַרומגעגאַנגען ליידיג, און דער הונגער האָט אָנגעקלאַפּט ביי אונז אין טהיר. ערשט דאַן בין איך געוואָרען אַ פערברעכער, דען דער אינסטינקט פון זעלבסט־ערהאַלטונג, דיזע אייזערנע נויט־ווענדיגקייט, וועלכע ערלויבט ניט קיין ווידערשפּרוך, האָט מיר געצוואונגען צו בעגעהן עטליכע פון די פערברעכען, פאַר וועלכע מען האָט מיך אָנגעקלאָגט, און וועלכע איך האָב ניט אָבגע־לייקענט.

איהר מעגט מיך יעצט פעראורטהיילען, מיינע הערען גע־שוואָרענע; אָבער ווען איהר האָט מיך פערשטאַנען, דאַן וועט איהר בעגרייפען, אַז צוזאַמען מיט מיר, פעראורטהיילט איהר אַלע די אונגליקליכע, וועלכע דאָס עלענד האָט פעראייניגט, אַלע די וועלכע דער נאַטירליכער שטאָלץ האָט געטריבען אויף דעם וועג פון פערברעכען, און וועלכע וואָלטען זיכער פערבליבען עהרליכע מענשען, ווען זיי וואָלטען אימשטאַנד געווען צו מאַכען אַ מענשליכעס לעבען!

איך ווינש אייך פון מיין טיעפען האַרצען, אַז איהר, וואָס געהט מיר פעראורטהיילען צום טויט, זאָלט זיך שפּעטער דער־מאָנען אין אייער אורטהייל מיט דערזעלבער רוהיגקייט און דעם זעלבען מוטה, מיט וועלכע איך וועל אַוועקלייגען מיין קאָפּ אונטער דעם מעסער פון דער גיליאָטינע!





## ראוואשאל׳ס טויט.

ראַוואַשאָל האָט אויפגענומען זיין טויטעס-אורטהייל מיט דער גרעסטער קאַלט-בלוטיגקייט. רוהיג און געלאַסען האָט ער ערוואַרטעט דעם טאָג פון זיין הינריכטונג, און קיינער האָט ניט געקענט ענטדעקען ביי איהם אַן ענדערונג אין זיין געוועהנליכען בענעהמען.

זיין אַדוואָקאַט האָט איהם אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער קען פאָדערן אַ נייעם פּראָצעס אָדער מאַכען אַן אַפּיל צו דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, ער זאָל איהם בעגנאַדיגען און איבערבייטען דעם טויטעס-אורטהייל אויף אַן אַנדער שטראָף. אָבער ראַוואַשאָל האָט איהם געענטפערט מיט אַן איראָנישען שמייכעל אויף די ליפּען, אַז ער פאָדערט ניט קיין נייעם פּראָצעס און ניט קיין בעגנאַדיגונג. „זאָרגט זיך ניט וועגען מיר", האָט ער געזאָגט, „מיין רעכנונג איז געמאַכט, און איך וועל וויסען ווי צו שטאַרבען!"

אַם 10טען יולי, אום פינף אוהר אין דער פריה, האָט מען איהם אויפגעוועקט פון שלאָף און איהם ערקלעהרט, אַז זיין לעצטע שטונדע איז געקומען. דיזע נאַכריכט האָט ניט געמאַכט אויף איהם דעם קלענסטען איינדרוק. „איך דאַנק אייך פאַר די פרעהליכע נייעס!" האָט ער רוהיג געענטפערט און האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין געלעגער. מען האָט איהם געפרעגט, צו ער וויל האָבען אַ מיטעל צו בעטויבען זיך, נאָר ער האָט שטאָלץ געענטפערט: „איך דאַנק אייך, איך בין אַזוי אויך גענוג שטאַרק צו שטאַרבען!"

באַלד נאָך דעם איז דער הענקער אַריינגעקומען אין זיין

זיינען געשטאַנען צאָהלרייכע צושויער, אום צו זעהען דאָס בלוטיגע שוישפּיעל.

איינינע טריט פֿאַר דער גיליאָטינע האָט ראַוואַשאָל אָנגעהויבען צו זינגען אַ שטראָפֿע פֿון דעם אַלטען רעוואָלוציאָנערען ליעד „לע פער דישען״:

Si tu veux etre heureux,
Nom de Dieu !
Pends ton proprietaire,
Coup' les cures en deux,
Nom de Dieu !
Fouts les eglis's par terre,
Sang-Dieu !
Et l'bon Dieu dans la merde,
Nom de Dieu !
Et l'bon Dieu dans la merde !

ווען ער איז אָנגעקומען ביי דער גיליאָטינע, האָט ער זיך פּלוצלונג אָבגעשטעלט און האָט געוואָלט אָנהויבען ריידען צו די צושויער. „בירגער!״ האָט ער געזאָגט, און זיין שטימע האָט געקלונגען פֿעסט און זיכער. אָבער די היינקער האָבען זיך באַלד אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף איהם, אום ער זאָל ניט קענען רעדען; „אָבער האָט דאָך געדולד פֿאַר אַן אויגענבליק״, האָט ראַוואַשאָל געזאָגט, „איך וויל...״ אָבער די געזעצליכע מערדער האָבען ניט געהאַט קיין געדולד. מיט ברוטאַלער געוואַלט האָבען זיי געשלעפּט זייער אָפּפֿער אונטער דאָס מעסער פֿון דער גיליאָטינע. מאָנסיע דייבלער איז גאַנץ נערוועז געוואָרען. ער האָט גאָר ניט געקענט פֿערשטעהן, ווי אַ מענש, שטעהענדיג פֿאַר'ן טויט, שפּאַרט זיך איין צו רעדען. אַזאַ פֿאַל האָט ביי איהם קיינמאָל ניט געטראָפֿען אין דער לאַנגער צייט, וואָס ער האָט פּראַקטיצירט זיין בלוטיגע אַרבייט אין דעם נאָמען פֿון געזעץ און אָרדנונג, און ער האָט שפּעטער אַליין ערקלעהרט צו די רעפּאָרטערס פֿון דער פּרעסע, אַז עס טרעפֿט ביי איהם דעם ערשטען מאָל, אַז אַ מאַן זאָל שטאַרבען אַזוי קאַלטבלוטיג און גלייכגילטיג און בעווייזען אַזאַ איבערנאַטירליכע ענערגיע פֿאַר'ן טויט, ווי ראַוואַשאָל האָט עס געטהאָן.

ראַוואַשאָל האָט אפילו קיין צייט ניט געהאַט צו ענדיגען זיינע לעצטע ווערטער. „עס לעבע די רע...!“ ער האָט געוואָלט זאָגען רעוואָלוציאָן, אָבער דאָס מעסער פֿון דער גיליאָטינע האָט איהם איבערגעשניטען דעם האַלז צוזאַמען מיט דעם וואָרט......

* *
*

דאָס איז געווען די ענדע פֿון ראַוואַשאָל און אין דערזעלבער צייט די איינלייטונג פֿון דער טעראָריסטישער פעריאָדע אין פֿראַנקרייך. פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין פֿראַנקרייך איז דיזער מאַן געווען מעהר ווי אַ בעשטימטע פערזאָן, ער איז געווען די פֿערקערפערונג פֿון אַ גאַנצען פרינציפ, די פֿערקערפערונג פֿון דעם סאָציאַלען קאַמפּף צווישען רייכע און אָרעמע, צווישען אונטערדריקער און אונטערדריקטע. ער אַליין איז געווען אַן אָפּפֿער פֿון די סאָציאַלע אומשטענדע, אין וועלכע ער איז געבאָרען געוואָרען, אָבער דערקענענדיג די אורזאַכע פֿון זיין שיקזאַל, האָט ער זיך ניט בענוגענט צו ליידען אַלס אַ שטומער מערטירער פֿון די אומשטענדע, נאָר ער האָט געמאַכט דעם פֿערזוך זיי איבערצוביימען אויף בעסערע און מענשליכע לעבענס-בעדינגונגען; אָט דערפֿאַר איז ער געוואָרען אַ קעמפּפֿער, אַ רעבעל, אַן אַנאַרכיסט.

ראַוואַשאָל איז געווען דער פֿערטרעטער פֿון אַלע הונגעריגע און נאַקעטע, פֿון אַלע עלענדע און פֿערצווייפֿעלטע אין דער געזעלשאַפֿט, דער פֿערטרעטער פֿון אַלע די, וועלכע דאָס ביטערע עלענד און די גרויזאַמע, ברוטאַלע אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער היינ-טיגער געזעלשאַפֿט האָבען געפֿיהרט אויף דעם וועג פֿון פֿער-ברעכען, טויט און אונטערגאַנג. אין דיזער בעציהונג האָט זיין נאָמען געהאַט די בעדייטונג פֿון אַ סאָציאַלער ערשיינונג.

ניט דער אַנאַרכיזמוס, נאָר די היינטיגע געזעלשאַפֿט איז די אייגענטליכע מוטער פֿון ראַוואַשאָל און זיינע טהאַטען. דער אַנאַרכיזמוס האָט מעהר ניט ווי הומאַניזירט דיזע טהאַטען און זיי געגעבען אַן אידעאַלען כאַראַקטער. אָקטאַוו מירבאָ האָט ראַ-וואַשאָל און זיינע טהאַטען אַם בעסטען כאַראַקטעריזירט, ווען ער האָט געזאָגט: „ראַוואַשאָל איז דער שטורם, דאָס געוויטער,

אָבער נאָך דעם געוויטער וועלען מיר האָבען אַ בלויען הימעל און גאָלדענע זונען-שטראַהלען!"

מיט ראַוואַשאָל איז דאָס עלענד אַליין אויפגעטראָטען אַלס דער עפפענטליכער אָנקלעגער געגען די בלוטיגע פערברעכען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט. ער האָט אַטאַקירט דעם מאָנאָפּאָל פון די רייכע און די פּריווילעגיעס פון די מעכטיגע, און דאָס איז שטענדיג געווען דאָס ערגסטע פערברעכען, וועלכעס אַ מענש קען נאָר בעגעהן.

ראַוואַשאָל איז געווען דאָס שלעכטע געוויסען פון דער בורזשואַ-זיע, דער אינערליכער אָנקלעגער, וועלכער האָט איהר צוגערופען, אַז זייער גליק, זייער מאַכט, זייערע רייכטהימער גרינדען זיך אויף דאָס שוואַרצע עלענד פון מיליאָנען הונגעריגע מענשען, וועלכע לעבען, ליידען און שטאַרבען אין אַ געזעלשאַפט פון לוקסוס און איבערפלוס, אַלס די אמת'ע מערטירער פון הונגער, קראַנקהייט און שקלאַפעריי. ער האָט זיי צוגערופען, אַז זיי אַליין זיינען די אייגענטליכע פערברעכער, אַז זייער פּאַראַזיטישע עקזיסטענץ איז די אורזאַכע פון אַלע ליידען און שמערצען אויף דער וועלט, אַ טויטעס-אורטהייל פאַר דער גאַנצער מענשהייט!

ער האָט געשטערט די רוהע פון די זאַטע קרעמער, וועלכע פערגיפטען מיט זייערע שמוציגע איינגעשאַפטען אַלע קוועלען פון לעבען; זייערע פעטע נשמות זיינען פערציטערט געוואָרען פאַר דיזען מאַן, און דערפאַר האָבען זיי איהם געמוזט טויטען.

פון אַלע טיראַנען איז די טיראַנניי פון די קרעמער די ערג-סטע און עקעלהאַפטעסטע. דער קרעמער ווייס ניט פון קיין אידעאַל, ער קען נאָר איין זאַך אין לעבען—דעם פּערזענליכען פּראָפיט. צווישען די רעאַקציאָנערע פון דער אַלטער פּעריאָדע געפינען זיך מאַנכע געניאַלע גייסטער, וועלכע האָבען ענטוויי-קעלט אַ גאַנצען מעטאַפיזישען אידעאַליזמוס, כדי צו שאַפען אַ מאָראַלישע בערעכטיגונג פאַר דעם אַבסאָלוטיזמוס, ווי צ. ב. ש. דע מעסטר און באָנאַלד. אָבער דער קרעמער ווייס ניט פון אַזעלכע זאַכען. דערצעהלט איהם פון אידעאַלען, און ער וועט אייך באַלד פרעגען: „וויפיעל קאָסט אַן אידעאַל, איז ער ביליג

אָדער טהייער ?" דער קרעמער האָט אין זיין לעקסיקאָן נאָר צוויי ווערטער: קויפֿען און פֿערקויפֿען. מיט געלד קויפֿט ער די גאַנצע וועלט, מיט געלד פּראָסטיטואירט ער אַלע מענשליכע געפֿיהלען, און דערפֿאַר איז געלד די איינציגע זאַך אויף דער וועלט, וועלכע האָט פֿאַר איהם אַ ווערטה. אָבער איין זאַך קען ער ניט קויפֿען, ער קען ניט קויפֿען קיין מיטעל געגען דער מורא, און ער האָט שטענדיג מורא, דען ער איז דער פֿייגסטער פֿון אַלע טיראַנען' און דיזע שטענדיגע מורא מאַכט איהם גרויזאַם, ברוטאַל און פֿעהיג צו יעדען פֿערברעכען.

פֿאַר די קרעמער איז ראַוואַשאָל ניט געווען קיין סאָציאַלער פּראָבלעם, קיין ערשיינונג, וועלכע זאָל זיי מאַכען נאָכדיינקען איבער די פֿיזישע און מאָראַלישע לעבענס־בעדינגונגען פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, ניין, זיי האָבען נאָר געזעהן אין איהם דעם שרעקליכען דעמאָן, וועלכער האָט זי געמאַכט ציטערן און דערפֿאַר האָבען זיי איהם געטויטעט, אום צוריק צו געפֿינען די זאַטע צופֿרידענהייט, וועלכע ער האָט פֿערניכטעט.

דאָס איז שטענדיג געווען די טאַקטיק פֿון די קרעמער, און אין דיזער בעציהונג וועלען זיי קיינמאָל ניט איבערבייטען זייער כאַראַקטער. אָבער דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואַרום אַזעלכע כאַראַקטערע ווי ראַוואַשאָל און אַנדערע מאַכען אַזאַ טיעפֿען איינדרוק אויף אונז, דען זייערע טהאַטען צייגען אונז שאַרפֿער און דייטליכער די שרעקליכע זייטען פֿון אונזער היינטיגען לעבען ווי די בעסטע טהעאָרעטישע ערקלעהרונגען. זיי זיינען די צושטערער פֿון דער געוואוינהייט, די צושטערער פֿון דער טראַדיציאָן, זיי האָבען ניט דעם קלענסטען רעספּעקט פֿאַר דער אויטאָריטעט און איהרע אינסטיטוציאָנען, און זייער פֿעראַכטונג געגען דער היינטיגער געזעלשאַפֿט מאַניפֿעסטירט זיך דורך דער טהאַט, און דאָס איז די גרויסע היסטאָרישע בעדייטונג פֿון אַזעלכע שטורמדיגע כאַראַקטערע, וועלכע ברייגגען אונז דורך דעם שרעק דאָס ליכט פֿון אַ בעסערער צוקונפֿט.

* * *

צום שלום דאַרפֿען מיר ניט פֿערגעסען צו דערמאָהנען די

שטעלונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו ראַוואַשאָל און זיינע טהאַטען. די פּראָמינענטע פֿערטרעטער פֿון דיזער פּאַרטיי האָבען דאָס „פּראָבלעם ראַוואַשאָל" פּונקט אַזוי ווייניג פֿערשטאַנען ווי די פֿערטרעטער פֿון דעם הייליגען געלד־זאַק. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, דען דער אונטערשייד צווישען דעם געוועהנליכען קרעמער און דעם פּאָליטישען קרעמער איז נאָר אַ פֿאָרמעלער. אין דייטשלאַנד האָט די סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּרעסע ראַוואַשאָל פֿאָרגעשטעלט אַלס אַ שפּיאָן פֿון דער פֿראַנצויזישער פּאָליציי, און זי האָט דיזע שענדליכע פֿערלוימדונג אפילו דאַן ניט צוריקגענומען, ווען דער קאָפּ פֿון דיזען מאַן איז געפֿאַלען אונטער דעם מעסער פֿון דער גיליאָטינע. דיזע שענדליכע געמיינהייט רעדט פֿאַר זיך אַליין, און דערפֿאַר קענען מיר זיך פֿערשפּאָרען אַלע ווייטערע קאָמענטאַרען.

## אנהאנג.

ראַוואַשאָל איז געווען אַ מאַן דער טהאַט, און דערפֿאַר האָט זיך זיין פּראָפּאַגאַנדיסטישע טהעטיגקייט כמעט אויסשליסליך מאַניפֿעסטירט אויף דעם געביעט פֿון'ם טעראָריזמוס. נאָר איין מאָל האָט ראַוואַשאָל געמאַכט דעם פֿערזוך צו פּראָפּאַגאַנדירען זיינע אידעען מיט דער פֿעדער, שרייבענדיג אַן אַנטימיליטאַריסטישען אַרטיקעל, וועלכער איז פֿערעפֿענטליכט געוואָרען אין דער אַנאַרכיסטישער צייטונג „ל'אַנסורזשע" אין ליאָן.

היינט ווען די אַנטימיליטאַריסטישע בעוועגונג ענטוויקעלט זיך פֿון טאָג צו טאָג אין די מייסטע לענדער פֿון אייראָפּאַ, גאַנץ בעזונדערס אָבער אין פֿראַנקרייך, האָט דיזער אַרטיקעל אַ דאָפּעלטע אינטערעסע, און דערפֿאַר האָבען מיר בעשלאָסען איהם צו פֿערעפֿענטליכען אַלס אַ בעזונדערען אָנהאַנג.

*
* *

## דאס פאטערלאנד.

ווען איך האָב זיך ענטזאַגט אָנצוטהאָן די יוניפֿאָרם פֿון דער אַרמעע און צו טראָגען די וואַפֿען צו פֿערטהיידיגען „מיין פֿאַ-

טערלאַנד", איז עס דערפֿאַר וואָס איך בין אַן אַנאַרכיסט, וועלכער אַנערקענט ניט קיינע גרענעצען צווישען די נאַציאָנען. פֿאַר מיר עקזיסטירט ניט קיין אויסלאַנד. אַלע פֿעלקער זיינען פֿערבונדען איינע מיט די אַנדערע דורך אַ נאַטירליכע ברידערליכע סאָלידאַריטעט, מיר אַלע זיינען קינדער פֿון דערזעלבער היימאַטה, און עס וואָלט אונז זיכער ניט געבראַכט קיין שאַדען, ווען מיר וואָלטען זיך בעסער געליעבט איינע די אַנדערע, ווי מיר האָבען עס געטהאָן ביז יעצט. אָבער די ברודער־מערדערליכע שטרעבונגען פֿון די רעגירונגען זוכען צו דערשטיקען דיזען אי:ערליכען אינסטינקט, די פֿרייע און נאַטירליכע ענטוויקלונג פֿון דיזער געגענזייטיגער ליעבע.

צו מיר זיינען געבוירען געוואָרען אונטער דעם קלאָהרען און בלויען הימעל פֿון איטאַליען אָדער אין דעם קעלטערען קלימאַט פֿון דייטשלאַנד, צו אונזער וויגעלע איז געשטאַנען אונטער דעם קאַלטען הימעל פֿון רוסלאַנד, צו אין דעם גרויען טומאַן פֿון ענגלאַנד'ס קוילען־שוואַרצע שטעדט, אָדער אויף דעם באָדען פֿון דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק, איז דאָס נאָך מיין מיינונג ניט קיין אורזאַכע, אַז מיר זאָלען זיך ניט ליעבען און רעספּעקטירען איינער דעם אַנדערן, ווי פֿערשידען עס זאָלען ניט זיין די געזעצע, וועלכע מען צווינגט אונז צו אַנערקענען, און די סאָציאַלע בעדינגונגען, אונטער וועלכע מיר לעבען.

אַלס מענשען האָבען מיר נאָר איין פֿאַטערלאַנד — די גאַנצע וועלט. די צוטהיילונג פֿון דער מענשהייט אין פֿערשידענע נאַציאָנען איז די אורזאַכע פֿון קריעג און קאַמפּף, און אַזוי לאַנג ווי מיר וועלען דולדען דיזע קינסטליכע איינטהיילונג, וועלען מיר העלפֿען אונטערשטיצען דעם אָרגאַניזירטען ברודער־מאָרד — די מלחמה. זאָלען די, וועלכע בערופֿען זיך ביי יעדער געלעגענהייט אויף יעזוס קריסטוס, געדיינקען די ווערטער פֿון דעם גרויסען אינטערנאַציאָנאַליסט: „ליעבט אייך איינער דעם צווייטען אַלס ברידער און שוועסטער." דיזע ווערטער זיינען ניט געפּריידיגט געוואָרען צו די חיות, זאָנדערן צו מענשען.

קומט מיר ניט דערצעהלען די לעכערליכע געשיכטע פֿון

אייערע זאָגענאַנטע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, און אַז איהר דאַרפט זיך שיצען געגען פיינדליכע מעכטע ווי דייטשלאַנד און אַנדערע לענדער. ניין, די פעלקער פערהאַסען איבעראַל דעם קריעג און בעטראַכטען איהם פאַר דאָס ערגסטע אונגליק, אין דייטשלאַנד און אין רוסלאַנד, אין שפּאַניען און איטאַליען, אין ענגלאַנד און פראַנקרייך. טראָץ די אויפרייצונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע, וועלכע איז דער שטענדיגער ווערקצייג צו ענטוויקלען דעם אינטערנאַציאָנאַלען האַס צווישען די פעלקער, מאַרשירען די סאָלדאַטען נאָר מיט שמערצליכע געפיהלען אין קריעג, אום זיך געגענזייטיג צו פערניכטען אַלס פערהאַסטע פיינד און געגנער. רעדט אויך ניט פון דער פאַלשער אידעע פון פּאַטריאָטיזמוס, וועלכע פערגיפטעט די הערצער זאָגאַר פון אינטעליגענטע מענשען און מאַכט זיי צו פערעהרען נאַציאָנאַלע שמאַטעס פון פערשידענע קאָלירען!

דער פּאַטריאָטיזמוס איז ניט קיין נאַטירליכעס געפיהל, אַן אינערליכער אינסטינקט אין די הערצער פון יענע מיליאָנען מענשען, וועלכע האָבען אָנגעפּאַרבט די שלאַכטפעלדער פון דער גאַנצער וועלט מיט דעם בלוט פון זייערע שרעקליכע וואונדען. ניין, דער פּאַטריאָטיזמוס איז דער קינסטליכער פּראָדוקט פון דער הערשענדער טיראַניי. ווען די פעלקער וואָלטען פערשטאַנען זייערע אינערליכע געפיהלען, דעם הויך פון זייערע ווערטער, ווען זיי וואָלטען געהאַט די מעגליכקייט צו בעשפּרעכען זייערע געגענזייטיגע אינטערעסען, ווען זיי וואָלטען געהאַט די פרייהייט פריי צו האַנדלען, ווען זיי וואָלטען ניט געווען די געהאָרכזאַמע שקלאַפען פון אַ טיראַנישען ווילען, מעגט איהר זיכער זיין, אַז זייערע הערצער וואָלטען ניט געוואוסט פון דעם פּאַטריאָטישען שווינדעל, זיי וואָלטען ניט געוואוסט פון ברודער־מאָרד און קריעג.

אין דער שולע, אונטער דעם איינפלוס פון דער שטאַאַטליכער ערציהונג, דאָרטען ווערט דער פּאַטריאָטיזמוס איינגעפלאַנצט אין די יונגע הערצער פון די קינדער, און שפּעטער ווערט ער ווייטער אויפגעהאַלטען און ענטוויקעלט דורך די אָפיציעלע פּרעסע, וועלכע פערגיפטעט די נאַטירליכע הומאַניטעט אין די מענש־

ליבע נשמות. אין ענגלאַנד, אין דייטשלאַנד, אין פֿראַנקרייך, אין אַלע לענדער איז עס נאָר די רעגירונגס־פרעסע, וועלכע שטערט דעם נאַציאָנאַלען פֿרידען און וויקעלט פֿונאַנדער די בלוטיגע פֿאָהן פֿון דער מלחמה.

פֿיעלע מענשען דיינקען, אַז די פרעסע רעפּרעזענטירט די עפֿענטליכע מיינונג. דאָס איז אַ גרויסער טעות, די פרעסע רע־פרעזענטירט קיינמאָל נים די מיינונג פֿון׳ם אַלגעמיינעם פֿאָלק, נאָר זי אָרגאַניזירט און בילדעט די עפֿענטליכע מיינונג. די אַר־בייטער אין אַלגעמיין ווילען נים מעהר ווי ברויט און פֿרידען, און וואָס אָנבעלאַנגט זייער פּאָליטישע מיינונג, פֿערטרעטען זיי — לײדער מוז איך עס זאָגען — די מיינונג פֿון דער ציישונג, וועלכע זיי לעזען. ווען די פֿראַנצויזישע פרעסע בעליידיגט ענג־לאַנד, דייטשלאַנד אָדער איטאַליען, דאַן שרייבט מען באַלד אי לאָנדאָן, בערלין און רוים: „פֿראַנקרייך איז דער פֿיינד פֿון אונזער פֿאַטערלאַנד.״ אָבער אין דער ווירקליכקייט האָט דאָס פֿראַנצוי־זישע פֿאָלק די פֿרידליכסטע אידעען, נאָר עס איז געווען, אַז די רעגירונג און די קאָרומפּירטע פּאַטריאָטישע פרעסע זאָל פּראָ־פּאַגאַנדירען דעם קריעג, און מען מאַכט גאַנץ פֿראַנקרייך פֿער־אַנטוואָרטליך פֿאַר די שמוציגע האַנדלונגען פֿון געקויפֿטע שורקען און עהרגייציגע דיפּלאָמאַטען, וועלכע פֿערטרעטען אויסשליסליך די אינטערעסען פֿון די בעזיצענדע קלאַסען.

אויף אַזאַ מין אַרט ווערט אָנגעפֿיהרט אַ שטענדיגע ציישונגס־מלחמה צווישען דער פרעסע פֿון די פֿערשידענע לענדער, וועלכע האָט די אויפֿגאַבע צו פֿערשפּרייטען דעם פּאַטריאָטישען גיפֿט צווישען די ברייטע מאַסען.

און ווען עס מאַכט זיך שפּעטער ווירקליך אַ קריעג, דאַן ערקלעהרט די פרעסע, אַז דער קריעג איז געווען אונפֿערמיידליך.

אונפֿערמיידליך! די פֿעלקער וואָלטען איהם זיכער אויסגע־מידען, אָבער די רעגירונג און די פּאַטריאָטישע פרעסע האָבען איהם פֿאָרבערייטעט, דערפֿאַר ווייל די הערשענדע קלאַסע האָט איהם געוואָלט. אָפֿיצירען און גענעראַלען, די פּראָפֿעסיאָנעלע מערדערס פֿון אַלע זאָרטען, זוכען דאַן צו בעפֿרידיגען זייער עהר־

יך און זייערע אינטערעסען, ניט קוקענדיג אויף די אונגעהייערע אָפּפער, וועלכע פאַלען אויף די שלאַכטפעלדער, און פערמאַכענ־דיג די אויגען, אום ניט צו זעהן דאָס בלוט פון זייערע ערמאָר־דעטע ברידער.

און ווען די בלוטיגע מערדערייען האָבען זיך שוין געענדיגט, דאַן פרעגט מען ניט נאָך די אונגליקליכע עלטערן, וועלכע האָ־בען פערלוירען זייערע קינדער, מען פרעגט ניט נאָך די אלמנות, וועלכע וויינען און קלאָגען איבער דעם טויטען פאָטער פון זייערע אונשולדיגע קינדערלאַך, מען פרעגט ניט נאָך די בלוטיגע טרעה־רען פון די יתומים; די אינטריגאַנטען, וועלכע האָבען אָנגעפילט זייערע קעשענעס, און די אידיאָטען, וועלכע פערהערליכען דיזע מערדערייען דורך פאַטריאָטישע רעדען א. ז. וו. זיי זיינען עס, מיט וועלכע מען בעשעפטיגט זיך.

און ווער דאַרף בעצאָהלען די קאָסטען פון דער מלחמה? די פרוכטבאַרע פעלדער זיינען פערוויסטעט, די שטעדט און דערפער פערברענט געוואָרען און די ערד איז בעדעקט מיט רואינען. ווער דאַרף צאָהלען פאַר די פאָלגען פון דיזער שרעקלי־כער באַרבאַריי?

די אַלטע, וועלכע טרויערן נאָך זייערע געפאַלענע זיהן, די עלטערן, וועלכע האָבען פערלוירען זייערע קינדער אויף די שלאַכט־פעלדער, די אלמנות און יתומים, זיי, וועלכע האָבען שוין בע־צאָהלט פאַר דעם קריעג מיט דעם טהייערען בלוט און לעבען פון זייערע פערוואַנדטע, זיי מוזען אויך נאָך בעצאָהלען די מאַטעריעלע קאָסטען פון דער מלחמה.

איך וויים, אַז עס גיט מענשען, וועלכע פערהערליכען די געפאַלענע אָפּפער דורך געדיכטע און שעהנע אַרטיקלען, מענער, וועלכע פערהערליכען די פאַטריאָטישע בעגייסטערונג פון זייער פאָלק אין פאָעזיע און פראָזאַ. אָבער דיזע מענשען האָבען קיינ־מאָל ניט געזעהן די שרעקליכקייטען פון דער מלחמה. זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט די בלוטיגע שלאַכטפעלדער, וועלכע זיינען בעדעקט מיט די אָבגעריסענע הענד און פיס פון די ערמאָרדעטע זעלנער, די פערבלוטיגטע בריסט, וועלכע זיינע

דורכגעשאָסען פון די קוילען און צושניטען פון די שווערדען און באַיאָנעטען; זיי האָבען קיינמאָל ניט געזעהן די בלוטיגע לייכען פון די יונגע מענער, וועלכע זיינען צוריסען געוואָרען פון די גראַנאַטען אָדער צוטראָטען פון די פאָדקאָוועס פון די פערד. זיי האָבען אויך קיינמאָל ניט געוויינט וועגען אַ זוהן, וועלכער שלאָפט דעם אייביגען שלאָף, דאָרט ביי דעם גרענעץ פון „פאַ-טערלאַנד."



# אינהאלט :—

זייטע



# בילדער :—

# קאטאלאג

פֿון

## ביכער און בראשורען פֿון פֿערלאַג „אַרבייטער פֿריינד“.

**פּ. קראָפּאטקין:**

„ווערטער פֿון אַ רעוואָלוציאָנער“. איבערזעצט פֿון ר. ראָקער. 444 זייטען. געבונדען, פרייז 2ש., 65 סענט, אונגעבונדען, פרייז 1ש.6פּ. 50 סענט.

„ „ברויט און פֿרייהייט“. איבערזעצט פֿון מ. קאַטץ און א. פֿרומקין. 350 זייטען. געבונדען, פרייז 1ש. 9פּ., 60 סענט, אונגעבונדען, 1ש.3פּ., 45 סענט.

„ „די אַנאַרכיסטישע פֿילאָזאָפֿיע“. פרייז 4 פענס, 12 סענט.

„ „דאָס מענשליכע רעכט“. איבערזעצט פֿון מ. קאַטץ. פרייז 3 פענס, 8 סענט.

„ „די אַנאַרכיסטישע מאָראַל“. פרייז 2 פענס, 5 סענט.

**לואיזע מישעל:** „די קאָמונע" ערשטער טהייל פון איהר לעבענס־בעשרייבונג געשריבען פון איהר אַליין. איבערזעצט פון א. פרומקין. פרייז 6 פענס, 15 סענט.

**"** „אין ניי קאַלעדאָניען". 2־טער טהייל פרייז 9 פענס, 25 סענט.

**"** „צוריק אין דערהיים". דריטער טהייל פרייז 9 פענס, 25 סענט.

**"** „אין ענגלאנד". פיערטער טהייל. פרייז 6 פענס, 15 סענט.

**א. האמאן:** „פאַטריאָטיזמוס און אינטערנאַציאָנאַליטעט" פרייז 2 פענס, 5 סענט.

**וויקטאר דאווע:** „מיכאַאיל באַקונין און קאַרל מאַרקס" פרייז 3 פענס, 8 סענט.

**יאהאן מאסט:** „דער קאָמוניסטישער אַנאַרכיזמוס". פרייז 3 הייפענס, 5 סענט.

**העגריק איבסען:** „די שטיצען פון דער געזעלשאַפט" אַ דראַמאַ. איבערזעצט פון א. פרומקין. פרייז 5 פ., 12 סענט.

**געארג ביכנער:** „דאַנטאָן'ס טויט". אַ טראַגעדיע. איבערזעצט פון א. פרומקין. פרייז 4 פענס, 10 סענט.

**קנוט האמסון:** „די שקלאַפען פון ליעבע" און אַנדערע ערצעהלונגען. פרייז 3 פ., 8 סענט.

פֿערלאַג „אַרבייטער פֿריינד“.

ר. ראקער.

# די געשיכטע
פֿון דער
# טעראריסטישער בעוועגונג אין פֿראנקרייך.

צווייטער טהייל. — מיט בילדער.

פרייז 9 פענס, 25 סענט.

„אַרבייטער פֿריינד“ דרוקעריי, 163 דזשובילי סטריט, מייל ענד.



# דער דינאַמיט־פּראָצעס געגען עטיעוואַן, פּאַגו און זייערע גענאָסען.

אַם 27טען יולי 1892, 16 טעג נאָך דער הינריכטונג פֿון ראַוואַשאָל, האָט זיך פֿאַר דעם געריכט אין ווערסאַיל אָבגעשפּיעלט אַ העכסט מערקווירדיגער און אינטערעסאַנטער פּראָצעס. אָנגעקלאָגט זיינען געווען פֿיער אַנאַרכיסטען, פּאַגו, דרוהע, שעווערנע און עטיעוואַן. די אָנקלאַגע האָט זיך נאָך געריכטעט געגען אַ פֿינפֿטע פּערזאָן, געגען ראַוואַשאָל, אָבער די גילִיאָטינע פֿון מאָנבריסאָן האָט פֿערהינדערט דעם ערשיינען פֿון דעם געפֿעהרליכען טעראָריסט פֿאַר די ריכטער און געשוואָרענע אין ווערסאַיל.

מען האָט די אָנגעקלאָגטע בעשולדיגט, אַז זיי האָבען צוגענומען 120 דינאַמיט־פּאַטראָנען אויס דעם מאַגאַזין פֿון אַ געוויסען קועזי אין סאָאַסי סוסעטיאָל. די אַטענטאַטען, וועלכע ראַוואַשאָל האָט בעגאַנגען אין פּאַריז געגען דעם פּראָקוראָר בילאָ און דעם געריכטס־פּרעזידענט בענאָאַ, זיינען אויסגעפֿיהרט געוואָרען מיט דעם דינאַמיט פֿון סאָאַסי סוסעטיאָל. פֿאַר דעם געריכט אין פּאַריז און מאָנבריסאָן האָט מען ראַוואַשאָל'ן מעהרערע מאָל געפֿרעגט, אויב ער וויל ניט ערקלעהרען פֿון וואַנען ער האָט געקראָגען דעם דינאַמיט, נאָר ראַוואַשאָל האָט זיך יעדעס מאָל ענטזאַגט צו ענטפֿערן אויף דיזע פֿראַגע. אָבער די ריכטער האָבען גאַנץ גוט געוואוסט פֿון דער גאַנצער אַפֿערע, דען שאָמאַנטען, דער פֿעררעטהער פֿון ראַוואַשאָל און זיינע גענאָסען, האָט אויך איבערגעגעבען דער פּאָליציי אַלע איינצעלהייטען וועגען דער עקספּראָפּריאַציאָן פֿון דינאַמיט אין סאָאַסי סוסעטיאָל, אויף וויפֿיעל ער איז דערמיט בעקאַנט געווען. דורך שאָמאַנטען'ס פֿעררעטע

האט עס דער פאליציי געלונגען צו ארעסטירען די פיער אנגעקלאגטע אנארכיסטען. אבער די פאליציי האט אין אנפאנג ניט געהאט קיין אנדערע בעווייזע געגען די אנגעקלאגטע ווי נאר די בעהויפטונג פון שאמאנטען, און דערפאר האבען די אונטערזוכונגס־ריכטער אנגעווענדעט אלע מיטלען, אום ראוואשאל זאל אבגעבען אן ערקלעהרונג, דורך וועלכע די איבעריגע וואלטען פיליכט קאמפראמיטירט געווארען.

שאמאנטען האט דער פאליציי איבערגעגעבען די געשיכטע ווי פאלגט: מיט עטליכע מאנאטען צוריק איז פאגו, וועלכער איז דאן געוועזען איינער פון די פעראנטווארטליכע הערויסגעבער פון דער אנארכיסטישער צייטונג „פער פענאר" אין פאריז, געקומען צו איהם אין הויז און האט איהם און איינעגע אנדערע גענאסען דערצעהלט, אז ער וויים וואו צו בעקומען דינאמיט, נאר ער דארף א פאר ענערגישע קאמעראדען, וועלכע זאלען איהם העלפען זיך איינצוברעכען אין א מאגאזין, אום פון דארטען צו עקספראפריאירען א גרעסערע צאהל דינאמיט פאטראנען. ראוואשאל, וועלכער איז דאן אויך געוועזען צווישען די גענאסען, צו וועלכע פאגו האט געמאכט זיין פארשלאג, האט באלד ערקלעהרט, אז ער איז בערייט מיטצוהעלפען און האט געפאדערט די נעהערע איינצעלהייטען. פאגו האט ערקלעהרט די איינצעלהייטען פון זיין פלאן, און אם אנדערן טאג איז ער מיט ראוואשאל און נאך צוויי קאמעראדען אוועק נאך סאאסי סוסעטיאל, אום אויסצופיהרען די טהאט. די געשיכטע איז גאר ניט געוועזען אזוי שווער. איינער פון די פיער איז געבליבען אין דרויסען, אום צו ווארנען די איבעריגע, אין פאל, אז עס וועט זיך מאכען א געפאהר. די איבעריגע דריי, ראוואשאל, פאגו און שעוונע, זיינען אריבערגעקלעטערט א מויער, וועלכע האט ארומגערינגעלט דעם מאגאזין דאן האבען זיי אויפגעבראכען א טהיר און זיינען אריין אין א קליינען רוים. דארטען האבען זיי זיך אנגעלאדען מיט דינאמיט־פאטראנען, וויפיעל זיי האבען נאר געקענט שלעפען און זיינען צוריק ארויס אויף דעם זעלבען וועג, אויף וועלבען זיי זיינען אריין געקומען. אין גאנצען האבען זיי עקספראפריאירט 120 דינאמיט־

פּאַטראָנען. ראַוואַשאָל האָט נאָך געוואָלט אונטערצינדען דעם מאַגאַזין, אום צו פערדעקען די שפּורען פון דער טהאַט, אָבער די איבעריגע האָבען איהם אָבגעהאַלטען. דאַן זיינען זיי רוהיג צוריקגעפאָהרען קיין פּאַריז און האָבען צוטהיילט דעם דינאַמיט אין פערשידענע פּלעצער. זשאַרזש עטיעוואַן, איינער פון די אַנ־געקלאָגטע, איז גאָר ניט דירעקט בעטהייליגט געווען אין דער עקספּראָפּריאַציאָן, נאָר ער איז געווען איינער פון די, וועלכע האָבען צוגענומען אַ טהייל פון די פּאַטראָנען און דערפאַר איז ער אָנגעקלאָגט און פערראורטהיילט געוואָרען.

די אָנגעקלאָגטע האָבען אַלע צוגעגעבען, אַז זיי האָבען גע־צומען אַן אַנטהייל אין דער טהאַט, נאָר דער פּרעזידענט פון געריכט האָט געהאַט אַ שווערע שטיקעל אַרבייט, דען די אָנגע־קלאָגטע האָבען ניט בעוויזען דעם קלענסטען רעספּעקט פאַר זייערע ריכטער און האָבען אויסגעדריקט זייער פעראַכטונג צו די פערטרעטער פון די געזעצע ביי דער קלענסטער געלעגענהייט. עטיעוואַן און פּאָגו זיינען אויסערדעם נאָך געווען זעהר אינטער־ליגענטע און שאַרפזיניגע כאַראַקטערע, און דאָס האָט נאָך פער־גרעסערט די טעכנישע שוויריגקייטען פון דער פערהאַנדלונג.

דער געריכטס־פּרעזידענט פּענאָ האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיה, אום אויסצופיהרען זיין אויפגאַבע, אָבער עס איז כמעט אונמעגליך געווען אָנצוזעהן מיט די קלענסטע פאָרמאַליטעטען, וועלכע שפּילען אין געוועהנליכע פּראָצעסען גאָר קיין ראָלע ניט. מיט שעוונע און דרוהע איז ער נאָך אויסגעקומען ווי עס איז, אָבער די ביידע אַנדערע אָנגעקלאָגטע האָבען איהם אַרויסגעע־בראַכט פון דער געדולד.

דער פּרעזידענט האָט זיך געווענדעט צו עטיעוואַן מיט די ווערטער: „עטיעוואַן, הויבט זיך אויף און פערענטפערט מיינע פראַגען!"

„אויב עס מאַכט אייך פערגניגען, מעגט איהר זיך אַליין אויפהויבען", האָט עטיעוואַן געענטפערט. „פאַר וואָס, איך פרעג אייך, זאָלט איהר זיך נעהמען מעהר רעכטע ווי מיר?"

„דערפאַר וואָס איך בין אַ ריכטער, און איך האָב אַ רעכט

צו זיצען, ווען איהר רעדט," האָט דער פּרעזידענט רוהיג געענט־פֿערט.

„איז דאָס אַלעס? זעהר גוט, און איך בין אַן אָנגעקלאָג־טער, און איך נעהם זיך אַליין דאָס רעכט זיך ניט אויפֿצוהויבען פֿאַר אייך, דערפֿאַר וואָס איך האָב ניט דעם קלענסטען רעס־פּעקט פֿאַר אייך."

„זאָל שוין זיין אַזוי! ווי רופֿט מען אייך?"

„וואָס אַרט עס אייך? האָב איך אפשר געפֿרעגט, ווי מען רופֿט אייך?"

דער פּרעזידענט, זעהענדיג, דאָס אויף אַזאַ מין שטייגער וועט ער איבערהויפּט ניט קענען אָנגעהן, פֿערזוכט עטיעוואַן'ן צו איבערצייגען, אַז זיין שטעלונג איז ניט קיין גוטע, און אַז זי וועט ערגער מאַכען זיין לאַגע. דער אַדוואָקאַט פֿון דעם אָנגע־קלאָגטען אונטערשטיצט דעם פּרעזידענט אין זיינע פֿאָדערונגען און בעט זיך ביי דעם אָנגעקלאָגטען, ער זאָל ניט אָנגעהן ווייטער מיט דיזער מעטהאָדע. „פֿערגעסט ניט," זאָגט ער, „אַז איהר זייט איבערהויפּט ניט קאָמפּראָמיטירט, און עס איז זעהר וואַהר־שיינליך, אַז מען זאָל אייך אין גאַנצען פֿריישפּרעכען, נאָר ווען איהר וועט אָנגעהן אויף אַזאַ מין אַרט, וועט איהר געוויס פֿער־אורטהיילט ווערען."

עטיעוואַן האָט איהם געענטפֿערט: „איך וויל פֿון קיין זאַך ניט וויסען! דיזע אַלע פֿאָרמאַליטעטען זיינען לעכערליך און אַבסורד. די העררן ווייסען זעהר גוט ווער איך בין, און ווי איך רופֿ זיך, פֿאָלגליך זאָלען זיי ניט פֿערשווענדען זייער צייט מיט גאָר נישט. איך ווייס זעהר גוט, אַז מיין יעצטיגע שטעלונג וועט מיר ניט ברייננגען קיין נוצען. איך האָב אויסצוקלייבען איינס פֿון דיביידע: אָדער צו האַנדלען געגען מיין געוויסען, אָדער 20 יאָהר קערקער. נון גוט, איך האָב מיר אויסגעוועהלט מיין טהייל, און איך לאָז איבער די שאַנדע צו פּראָסטיטואירען זייער געווי־סען צו די, וועלכע וועלען מיך פֿעראורטהיילען!"

דער פּרעזידענט, איינזעהענדיג, אַז עס וועט איהם קיינמאָל ניט געלינגען צו בעאיינפֿלוסען די האַלטונג פֿון דעם אָנגע־

קלאָגטען, פֿערשפּאָרט זיך אַלע וויטערע פֿראַגען און זאָגט:

„אייער נאָמען איז קלאָד־פֿראַנסאָאַ עטיעוואַן; איהר זייט אַ טיפּאָגראַף און געבוירען 1865 אין פּאַריז.”

„דאָס איז ריכטיג”, ענטפֿערט עטיעוואַן, „נאָר איך האָב אייך שוין פֿריהער געזאָגט, אַז דאָס איז ניט קיינעמס געשעפֿט.”

דער פּרעזידענט גיט נאָך דעם אַ קורצע ערקלעהרונג אויף ווי וויט ראַוואַשאָל האָט גענומען אַן אַנטהייל אין דער גאַנצער אַפֿערע און ענדיגט מיט די ווערטער, אַז „ראַוואַשאָל שטעהט גאָר דערפֿאַר ניט פֿאַר'ן געריכט, וויל אַ גרעסערע שטראָף האָט געמאַכט אונמעגליך, ער זאָל זיך קענען פֿערענטפֿערן דיזעס מאָל.”

זעהר אינטערעסאַנט איז געוועזן, ווען דער פּרעזידענט האָט פֿערופֿען די עדות, און עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז שאָ־מאַנטען, דער הויפּט־עדות איז ניט ערשינען. דער פּראָקוראָר האָט ערקלעהרט, אַז מען דאַרף שאַמאַנטען'ן ברייננען דורך דער פּאָליציי, אָבער דאָס געריכט האָט בעשלאָסען, אַז מען דאַרף איהם גאָר ניט, דערפֿאַר וואָס די אָנגעקלאָגטע האָבען אין דער אונטערזוכונג אַליין צוגעגעבען זייער שולד. ווי עס ווייזט אויס האָט זיך זאָגאַר די פּאָליציי געשעמט מיט דיזען שופּט, וועלכער האָט געשפּילט אַזאַ טרויעריגע ראָלע אין דיביידע פּראָצעסען געגען ראַוואַשאָל און זיינע גענאָסען.

דער פּרעזידענט ווענדעט זיך יעצט צו פֿאָגו מיט די ווער־טער:

„איהר זייט געבוירען געוואָרען אין 1865 אין נאַנט. איהר זייט נאָך געוועזן זעהר יונג, ווען איהר האָט פֿערלוירען אייערע עלטערן.”

„יאָ, מיין פֿאָטער איז געשטאָרבען אין 1878,” האָט פֿאָגו געענטפֿערט.

„אייער ערציהונג איז ניט געוועזן קיין שלעכטע. ווער האָט אייך געלערענט?”

„איך האָב דער געזעלשאַפֿט פֿאַר קיין זאַך ניט צו דאַנקען; דען אַלעס וואָס איך וויס, האָב איך געלערנט דורך מיין אייגע־נער קראַפֿט.”

דער פרעזידענט מאַכט די געשוואוירענע בעקאַנט מיט נע־הערע איינצעלהייטען פֿון פּאָגו'ס לעבען און ערקלעהרט. אַז ער איז שטענדיג געווען אַן איבערגעבענער פּראָפּאַגאַנדיסט פֿון די אַנאַרכיסטישע אידעען און אַנשויאונגען.

„ווען איהר זייט געקומען קיין פּאַריז, זייט איהר געוואָרען דער פֿעראַנטוואָרטליכער הערויסגעבער פֿון'ם „פּער פּענאַר". און אין 1890 זייט איהר פֿעראורטהיילט געוואָרען וועגען אויפֿפֿאָדע־רונג צו מאָרד און פּלינדערונג?" האָט דער פּרעזידענט געפֿרעגט דעם אָנגעקלאָגטען.

„איך בין פֿעראורטהיילט געוואָרען, ווייל איך האָב אויסגע־דריקט מיין סימפּאַטהיע צו דעם העלדישען פּאָדלעווסקי, וועלכער האָט ערמאָרדעט סעליווערסטאָוו, דעם שעף פֿון דער זאָגענאַנטער דריטער אָבטהיילונג אין רוסלאַנד."

„עס האָט זיך אייך איינגעגעבען צו פֿערלאָזען פֿראַנקרייך נאָך אייער פֿעראורטהיילונג און איהר זייט אַוועק נאָך שפּאַניען און שפּעטער נאָך דער שווייץ?"

„יאָ, אין דער שווייץ האָב איך געלעבט אונטער אַ פֿאַלשען נאָמען, און די שפּיאָנען זיינען געווען צו דום מיר אויסצוגעפֿינען."

„פֿון זשענעוואַ זייט איהר אַוועק קיין לאָזאַן, און פֿון דאָרט צוריק נאָך פּאַריז?"

„יאָ, דערפֿאַר וואָס איך האָב ניט געקענט מאַכען קיין לע־בען אין לאָזאַן. איך האָב פֿערדינט צוויי פֿראַנק מיט 50 סאַנ־טים אַ טאָג; איך האָב איבערהויפּט שטענדיג געהאַט דעם גוטען ווילען צו אַרבייטען, נאָר היינט טהוט עס מיר לייד. היינט וואָלט איך בעסער געוואָרען אַ גנב."

„ווען מען האָט אייך אַרעסטירט, האָט מען געפֿונען אַ רע־וואָלווער ביי אייך?"

„יאָ, מען האָט מיר איבערראַשט, ווען ניט, וואָלט איך זיכער טהייער פֿערטהיידיגט מיין פֿרייהייט, דען קיינער האָט ניט קיין רעכט איהר צו אונטערדריקען."

ענדליך קומט דער פּרעזידענט צום אייגענטליכען פּונקט פֿון דער פֿערהאַנדלונג.

„איהר זייט איינער פֿון די, וועלכע האָבען גענומען אַן אַנ־טהייל אין דער גנבה פֿון סאַאַסי סוסעטיאַל?“ פֿרעגט ער דעם אָנגעקלאָגטען.

„גאַנץ געוויס!“ האָט פּאָגו געענטפֿערט. „איך האָב געהאָל־פֿען עקספּראָפּריאירען דעם דינאַמיט ביי דעם פֿאַבריקאַנט קועזי, וועלכער איז איינער פֿון די שמוציגסטע אויסבייטער, וואָס מען קען זיך נאָר פֿאָרשטעלען.“

„זייט איהר געוועזען דעריעניגער, וועלכער האָט אויסגעאַרבייט דעם גאַנצען פּלאַן פֿון דיזער אונטערנעהמונג?“

„קיין איינצעלהייטען וועל איך אייך ניט מיטטהיילען. אַלעס, וואָס איך קען אייך זאָגען, איז דאָס איך האָב געטהאָן מיין בעסט צו עקספּראָפּריאירען דעם הערר קועזי. מעהר וועט איהר פֿון מיר ניט אַרויסבעקומען.“

„האָט איהר ניט אַליין צוגעגעבען אין דער אונטערזוכונג, אַז איהר און שעוונע זייט געגאַנגען אַכט טעג בעפֿאָר דער טהאַט נאָך סאַאַסי, אום צו בעטראַכטען דעם אָרט?“

„איך האָב געמאַכט אַ שפּאַציר, דאָס איז אַלעס.“

„אָבער איהר האָט דאָך אַליין ערקלעהרט, אַז איהר האָט געוואָלט זעהען דעם מאַגאַזין?“

„איך האָב געמאַכט אַ שפּאַציר, דאָס איז אַלעס.“

„מען מאַכט ניט קיין שפּאַציר, ווען מען האָט ניט קיין סאַנטים אין קעשענע.“

„איך האָב געמאַכט אַ שפּאַציר, און טהוט מיר וואָס!“

„הערט נאָר אוים פּאָגו...“

„איהר מעגט זיך פֿערשפּאָרען אַלע אייערע פֿראַגען. איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, אַז איך האָב געמאַכט אַ שפּאַציר.“

דער פּרעזידענט האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, נאָר ער האָט באַלד ווייטער געפֿרעגט:

„דעם אַנדערן טאָג האָט איהר זיך געטראָפֿען מיט ראַוואַ־שאָל'ן?“

„זייט ניט אַזוי נייגיריג, ליעבער הערר, איך וועל אייך דאָך ניט ענטפֿערן.“

„אָבער עס איז נויטווענדיג, אַז די געשוואוירענע זאָלען וויכען די איינצעלהייטען פון דער גאַנצער אַפערע."

„אויב דאָס איז ווירקליך נויטווענדיג פאַר אייך, מעגט איהר זיך נאָכפרעגען ביי ראַוואַשאָל'ן אַליין. איך פערשטעה, אַז דאָס איז ניט אַזוי לייכט, נאָכדעם ווי איהר האָט איהם גיליאָטינירט."

דער פרעזידענט האָט פערלוירען דעם מוטה. די געשוואוירענע און צוהערער האָבען אַליין געמוזט אַרויספּלאַצען מיט אַ געלעכטער, דען די גאַנצע סיטואַציאָן איז געווען צו קאָמיש. נאָך דעם פרעזידענט האָט זיך ניט געגלוסט צו לאַכען, ער האָט אפילו קיין שמייכעל געטהאָן, און מיט אַ מידער שטימע האָט ער פאָרגעלעזען די געשוואוירענע, וואָס שאָמאַנטען האָט ערקלעהרט וועגען דיזער אַפערע. אָבער פאָגו האָט איהם פלוצלונג אונטערבראָכען מיט די ווערטער:

„ענטשולדיגט מיר, אַלעס וואָס איהר לעזט דאָ פאָר, איז ניט מעהר ווי די ערקלעהרונג פון אַ געמיינעם שופט, אַ בעצאָהלטען שפּיאָן!"

„איז דיזע ערקלעהרונג פאַלש?" האָט איהם געפרעגט דער פרעזידענט.

„דאָס וועל איך אייך ניט זאָגען."

„אָבער דאָס איז וויכטיג צו וויסען."

„אפשר פאַר אייך, ניט פאַר מיר."

„איהר האָט אַוועקגעשלעפּט אַזוי פיעל ווי איהר האָט נאָר געקענט טראָגען פון דעם מאַגאַזין קועזי?"

„גאַנץ געוויס, און ווען איך וואָלט נאָר געקענט, וואָלט איך אַלעס צוגענומען."

„די דינאַמיט־פּאַטראָנען האָט איהר צוטהיילט צווישען זיך, ד. ה. איהר, ראַוואַשאָל, שעוונע און דרוהע? וואָס האָט איהר געדיינקט צו טהאָן מיט אייער טהייל?"

„איך האָב זיי געוואָלט אַוועקשיקען קיין שפּאַניען, אום צו נעהמען ראַכע פאַר די פיער אַנאַרכיסטען פון כערעס, וועלכע זיינען פון דער קעניגין אויף אַ פייגען און נידעריגען אופן ערמאָרדעט געוואָרען."

„האָט איהר ניט אויך געוואָלט מאַכען אַטענטאַטען דאָ אין פראַנקרייך ?"

„איך האָב אייך געזאָגט, וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגען, דאָס איז אַלעס."

„און וואָס האָבען אייערע קאַמעראַדען געדיינקט צו טהאָן מיט די פאַטראָנען ?"

„דאָס קען איך אייך ניט זאָגען, דען איך האָב מיר ניט ערלויבט זיי צו פרעגען."

מיט אַ שווערען זיפץ האָט זיך יעצט דער פרעזידענט צוריק גענומען צו עטיעוואַן'ן. נאָר קוים וואָס ער האָט אַרויסגערעדט אַ פאָר ווערטער, האָט איהם עטיעוואַן באַלד אונטערבראָכען:

„איך האָב אייך שוין פריהער ערקלעהרט, אַז איך וועל אייך ניט ענטפערן אויף אייערע פראַגען. איך אַנערקען ניט אייער רעכט מיך צו ריכטען, און דערפאַר וועל איך נאָר רעדען, אום צו ערקלעהרען מיין שטעלונג צו אייך."

„ענטשולדיגט מיר, עטיעוואַן, איך האָב די פליכט צו אונ־טערזוכען צו איהר זייט שולדיג אָדער ניט."

„און איך האָב די פליכט, עס ניט צוצולאָזען, קיין מענש האָט ניט קיין רעכט מיך צו פעראורטהיילען. און אויב איהר ווילט, וועל איך אייך ערקלעהרען פאַר וואָס."

„גוט, לאָמיר הערען, וואָס איהר האָט צו זאָגען !"

אָבער ווען עטיעוואַן האָט פערזוכט צו ערקלעהרען, וואָרום ער רעספעקטירט ניט די געזעצע און זייערע פערטרעטער, האָט איהם דער פרעזידענט באַלד אונטערבראָכען, ערקלעהרענדיג, אַז זיינע טהעאָרעטישע אויפפאַסונגען איבער דעם ווערטה פון די געזעצע האָבען אַבסאָלוט ניט וואָס צו טהאָן מיט דער עקספראָ־פריאַציאָן אין סאָאַסי סוסעטיאָל.

„צו די געזעצע זיינען גוט אָדער שלעכט, דאָס איז יעצט ניט אונזער אויפגאַבע צו ענטשיידען. איך בין דאָ אום זיי אָנ־צואווענדען און צו מאַכען מען זאָל זיי רעספעקטירען".

„און איך בין דאָ, אום זיי צו בראַנדמאַרקען !" האָט עטיע־וואַן געשריען,

„גוט, די געשוואָרענע וועלען וויסען, וואָס זיי האָבען צו טהאָן.“

„און איך אַנערקען ניט זייער אורטהייל, דערפאַר וויל קיין מענש האָט קיין רעכט צו ריכטען אַ צווייטען מענשען!“

מיט דעם האָט זיך געענדיגט די אייגענטליכע פערהאַנדלונג. אַלע אַנדערע פראַגען זיינען געווען וויניג וויכטיג. דער פראָקוראָר האָט געפאָדערט די שטריינגסטע בעשטראָפונג פון די אָנגעקלאָגטע אין זיין רעדע. די אַדוואָקאַטען האָבען געטהאָן זייער בעסט צו בעאיינפלוסען די געשוואָרענע צו גונסטען די אָנגעקלאָגטע, אָבוואָהל זיי האָבען געפיהלט, אַז זייערע רעדען וועלען נים מאַכען קיין גרויסען איינדרוק נאָך דער האַלטונג פון די אָנגעקלאָגטע. צום שלוס האָט פאָגו נאָך גערעדט אַ פאָר ווערטער:

„איך נעהם אויף מיר די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר די עקספּראָפּריאַציאָן אין סאָאַסי סוסעטיאָל. איך וועל מיט מיר נעהמען אין קערקער מיין גאַנצען אונבעזיעגבאַרען האַס געגען דער בורזשואַזיע, און איך ווינש, אַז מיינע ריכטער זאָלען אַזוי לייכט טראָגען זייער אורטהייל, ווי איך וועל טראָגען מיין בעשטראָפונג!“

נאָך איהם האָט עטיעוואַן נאָך געוואָלט אָבגעבען אַ לענגערע ערקלעהרונג אָבער דער פרעזידענט האָט איהם ניט געלאָזט ריידען. דער מאַנוסקריפט פון עטיעוואַן'ס רעדע איז שפּעטער פערעפענטליכט געוואָרען אין „לאַ רעוואָלט“. זי איז אַ טהעאָרעטישעס מייסטערווערק, איינע פון די וואונדערבאַרסטע רעדען, וועלכע אַ „פערברעכער“ האָט ווען עס איז אויסגעאַרבייט. דיזע רעדע איז איבערזעצט געוואָרען אין אַלע וויכטיגע קולטורשפּראַכען און איז פערשפּרייטעט אין פילע טויזענדער עקזעמפּליאַרען צווישען די אַרבייטער־מאַסען. אַ אידישע איבערזעצונג פון גענ. פּרומקין, איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון דער גרופּע אר. פּר. און דערפאַר קענען מיר זיך פערשפּאָרען דיזע מערקווירדיגע רעדע נאָך אַמאָל צו רעפּראָדוצירען.

די געשוואָרענע זיינען שנעל פאַרטיג געווען מיט זייער אור־

טהייל. אין 20 מינוטען צייט האָבען זיי בעשטימט דאָס שיקזאַל פון פיער מענשען, וועלכע די בורזשואַזיע האָט בעטראַכטעט אַלס איהרע ביטערסטע פיינד.

פאָגו איז פערורטהיילט געוואָרען צו 20 יאָהר, שעווגע צו 12 יאָהר און דרוהע צו 6 יאָהר קערקער, עטיעוואַן האָט בעקומען 5 יאָהר געפענגניס.

די אָנגעקלאָגטע האָבען רוהיג אויסגעהערט זייער אורטהייל, נאָר פאָגו האָט געשריען: „עס לעבע די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן! עס לעבע די אַנאַרכיע! נידער מיט די שפּיאָנען!"

דיזע גרויזאַמע פערורטהיילונג האָט אַרויסגערופען אַ געוואַלדיגע אויפרעגונג צווישען די פראַנצויזישע גענאָסען. צאָהלרייכע אַנאָנימע פלוגשריפטען און מאַניפעסטען זיינען ערשינען, אין וועלכע מען האָט אָנגעזאָגט, אַז מען וועט נעהמען ראַכע פאַר די פערורטהיילטע קאַמעראַדען. און אַז דיזע דראָהונג איז ניט געוועזען קיין פוסטע פראַזע, האָט זיך אַרויסגעצייגט אין די צאָהלרייכע טעראָריסטישע אַקטען, וועלכע האָבען שטאַטגעפונען נאָך דעם בעריהמטען פּראָצעס וועגען דער דינאַמיט־עקספּראָפּריאַציאָן אין סאָאָסי סוסעטיאַל.

דער פּראָצעס געגען די פיער אַנאַרכיסטען אין ווערסאַיל איז דערפאַר געוועזען אַזוי אינטערעסאַנט, ווייל די פראַגען, וועלכע זיינען דאָרט פערהאַנדעלט געוואָרען זיינען אייגג פערבונדען געוועזען מיט דער פּערזאָן פון ראַוואַשאָל. עס איז געוויסער מאַסען געוועזען דער עפּילאָג פון דער אַפּערע ראַוואַשאָל.

אָבער שוין האָבען זיך פאָרבערייטעט נייע און גרעסערע טעראָריסטישע אַקטען אין פראַנקרייך, וועלכע האָבען געפונען אַן אָבקלאַנג אין דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־וועלט, נאָר דאָס צו בעשרייבען וועט זיין די אויפגאַבע פון אונזערע ווייטערע אַרטיקלען.





## די באמבע אין פארלאמענט.

פֿאַר די סאָציאַליסטישע אַרבייטער־בעוועגונג אין פֿראַנק־רייך איז דאָס יאָהר 1893 געווען איינע פֿון די אינטערעסאַנ־טעסטע און ערפֿאָלגרייכסטע פעריאָדען פֿאַר דער פראָפּאַגאַנדאָ. צווישען די ברייטע מאַסען פֿון דער פראָלעטאַרישער בעפֿעלקע־רונג האָט געהעררשט אַ שטאַרקע אונצופֿרידענהייט, וועלכע איז נאָך פֿערגרעסערט געוואָרען דורך אַ געפֿעהרליכען עקאָנאָמישען קריזיס. טויזענדער און טויזענדער אַרבייטער זיינען אַרומגעגאַנגען ליידיג און האָבען ניט געוואוסט פֿון וואַנען צו נעהמען ברויט פֿאַר זיך און זייערע פֿאַמיליען. די אַנאַרכיסטען זיינען געווען אויסערגעוועהנליך טהעטיג אין דיזער צייט, און זייער אַגיטאַציאָן האָט געפֿונען אַ גוטען אָבקלאַנג ביי די מאַסען, דען די פֿראַנ־צויזישע אַרבייטער האָבען ביסלעכווייז אָנגעפֿאַנגען צו פֿערלירען דעם צוטרוי צו די פּאָליטישע פּאַרטייען.

אין דערזעלבער צייט איז ענטדעקט געוואָרען אַ געוואַלטי־גער שווינדעל אין דער פֿינאַנציעלער וועלט, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף די גאַנצע פֿראַנצויזישע בעפֿעלקערונג, אַז פֿיעלע האָבען געגלויבט, דאָס פֿראַנקרייך האַלט ביי אַ נייע רעד־וואָלוציאָן, און דיזער גלויבען איז געווען צו אָפּטימיסטיש, דען די אויפֿרעגונג איז געווען אַ געפֿעהרליכע, און די רעגירונג האָט כמעט אין גאַנצען פֿערלאָרען איהר מאָראַלישען קרעדיט אין יע־נער ערענסטער צייט.

די אורזאַכע פֿון דיזער אַלגעמיינער אויפֿרעגונג און רעוואָ־לוציאָנערע שטימונג איז געווען די פֿאָלגענדע: מיט איינינע יאָהר בעפֿאָר האָבען די קעניגע פֿון דער פֿראַנצויזישער פֿינאַנץ־וועלט

אונטער דער פּראָטעקציאָן פֿון דער רעגירונג אָרגאַניזירט אַ גע־וואַלטיגע קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונג. מען האָט נעמליך בעשלאָסען צו מאַכען דעם בעריהמטען קאַנאַל פֿון פּאַנאַמאַ, אַן עהנליכע אונטערנעהמונג ווי דער בעריהמטער סועץ־קאַנאַל. דער ערפֿאָלג פֿון דיזער אונטערנעהמונג וואָלט געווען צו אַ געוואַל־טיגע בעדייטונג פֿאַר די גאַנצע אינטערנאַציאָנאַלע קאָמערציעלע וועלט, און דערפֿאַר האָט דער אויפֿרוף פֿון די פּאַריזער בערזען־שפּעקולאַנטען געפֿונען אַ גוטען אָבקלאַנג אין ווייטע קרייזען פֿון דעם פֿראַנצויזישען פֿאָלק. מען האָט געגרינדעט אַ זאָגענאַנטע אַקציען־געזעלשאַפֿט און פֿערקויפֿט אַקציעס אויף וואָס די וועלט שטעהט. אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ געוואַלטיגע רעקלאַמע פֿאַר דיזע אונטערנעהמונג, און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ פּאָר הונדערט פֿראַנק אויף דער זייט, האָט געקויפֿט פּאַנאַמאַ־אַקציעס, האָפֿענדיג אויף אַ גרויסען געווין. עס איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז די קליינע האַנדווערקער און געשעפֿטס־לייט האָבען זיך הויפּטזעכליך גע־לאָזט פֿערפֿיהרען דורך די געוואַלטיגע רעקלאַמע פֿון דער נייער פֿינאַנץ־געזעלשאַפֿט, און טויזענדער פֿון זיי האָבען אַוועקגעגעבען דעם לעצטען גראָשען, כדי צו פֿערזיכערן זייער צוקונפֿט.

די אונטערנעהמונג האָט דערפֿאַר געהאַט אַזאַ געוואַלטיגען ערפֿאָלג, ווייל זי איז ניט געווען קיין געוועהנליכע שפּעקולאַציאָן, וואו מען קען פֿיעל געווינען, אָבער אויך פֿיעל פֿערלירען. דער קאַנאַל איז געווען און איז נאָך היינט אַ נויטווענדיגקייט פֿון דער גרעסטער בעדייטונג, און עס איז ניט געווען דער קלענסטער צווייפֿעל, אַז די איניציאַטאָרם פֿון אַזאַ אונטערנעהמונג וועלען געווינען מיליאָנען דורך די רעאַליזירונג פֿון זייער פּלאַן. אָבער די אייגענטליכע אונטערנעהמער פֿון דיזער ריזיגער אונטערנעהמונג האָבען גאָרניט געדיינקט איהר אויסצופֿיהרען. זייער פּלאַן איז געווען אויסצולײדיגען די קעשענעס פֿון הונדערט טויזענדער מענ־שען, אום צו מאַכען אַ גוטען „געשעפֿט". אום ניט אַרויסצורופֿען קיין מיסטרויען, האָט מען ווירקליך אָנגעפֿאַנגען צו אַרבייטען און אויסגעגעבען עטליכע מיליאָנען פֿראַנק פֿאַר דיזען צוועק, אָבער

טוויזענדער מיליאָנען, וועלכע מען האָט דורך דיזען גראַנדיאָזען שווינדעל אַרויסגעשלעפּט פֿון די קעשענעס פֿון גאַנץ פֿראַנקרייך, זיינען געבליבען אין די הענד פֿון אַ קליינע באַנדע קאַפּיטאַליס־טישע גנבים. אָבער אום צו פֿערהינדערן, אַז דער שווינדעל זאָל ניט אַרויסקומען, האָט מען אונטערגעקויפֿט די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרען פֿון די וויכטיגסטע קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, מען האָט אונטערגעקויפֿט פֿיעלע דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט און זאָגאַר מיטגלידער פֿון דער רעגירונג. עס איז גאָר קיין צווייפֿעל, אַז די גאַנצע רעגירונג איז געווען אונטערגעקויפֿט ביז צום פּרע־זידענט, אָבוואָהל מען האָט שפּעטער אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום אָבצולייקענען דיזען מורא׳דיגען פֿאַקט.

אום צו בעגרייפֿען, וואָס פֿאַר אַ גיגאַנטישער שווינדעל דאָס איז געווען, איז נייטיג צו בעמערקען, דאָס מאַנכע רעדאַקטערע האָבען בעקומען אַריבער אַ מיליאָן פֿראַנק, אום צו מאַכען רע־קלאַמע פֿאַר דיזע רויבעריי. די סומען, וועלכע די מיטגלידער פֿון דער רעגירונג און די געקויפֿטע דעפּוטאַטען האָבען בעקומען, וועלען קיינמאָל ניט אין גאַנצען פֿערעפֿענטליכט ווערען, אָבער מען קען זיך לייכט פֿאָרשטעלען, אַז דיזע באַנדע האָט זיך גע־לאָזט גוט בעצאָהלען, אום צו מאַכען גינסטיגע געזעצע פֿאַר דער אונטערנעהמונג.

ענדליך איז געקומען די קאַטאַסטראָפֿע, דער באַנקראָט. מען קען זיך פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר אַן איינדרוק עס האָט געמאַכט, ווען די איניציאַטאָרס פֿון דעם פּאַנאַמאַ־שווינדעל האָבען עפֿענט־ליך ערקלעהרט, אַז זיי זיינען פֿאָרלויפֿיג געצוואונגען אויפֿצו־געבען די אונטערנעהמונג, ווייל עס פֿעהלט זיי קאַפּיטאַל. דיזע נאַכריכט האָט געווירקט ווי אַ דונער. אַ גאַנצער פּאַניק האָט אויסגעבראָכען אין דער קליינבירגערליכער וועלט. הונדערטער קליינע געשעפֿטס־לייט און האַנד־ווערקער האָבען באַנקראָטירט; די פֿערצווייפֿלונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין מאַנכע פּלעצער האָבען די בערויבטע „אַקציאָנערען" פֿערזוכט צו שטורמען די אָפּיסעס פֿון דער פּאַנאַמאַ־באַנק, אום צוריק צו בעקומען זיי־ער געלד.

אָבער די פּאַנאַמאַ־קאַטאַסטראָפע האָט אויך געווירקט אויף די לאַגע פון די פראַנצויזישע אַרבייטער. די טויזענדער און טוי־זענדער מיליאָנען, וועלכער מען האָט אַרויסגעשווינדעלט פון די „אַקציאָנערען”, וואָלטען אונטער אַנדערע אומשטענדען זיכער פערוועגדעט געוואָרען פאַר נייע אינדוסטריעלע אָדער קאָמער־ציעלע אונטערנעהמונגען, און הונדערט טויזענדער אַרבייטער וואָלטען כאָטש מעהר אָדער ווייניגער פערזיכערט געווען מיט זייער מאָמענטאַנער עקזיסטענץ. דורך די פּאַנאַמאַ־אַפערע האָבען פיעלע טויזענדער אַרבייטער פערלאָרען זייער אַרבייט, און די אינדוסטריעלע רעזערווע אַרמעע איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. די אַלגעמיינע אויפרעגונג איז געווען אונגעהייער גרויס. די רע־וואָלוציאָנערע פרעסע האָט געבראַנדמאַרקט די גנבים און די רעגירונג, וועלכע האָט זיי אונטערשטיצט. אין די סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע פערזאַמלונגען איז די שפּראַכע פון די רעדנער געווען אַזוי דראָהענד, אַז די רעגירונג האָט זיך פאָרבערייטעט פאַר אַן אויפשטאַנד אין פּאַריז. מען האָט אויפגעדעקט דעם גאַנצען אונגעהייערען שווינדעל פאַר דער עפענטליכקייט, נאָר די רעגירונג האָט ניט געוואַגט צו אַרעסטירען די גנבים, דערפאַר ווייל איהרע מיטגלידער זיינען אַליין געווען צו שטאַרק קאָמפּראָ־מיטירט, און זיי האָבען מורא געהאַט, אַז טאָמער וועט מען אַרעסטירען איהרע מיט־אַרבייטער, וועלען זיי אויסזאָגען פון חדר און פאַר דעם האָבען זיי געציטערט. אָבער גראַדע דאַדורך האָט זי די לאַגע נאָך ערגער געמאַכט ווי זי איז שוין געווען. די רע־וואָלוציאָנערען האָבען עפענטליך ערקלעהרט, אַז די מיטגלידער פון דער רעגירונג זיינען שווינדלערס אַלע ווי איינער, און דערפאַר ווילען זיי ניט אַרעסטירען די איבעריגע גנבים.

די לאַגע איז געווען אַ קריטישע. די רעוואָלוציאָנערע עלע־מענטען האָבען זיך פעראייניגט און זיך צוגעגרייט צו אַ בוואַ־פענטען אויפשטאַנד. די רעגירונג האָט קאָנצענטרירט אַ געוואַל־טיגע אַרמעע אין פּאַריז, אָבער זי האָט פון דעסטוועגען געציטערט פאַר אַ ריכטיגען קאַמפף און דערפאַר האָט מען בעשלאָסען צו אָפּפערן אייניגע פון די הויפּטשווינדלערס און זיי געלאָזט אַרעס־

טירען. דורך דיזען בעשלוס איז די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אָבגעשטעלט געוואָרען פֿאַר אַ מאָמענט, דען פֿיעלע האָבען מעהר ניט געפֿאָדערט ווי די אַרעסטירונג פֿון די גנבים. אָבער דאָס פֿעלד פֿאַר דער אַגיטאַציאָן איז געווען אויסגעצייכענט. די אַנאַר־כיסטען האָבען גוט אויסגענוצט די געלעגענהייט און האָבען אָנגעדייטעט מיט די פֿינגער אויף די זאָגענאַנטע פֿאָלקס־פֿער־טרעטער, וועלכע האָבען, לויט דעם פּאַרלאַמענטאַרישען פּרינציפּ, די אויפֿגאַבע צו שיצען די אינטערעסען פֿון פֿאָלק, נאָר אין דער ווירקליכקייט זיינען עס געווען געמיינע שווינדלערס און ליגנער, וועלכע האָבען זיך פֿערקויפֿט צו אַ הייפֿעלע קאַפּיטאַליסטישע גנבים, אום צו פֿערזיכערן זייערע פּערזענליכע אינטערעסען. דאָס זעלבע האָבען זיי געטהאָן מיט די פֿערטרעטער פֿון דער פּרעסע, וועלכע האָבען געמאַכט פֿאַר אַ גוטע בעצאָהלונג אַ גינסטיגע שטימונג פֿאַר די פּראָיעקטען פֿון די שווינדלערס.

טויזענדער און טויזענדער אַרבייטער זיינען געוואָרען אַנאַר־כיסטען אין יענער פּעריאָדע, דערפֿאַר ווייל זיי האָבען פֿערלאָרען יעדען צוטרוי צו די זאָגענאַנטע פּאָליטישע פּאַרטייען און זייערע פֿאָרשטעהער. זיי האָבען אָנגעהויבען צו בעגרייפֿען, אַז זיי וועלען דאַרפֿען אַליין קעמפּפֿען פֿאַר זייער בעפֿרייאונג און ניט צולאָזען, אַז אַנדערע זאָלען בעזאָרגען זייערע אַנגעלעגענהייטען. דער פֿאָלקס־וויץ האָט געגעבען דעם וואָרט „פּאַרלאַמענט" אַן אַנדער בעדייטונג. פּאַרלאַמענט, האָט מען ערקלעהרט, בעשטעהט פֿון צוויי ווערטער—„פּארל" און „מאַנט"; פֿראַנצויזיש מיינט דאָס: רעדען און ליגען זאָגען; אַ פּאַרלאַמענטאַריער איז אַלזאָ א מענש, וועל־כער רעדט און זאָגט ליגען. אין אַזעלכע שטעך־ווערטער האָט זיך אויסגעדריקט די אַלגעמיינע פֿעראַכטונג פֿון די אַרבייטער־מאַסען געגען די פּאַרלאַמענטאַרישע קאָרופּציאָן און געגען דעם פּאַרלאַמענטאַריזמוס אין אַלגעמיין.

פלוצלונג האָט דיזע אַלגעמיינע פֿעראַכטונג אויך געפֿונען אַן אויסדרוק דורך דער טהאַט. אַם 9טען דעצעמבער 1893 האָט דער אַנאַרכיסט אָגיסט וואַיאַן געשליידערט אַ באָמבע אויף די דעפּוטאַטען פֿון פּאַרלאַמענט. וואַיאַן איז געזעסען אויף איינע פֿון די גאַלע־

ריען אין דעם פֿראַנצויזישען דעפּוטירטען־קאַמער, אַלס אַ צושויער. פלוצלונג, אין מיטען דער זיצונג, האָט ער זיך אויפֿגעהויבען און האָט געוואָרפֿען די באָמבע. אָבער ווי עס ווייזט אוים איז דער עקספּלאָזיוו־שטאָף ניט געווען קיין גוטער, און אויסערדעם האָט וואַיאַן, שליידערנדיג די באָמבע, געמאַכט מיט איהר אַן אונגעשיקטע בעוועגונג מיט דער האַנד, דורך וועלכע די באָמבע האָט שוין געפּלאַצט אין דער לופֿט, נאָך איידער זי האָט דערגרייכט איהר ציעל. די פֿאָלגע איז געווען, אַז נאָר איינינע דעפּוטאַטען זיינען לייכט פֿערוואונדעט געוואָרען. וואַיאַן אַליין איז פֿערוואונדעט געוואָרען, און דאָס איז געווען די אורזאַכע, פֿאַר וואָס מען האָט איהם באַלד אויסגעפֿונען אויף'ן פּלאַץ.

מען קען זיך פֿאָרשטעלען די צושראָקענע געזיכטער פֿון די זאָגענאַנטע פֿאָלקס־פֿערטרעטער, ווען זיי האָבען פּלוצלונג דערהערט דעם קראַך פֿון דער באָמבע און געזעהן ווי איינינע פֿון די פֿערוואונדעטע זיינען אונמעכטיג געוואָרען, מעהר פֿון שרעק ווי פֿון זייערע וואונדען. איינינע פֿון זיי האָבען פֿערזוכט צו אַנטלויפֿען פֿון זאַל, די איבעריגע זיינען געבליבען זיצען אויף זייערע פּלעצער מיט בלאַסע, צושראָקענע געזיכטער, און ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבען געזעהען, אַז קיין אַנדערע פֿאַלען ניט, האָבען זיי זיך ווידער אַביסעל בערוהיגט און פֿאָרטגעזעצט די זיצונג.

וואַיאַן'ס טהאַט האָט געמאַכט אַ געוואַלטיגען איינדרוק אויף די פּאַריזער בעפֿעלקערונג. איבעראַל, אין די קרייזען פֿון די אַרבייטער, האָט מען גערעדט מיט סימפּאַטהיע פֿון דעם אַטענטאַט, און עס האָט זעלטען געטראָפֿען, דאָס אַ טעראָריסטישע טהאַט זאָל געפֿינען אַזוי פֿיעל עפֿענטליכע אַנערקענונג, ווי עס איז דער פֿאַל געווען מיט דער „פּאַרלאַמענטאַרישער באָמבע". וואַיאַן'ס טהאַט איז געווען דער אויסדרוק פֿון דער אַלגעמיינער פֿאָלקס־שטימונג, דער אויסדרוק פֿון פֿעראַכטונג געגען די פֿערקויפֿטע פּאָליטיקער, וועלכע זיינען פֿאַרטיג געווען צו בעגעהן יעדע שענדליכקייט, אַזוי לאַנג ווי זיי האָבען נאָר געהאַט די מעגליכקייט צו בעפֿרידיגען דורך דעם זייערע שמוציגע פּערזענליכע אינטערעסען.

אָבער אויך די רעגירונג האָט פֿערשטאַנען די גאַנצע לאַגע. די זאָגענאַנטע פֿאָלקס-פֿערטרעטער האָבען בעגריפֿען, אַז זיי מוזען אָנווענדען די ענערגישסטע מיטלען, אום ניט צו פֿערלירען זייער פּאָליטישען איינפֿלוס. מען האָט באַלד נאָך דער טהאַט געמאַכט געוויסע געזעצע, אום צו בעשריינקען די עפֿענטליכע רעכטע און פֿרייהייטען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּרעסע און די פֿערזאַמלונגען. אַם 17-טען דעצעמבער האָט דער פּאַרלאַמענט בעשלאָסען, אַז דער מיניסטער דער אינערען קען אויסגעבען 820.000 פֿראַנק אַ יאָהר אום צו פֿערמעהרען די פּאָליטישע פּאָליציי. 64 בעקאַנטע אַנאַרכיסטען זיינען אַרעסטירט געוואָרען און ביי מעהר ווי 2000 פּערזאָנען האָט מען געמאַכט אונטער־זוכונגען אין זייערע וואוינונגען. אויך ביי עליע רעקלו און עליזע רעקלו איז די פּאָליציי אַריינגעדרונגען אין די וואוינונגען אום צו געפֿינען בעהאַלטענע דאָקומענטען א. ז. וו. פּאָל רעקלו, אַ זוהן פֿון עליע רעקלו, האָט זיך בייציטענס בעהאַלטען. די פּאָליציי האָט נעמליך געפֿונען ביי וואַיאַן אַ בריעף פֿון איהם; דאָס איז געווען גענוג, אום צו בעהויפּטען, אַז ער האָט געוואוסט פֿון דעם אַטענטאַט, אָבוואָהל וואַיאַן האָט אויסדריקליך ערקלעהרט, אַז ער איז אַליין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זיין טהאַט, דערפֿאַר ווייל קיין אַנדערער האָט דערפֿון ניט געוואוסט. און ווייל מען האָט ניט געפֿונען דעם זוהן, האָט מען אַרעסטירט דעם פֿאָטער.

ביי דיזער געלעגענהייט האָט די פֿראַנצויזישע פּאָליציי בעוויזען ווי קלוג זי איז. ווען מען האָט נעמליך געמאַכט אַן אונטערזוכונג אין דער וואוינונג פֿון עליזע רעקלו, האָט מען געפֿונען אַ גאַנצען בוך מיט געשריבענע נאָטיצען, צאָהלען א. ז. וו., אויף וועלכען עס איז געווען אָנגעשריבען דאָס געהיימניספֿאָלע וואָרט „סיטשיליאַנאַ". דער פּאָליציי־קאָמיסאַר קלעמאַן, וועלכער האָט געמאַכט די אונטערזוכונג איז געווען העכסט צופֿרידען פֿון דיזער וויכטיגער ענטדעקונג, דען ער איז פֿעסט איבערצייגט געווען, אַז דאָס איז דער נאָמען פֿון אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנספּיראַטיווער אַנאַרכיסטישער געזעלשאַפֿט. די פּאָליציי-פּרעסע האָט אויך באַלד בעריכטעט וועגען דער געוואַלטיגער ענטדעקונג; נאָר ליידער

האָט זיך שפּעטער אַרויסגעצייגט, אַז דאָס געהיימניספּאָלע בוך מיט דעם דונקעלען נאָמען — דונקעל פאַר דעם פערשטאַנד פון אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר — איז ניט מעהר און ניט וויינינגער ווי אַ זאַמלונג פון נאָטיצען איבער די געאָגראַפישע לאַגע און דעם קלימאַט פון דער איטאַליענישער אינזעל סיציליען. מען האָט שטאַרק געלאַכט איבער דיזען אונפרייוויליגען וויץ, נאָר די רעדאַקציאָנערע פּרעסע האָט פערטהיידיגט דעם אָרעמען קאָמיסאַר, בעהויפּטענדיג, אַז אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר דאַרף אייגענטליך גאָר ניט פערשטעהן פון געאָגראַפיע, און זי איז פאָלקאָמען גערעכט געווען, דען אַ פּאָליציסט און געאָגראַפיע זיינען טאַקע צוויי בעזונדערע זאַכען.

אין דערזעלבער צייט האָט זיך די פּאָליציי שטאַרק גענומען צו דער אַנאַרכיסטישער פּרעסע. אַלע אַנאַרכיסטישע צייטונגען זיינען אונטערדריקט געוואָרען פאַר עטליכע וואָכען. אָבער דיזע אַלע מאַסרעגלען האָבען ניט געקענט איבערביימען די אַלגעמיינע סימפּאַטישע שטימונג, אין געגענטהייל די פּאָליציי האָט אונבעוואוסטערהייט אליין מיטגעהאָלפען צו פּראָפּאַגאַנדירען די אַנאַרכיסטישע אידעען, דען דורך איהרע פערפאָלגונגען זיינען פיעלע ערשט ריכטיג אויפמערקזאַם געוואָרען אויף דעם אַנאַרכיזמוס און זיינע פּראָפּאַגאַנדיסטען.

וואַיאַן, וועלכער איז באַלד אַרעסטירט געוואָרען אויף׳ן אָרט, האָט רוהיג ערקלעהרט, אַז ער האָט געשליידערט די באָמבע, אום אויסצודריקען זיין פּראָטעסט געגען די אונטערדריקער און אויסבייטער פון פאָלק. ווען מען האָט איהם געפרעגט, צו ער האָט געהאַט מיטהעלפער פאַר זיין טהאַט, האָט ער געזאָגט, אַז זיינע מיטהעלפער זיינען די אָרעמע און אונגליקליכע פון גאַנץ פראַנקרייך, דען די געזעלשאַפט איז אַליין פעראַנטוואָרטליך פאַר אַזעלכע טהאַטען. אויף אַלע פראַגען, דורך וועלכע מען האָט פערזוכט אַרויסצובעקומען פון איהם בעשטימטע נעמען און פערזאָנען פון קאַמעראַדען, וועלכע זיינען בעקאַנט געווען מיט איהם, האָט ער זיך ענטזאָגט צו ענטפערן.

דער פּראָצעס האָט געזאָלט שטאַטפינדען אַם 5־טען יאַנואַר,

אָבער די פּאָליציי האָט אָנגעווענדעט די שמוציגסטע מיטלען, אום צו פֿערהינדערן, אַז וואַיאַן זאָל זיך קענען דורכריידען מיט זיין אַדוואָקאַט. אַ בריעף, וועלכען וואַיאַן האָט געשריבען צו זשאַן אַזשאַלבער אַם 23־טען דעצעמבער, האָט מען איהם ערשט אָבגעגעבען אַם 4־טען יאַנואַר, ד. ה. אַ טאָג בעפֿאָר דעם פּראָ־צעס. אָבער אַזשאַלבער האָט צושטערט דעם גאַנצען פּלאַן פֿון דער פּאָליציי. ער האָט געשריבען אַן ענערגישען בריעף אָן דעם פּראָקוראָר, אין וועלכען ער האָט ערקלעהרט, אַז ער איז בערייט צו פֿערטהיידיגען וואַיאַן, אָבער ער ענטזאַגט זיך גאַנץ ענטשידען עס צו טהאָן, איידער ער האָט ניט שטודירט די אַקטען פֿון דעם פּראָצעס. די פֿאָלגע איז געווען, אַז דער פּראָצעס איז אָבגעלייגט געוואָרען אויף דעם 10־טען יאַנואַר. דער פּראָצעס, אויף וועלכען גאַנץ פּאַריז האָט געוואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד, איז געווען איינער פֿון די אינטערעסאַנטעסטע פּאָליטישע פּראָצעסען, וועלכע האָבען ביז יעצט שטאַטגעפֿונען אין פֿראַנקרייך און עס וועט זיין די אויפֿגאַבע פֿון אונזער נעכסטען אַרטיקעל, בעקאַנט צו מאַכען די לעזער מיט דיזען מערקווירדיגען פּראָצעס, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט אַ טויטעס־אורטהייל.





## וואיאן פאר'ן געריכט.

דער פראָצעס פון אָגיסט וואַיאַן האָט אַרויסגערופען די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער פראַנצויזישער אַרבייטער־וועלט. זיין טהאַט האָט געפונען פיעל סימפּאַטהיע אין די קרייזען פון דער אַרבייטערשאַפט, דערפאַר ווייל זי האָט זיך ערקלעהרט פון זיך אַליין. אויסערדעם איז וואַיאַן געווען דער טיפּ פון אַ ריכטיגען אַרבייטער, אַ מענש, וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַלע מאַטעריעלע שוועריגקייטען פון'ם פּראָלעטאַריער־לעבען, און וועלכער האָט מעהר ווי איינמאָל געליטען דעם ערגסטען הונגער מיט זיין פאַמיליע. וואַיאַן איז געווען זעהר אַן אינטעליגענטער קאָפּ, די קורצע שטונדען, וועלכע זיינען איהם פערבליבען פאַר זיין פערזענליכער ערהאָלונג, האָט ער בענוצט פאַר זיין גייסטיגע אויסבילדונג. ער האָט זעהר פיעל געלעזען און איז בעקאַנט געווען מיט די בעסטע ווערקע פון לעטורנאָ, ספּענסער, רעקלו, דאַרווין, העקעל און פיעלע אַנדערע. צוויי יאָהר צייט איז ער געווען אין בוענאָס איירעס. דאָרטען האָט ער אַרויסגעגעבען אַן אַנאַרכיסטישע צייטונג אין דער פראַנצויזישער שפּראַכע, „לאַ ליבערטע", וועלכע איז אָבער ניט לאַנג ערשינען. עס איז ווירקליך צו בעוואונדערן, דאָס אַ מענש, וועלכער האָט זיין גאַנצען לעבען לאַנג אַזוי שטאַרק געמוזט קעמפּפען מיט דעם ביטערסטען עלענד, איז טראָץ דעם נאָך אימשטאַנד געווען זיך אויף אַזוי פיעל גייסטיג צו ענטוויקלען, ווי וואַיאַן האָט עס געטהאָן. די פּרעסע האָט איבערגעגעבען די אַלע איינצעלהייטען פון זיין לעבען, און די אַרבייטער, וועלכע האָבען עס געלעזען, האָבען סימפּאַטיזירט מיט דיזען מאַן, וועלכער איז געווען בלוט פון זייער בלוט און ביין פון זייער ביין.

נאָך איידער דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעפאַנגען, איז די עפענטליכע מיינונג שוין שטאַרק בעאיינפלוסט געוואָרען צו גונ־סטען פון וואַיאַן, דורך דעם בריעף פון דעם אַדוואָקאַט אַזשאַלבער אָן דעם פּראָקוראָר, וועלכער איז פערעפענטליכט געוואָרען אין דער פּרעסע, און דורך וועלכען דאָס פּובּליקום איז בעקאַנט גע־וואָרען מיט די אַלע קליינליכע האַנדלונגען פון דער פּאָליציי, דורך וועלכע זי האָט געוואָלט פערהינדערן אַ ריכטיגע יוריסטישע פערטהיידיגונג. אַזשאַלבער האָט זיך ענטזאַגט צו פערטהיידיגען וואַיאַן׳ן, אויב מען וועט איהם ניט געבען גענוג צייט צו שטודי־רען די אַקטען. מען איז געצוואונגען געווען אָבצולייגען דעם פּראָצעס אויף שפּעטער, אָבער אַזשאַלבער האָט געפאָדערט נאָך מעהר צייט, ביז עס האָט ענדליך געלונגען צו בעקומען דעם בעריהמטען פּאַריזער אַדוואָקאַט לאַבאָרי, וועלכער האָט שפּעטער אין דער דרייפוס־אַפערע געשפּילט אַזאַ וויכטיגע ראָלע, אַלס פערטהיידיגער פון וואַיאַן.

דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַם 10־טען יאַנואַר 1894. דער יוסטיץ־פּאַלאַסט איז דיזעס מאָל נאָך בעסער בעוואַכט געווען ווי ביי דעם פּראָצעס פון ראַוואַשאָל. אַלע טהירען זיינען פערמאַכט געווען, מיט דער אויסנאַהמע פון איינער. איבעראַל האָט מען געזעהען פּאָליציסטען און שפּיאָנען, וועלכע האָבען שאַרף געקוקט אויף יעדען פאַרבייגעהער.

אום 12 אוהר מיטאָגס זיינען ערשינען די ריכטער און גע־שוואָרענע אין געריכטס־זאַל. באַלד נאָכדעם האָט מען אַריינגע־פיהרט וואַיאַן. זיין געזיכט איז געווען רוהיג און קאַלט, און זיינע אויגען האָבען זיך באַלד געריכטעט אויף די אוידיענץ, פּונקט ווי ער וואָלט דאָרטען געזוכט אַ פריינד, אַ בעקאַנטען. דער געריכטס־פּרעזידענט קאַז האָט ערעפענט די זיצונג מיט די גע־וועהנליכע פאָרמאַליטעטען. דער ערשטער טהייל פון דער פער־האַנדלונג איז כמעט אין גאַנצען פערנומען געוואָרען מיט פראַגען און ענטפערס איבער וואַיאַן׳ס פערגאַנגענהייט און אַנדערע אונבעדייטענדע אַנגעלעגענהייטען. אויף די פראַגען פון דעם פּרעזידענט, צי אַנדערע פּערזאָנען האָבען איהם מיטגעהאָלפען

פּאָרצובעררייטען אָדער אויסצופיהרען זיין אַטענטאַט, האָט וואַיאַן ערקלעהרט, אַז קיינער האָט ניט געוואוסט וועגען זיין טהאַט, אַז ער אַליין האָט אַלעס פּאָרבעררייטעט, פּערפאַרטיגט די באָמבע און איהר געשליידערט צווישען די דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט. ער האָט צוגעגעבען, דאָס ער האָט ערהאַלטען פון אַ פּערזאָן 100 פראַנק, אום אויסצופיהרען אַ געוויסען אַקט, אָבער ער ענטזאַגט זיך צו געבען דעם נאָמען פון דעם אונבעקאַנטען און בעהויפּטעט, אַז דער בעטרעפּענדער מאַן האָט אפילו געוואוסט אַז דאָס געלד וועט פערוועגדעט ווערען פאַר אַ טעראָריסטישע טהאַט, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס מען געהט טהאָן. אויף די פראַגען פון דעם פּרעזידענט האָט ער ערלקעהרט די בעמישע איינצעלהייטען, ווי אַזוי ער האָט פאַבריצירט די באָמבע א. ז. וו.

„ווי אַזוי זייט איהר געפאַלען אויף דער אידעע צו שליידערן אַ באָמבע אין פּאַרלאַמענט, וואָרום גראָד דאָרטען, פאַרוואָס ניט וואו אַנדערש?“ האָט איהם געפרעגט דער פּרעזידענט.

„דערפאַר וואָס די דעפּוטאַטען זיינען אַם מייסטען פערענטוואָרטליך פאַר די סאָציאַלע פערברעכען, וועלכע קומען פאָר אין פראַנקרייך!“ האָט וואַיאַן גענטפּערט פעסט און ענערגיש.

„האָט איהר זיי אויך געוואָלט טרעפען, דערפאַר וואָס זיי זיינען בורזשואַס?“

„די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט ריכטעט זיך געגען אַלע פּאַראַזיטען, און פּאַראַזיטען זיינען אַלע די, וועלכע טהוען ניט קיין ניצליכע פּראָדוקטיווע אַרבייט אין דער געזעלשאַפט.“

„אַזוי ווי עס האָט זיך אַרויסגעצייגט אין אַ בריעף, וועלכען איהר האָט געשריבען, האָט איהר געהאַט די אַבזיכט צו ריידען אַ פּאָר ווערטער צו די דעפּוטאַטען, נאָך דעם ווי איהר האָט געשליידערט די באָמבע?“

„יאָ, דאָס איז ריכטיג, נאָר איך בין ניט אימשטאַנד געווען עס צו טהאָן, ווייל איך בין געווען פערוואונדעט.“

„איהר האָט ניט נאָר ניט פערזוכט צו ריידען, נאָר איהר האָט אויך פערזוכט צו אַנטלויפען.“

„דאָס איז פֿאַלש, דען איך בין געווען פֿערוואונדעט."

„איהר האָט געשריהען און פּראָטעסטירט, פֿאַר וואָס מען האָט פֿערשלאָסען די טהירען."

„איך געשריהען? איך האָב זאָגאַר ניט געקענט שרייען, דערפֿאַר וויל דער האַלז איז מיר פֿול געווען מיט בלוט."

אויף די פֿראַגע פֿון דעם פּרעזידענט, אויב ער האָט געהאַט די אַבזיכט צו טויטען איינינע דעפּוטאַטען, האָט וואַיאַן געענט־פֿערט ווי פֿאָלגט:

„ניין, איך האָב קיינעם ניט געוואָלט טויטען. מיין טהאַט איז ניט מעהר געווען ווי אַן אַקט פֿון פּראָפּאַגאַנדאַ. מיין אַבזיכט איז געווען, וואָס מעהר פֿון זיי צו פֿערוואונדען, אָנשטאָט איינינע צו טויטען. דערפֿאַר האָב איך מיין באָמבע אָנגעלאָדען מיט נענעל, ווען איך וואָלט ווירקליך געהאַט די אַבזיכט צו טויטען, וואָלט איך איהר זיכער אָנגעפֿילט מיט קוילען."

און נאָכדעם ווי דער פּרעזידענט האָט געמאַכט אַ פּאָר צווייפֿעלהאַפֿטע בעמערקונגען, ענטפֿערט וואַיאַן נאָך אַמאָל:

„אויב איך וואָלט געהאַט די אַבזיכט צו טויטען, וואָלט איך זיכער גענומען ניטראָגליסערין פֿאַר מיין באָמבע!"

„איהר ווייסט, אַז דער שטאָף, וועלכען איהר האָט גענומען האָט דיזעלבע קראַפֿט ווי דינאַמיט? די כעמיקער האָבען ער־קלעהרט, אַז ווען די באָמבע וואָלט ניט עקספּלאָדירט אין דער לופֿט, וואָלט די צאָהל פֿון די אָפּפֿער זיכער געווען אַ גרויסע."

„איהר רעדט שטענדיג פֿון אָפּפֿער; אָבער איהר ווייסט דאָך אַליין, אַז קיינער איז ניט געטויטעט געוואָרען. איך לייקען ניט אָב, אַז איך האָב זיי געוואָלט טרעפֿען, אָבער איך האָב ניט געהאַט די אַבזיכט אומיצען צו טויטען. רופֿט עס מענשליכקייט אָדער ניט, איהר ווייסט אַליין אַז איך האָב אָנגעפֿילט די באָמבע מיט נענעל און ניט מיט קוילען. צו וואָס דאַרפֿט איהר רעדען פֿון די מענשען, וועלכע וואָלטען אפשר געקענט ווערען געטויטעט; איהר זעהט דאָך אַליין, אַז קיינע טויטע זיינען ניט געווען."

„אָט מיט דעם פֿערטהיידיגט איהר זיך יעצט. איך פֿערשטעה, אז איהר פֿערזוכט אייך צו פֿערזיכערן!"

„איך זוך מיר גאָר ניט צו פֿערזיכערן!" זאָגט וואַיאַן שטאַרק אויפֿגערעגט. „אויב איהר גלויבט, אַז איך וויל ראַטעווען מיין קאָפּ, וועל איך אייך איבערהויפּט ניט ענטפֿערן אויף אייערע פֿראַגען. אָבער איך וויל ניט זאָגען קיין ליגען, אום צו האָבען דעם פֿערגניגען, מען זאָל מיר איבערשניידען דעם האַלז."

„פֿיעלע אַנדערע, וועלכע זיינען געשטאַנען אויף אייער פּלאַץ, האָבען זיך בענוצט מיט די זעלבע אַרגומענטען, מיט דיזעלבע פֿראַזען!"

„דערצעהלט מיר ניט פֿון אַנדערע. וואָס אַנדערע האָבען געטהאָן איז פֿאַר מיר גאַנץ גלייכגילטיג, און איך בין ניט פֿער־אַנטוואָרטליך פֿאַר זייערע האַנדלונגען. איהר קענט מיר זיכער ניט זאָגען, וואָס איך אַליין האָב געוואָלט. איך האָב אייך ער־קלעהרט מיין אַבזיכט, און דאָס איז גענוג."

„אַלזאָ ערקלעהרט אייער שטעלונג!"

„איך האָב אייך קיין זאַך ניט צו ערקלעהרען. איך..."

„צו וואָס פּלוידערט איהר? איהר האָט דאָך אַלעס צוגעגע־בען אין דער אונטערזוכונג."

„איך פֿרעג אייך, ווילט איהר מיך לאָזען אויסרעדען אָדער ניט?"

„רעדט, רעדט!"

„איך בין ניט אָבגעזעסען אַ מאָנאַט צייט אין דער אונ־טערזוכונג, אום צו פּלוידערן פֿאַר דער אודיענץ, און איך האָב ניט צוריקצוציהען קיין וואָרט פֿון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט."

מיט דעם ענדיגען זיך די פֿראַגען און ענטפֿערס צווישען דעם פּרעזידענט און דעם אָנגעקלאָגטען. נאָך אַ פּאָר מינוטען פּויזע ערקלעהרט דעם פּרעזידענט די זיצונג ווידער געעפֿענט און לעזט פֿאָר די נעמען פֿון די עדות. אין דיזען מאָמענט הויבט זיך וואַיאַן אויף פֿון זיין פּלאַץ און זאָגט:

„הערר פּרעזידענט, איהר זייט צוגעוואוינט צו פֿיהרען די פֿערהאַנדלונגען פֿון אַ געריכט, אָבער איך בין ניט צוגעוואוינט צו ערשיינען אַלס אָנגעקלאָגטער. איהר וועט מיר אַלזאָ ענט־שולדיגען, ווען איך שטעל אייך איניגע פֿראַגען: עס וואונדערט

מיך זעהר, פאַר וואָס איהר האָט מיר גאָר ניט געפרעגט, וואָס פאַר אומשטענדע און אורזאַכען עס האָבען מיר געמאַכט צו בע־געהן מיין טהאַט, און דערפאַר וועל איך עס אַליין ערקלעהרען, ניט אָבוואַרטענדיג אייער פראַגע. ווען איך בין צוריקגעקומען פון אַמעריקאַ, האָב איך געהאַט די אַבזיכט צו גרינדען ביבליאָטעקען א.ז.וו. אום פאָרצובערייטען דעם גייסט פון די אַרבייטער פאַר דער רעוואָלוציאָן. איך האָב געדיינקט, אז עס וועט מיר געלינגען צו מאַכען אַ מענשליכען לעבען. אָבער מיין מייסטער האָט זיך בענוצט מיט מיין שלעכטע לאַגע און האָט מיר מעהר ניט בע־צאָהלט ווי 20 פראַנק אַ וואָך. דאָס איז פונקט געווען גענוג, אום ניט צו שטאַרבען פון הונגער צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינ־דער. איך האָב דעם מייסטער ערקלעהרט דיזען פאַקט, אָבער ער האָט מיר געענטפערט: „וואָס האָב איך צו טהאָן מיט אייער פרוי? אייך האָב איך גענומען צו דער אַרבייט, דאָס איז אַלעס". נאָך דיזע ווערטער האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין, אַז איך האָב מעהר ניט צו פערלירען קיין צייט, אום צו מאַכען מיין אייגענע רעוואָלוציאָן. און דערפאַר האָב איך געטראָגען די באָמבע אין פאַרלאַמענט.—און יעצט פאָדער איך פון אייך, איהר זאָלט מיר ערלויבען אָבצוגעבען אַ לענגערע ערקלעהרונג, אום צו ענטוויק־לען פאַר די געשוואָרענע מיינע טהעאָרעטישע אַנזיכטען."

דער פרעזידענט גיט איהם די ערלויבענים צו רעדען, און וואַיאַן גיט אָב די פאָלגענדע ערקלעהרונג:

מיינע הערין!

נאָך אַ פאָר מינוטען, און איהר ייט פאַרטיג מיך צו פער־אורטהיילען, אָבער אויסהערענדיג אייער בעשלוס, האָב איך אָם וויניגסטענס די אינערליכע בעפרידיגונג, אַז איך האָב געטראָ־פען די היינטיגע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג מיט מיין טהאַט, די אָרדנונג פון דיזער פערדאַמטער געזעלשאַפט, וואו מען זעהט יעדען טאָג, ווי איניגע מענשען פערשווענדען אָהן אַ נוצען די געזעלשאַפטליכע רייכטהימער, וועלכע וואָלטען געקענט בעפרי־דיגען די נאַטירליכע בעדירפניסע פון טויזענדער און טויזענדער פאַמיליען! דיזע נידריגע געזעלשאַפט, וועלכע לאָזט צו, דאָס אַ

הייפּעל מענשען מאָנאָפּאָליזירט אַלע סאָציאַלע רייכטהימער, אין דערזעלבער צייט, ווען הונדערט טויזענדער אונגליקליכע האָבען אפילו ניט די מעגליכקייט זיך אָנצועסען מיט טרוקענע ברויט. יעדער הונד האָט זאָגאַר די מעגליכקייט צו בעפרידיגען זיינע נויטוועגדיגע בעדירפניסע, נאָר דער מענש מאַכט אַן אויסנאַהמע אין אונזער וואונדערבאַרער געזעלשאַפט, און גאַנצע פאַמיליען זיינען געצוואונגען צו בעגעהן זעלבסט-מאָרד, דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט די מעגליכקייט צו בעפרידיגען די נויטווענדיגסטע פאָדערונגען פון זייער עקזיסטענץ.

אַך, מיינע הערען, ווען אונזערע רעגירער וואָלטען זיך גענומען די מיה צו בעקענען זיך מיט דעם לעבען פון די אונגליקליכע! אָבער זיי ווילען ניט הערען און ניט זעהען, זיי זיינען בלינד פאַר זייערע ליידען און טויב פאַר זייער שמערץ-געשריי. ווי עס ווייזט אויס, וועט דאָס אונפערמיידליכע שיקזאַל זיי אַראָבשליידערן אין דעם זעלבען אָבגרונד, וועלכען זיי האָבען אַליין געשאַפען, אָקוראַט ווי עס איז געווען דער פאַל מיט דעם קעניגטהום אין 18טען יאָהרהונדערט. וועה צו די יעניגע, וועלכע זיינען טויב פאַר דעם געשריי פון די, וואָס שטאַרבען פון הונגער! וועה צו די, וועלכע בעטראַכטען זיך פאַר אַ בעסערע קלאַסע אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, און וועלכע אָנערקענען דאָס רעכט צו בערויבען און עקספּלאָאַטירען די ברייטע מאַסען פון'ם פאָלק צוליעב זייערע פערזענליכע אינטערעסען! דען עס וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס פאָלק וועט פערלירען די געדולד, ווען עס וועט זיך אויפהויבען ווי אַ שטורם, אַ געוויטער — אָט דאַן וועט איהר ווידער זעהען די בלוטיגע קעפ אויף די שפּיזען פון די סאַנקילאָטען!

עס גיט צוויי זאָרטען פון אונטערדריקטע, מיינע הערען: איין זאָרט וויים ניט, ווער זיי זיינען און וואָס זיי זיינען, זיי דיינקען קיינמאָל ניט נאָך איבער די אורזאַכען פון זייער עלענד, זיי נעהמען דאָס לעבען, אַזוי ווי עס קומט זיי אויס, זיי גלויבען, אַז זיי זיינען דירעקט געבאָרען געוואָרען אַלס שקלאַפען, און זיי זיינען צופרידען, ווען זיי געפינען אַ קויפער פאַר זייער אַרבייט.

אָבער עס גיט אויך אַזעלכע צווישען זיי, וועלכע דיינקען נאָך איבער זייער לאַגע, זיי שטודירען די אומשטענדע, אין וועלכע זיי לעבען און זיי בעמערקען ענדליך די סאָציאַלע אונגערעכטיגקייטען פון דעם היינטיגען סיסטעם. איז עס זייער פעהלער, ווען זיי זעהען מעהר ווי די אַנדערע, ווען זיי ליידען, קוקענדיג אויף די ליידען פון די אַנדערע? זיי זיינען דאָס די יעניגע, וועלכע וואַרפען זיך אַריין אין קאַמפף, זיי זיינען די פערטרעטער פון דעם עפענטליכען געוויסען, די אַנזאָגער פון די ווינשע און בעדירפניסע פון די ברייטע מאַסען.

מיינע העררן, איך בין איינער פון די לעצטע. איבעראַל, וואו איך בין געווען, האָב איך געזעהן אונגליקליכע מענשען, וועלכע זיפצען און קרעכצען אונטער דעם יאָך פון קאַפּיטאַל. איבעראַל האָב איך געזעהן דאָסזעלבע שוישפּיעל פון מענשליכען בלוט און מענשליכע טרעהרען, זאָגאַר אין די האַלב-ציוויליזירטע לענדער פון זיד-אַמעריקא, וואו איך האָב געגלויבט, אַז די וואָס זיינען מיד פון אונזער ציוויליזאַציאָן, וועלען דאָרט אפשר געפינען אַ שטיקעל ערד, וואו זיי קענען זיך אָברוהען און שטודירען די גרויסע נאַטור. איבעראַל האָב איך געזעהן דעם קאַפּיטאַליזמוס, אַ ריזיגער וואַמפּיר, וועלכער זויגט אַרויס דעם לעצטען טראָפּען בלוט פון דעם אָרעמסטען פּראָלעטאַריער.

איך בין געקומען צוריק נאָך פראַנקרייך, וואו איך האָב געפונען מיין פאַמיליע אין אַ שרעקליכען עלענד. דאָס איז געווען צו פיעל פאַר מיר, און איך האָב בעשלאָסען צו מאַכען אַן ענדע. איך האָב ניט געוואָלט לענגער דורכמאַכען אַ לעבען פון ליידען און פייגהייט, און דערפאַר האָב איך געשליידערט די באָמבע אין פּאַרלאַמענט, ווייל די דעפּוטאַטען זיינען אַם ערשטען פעראַנטוואָרטליך פאַר די סאָציאַלע ליידען און שמערצען.

מען האָט מיר פאָרגעוואָרפען, דאָס איינגע מענשען זיינען פערוואונדעט געוואָרען דורך מיין טהאַט. אָבער ערלויבט מיר צו בעמערקען, אַז ווען די בורזשואַס וואָלטען זיך ניט בענוצט מיט דעם מאָרד אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן, וואָלטען זיי נאָך היינט צו טאָג געלעגען אונטער דעם יאָך פון דער אַריסטאָקראַ-

טיע, און דאַן רעכענט אויס די טויטע און פערוואונדעטע פון טאָנקין, מאַדאַגאַסקאַר און דאַהאָמעי, און די טויזענדער, וואָס זאָג איך? די מיליאָנען פון אונגליקליכע, וועלכע שטאַרבען אין די מינען און פאַבריקען, איבעראַל, וואו דאָס קאַפּיטאַל פערשקלאַפּט די מענשען.

און פערגעסט ניט די יעניגע, וועלכע שטאַרבען פון הונגער מיט דער צושטימונג פון אונזערע דעפּוטאַטען. נעהמט דאָס אַלעס אין אַנבעטראַכט, און זאָגט אַליין, וואָס פאַר אַ ווערטה האָט מיין טהאַט געהאַט אין פערגלייך מיט דיזע אַלע פערברעכען?

עס איז וואַהר, דאָס איין טהאַט קען ניט ענטשולדיגען די צווייטע, אָבער פערגעסט ניט, אַז מיר געפינען זיך אין דעם צו־שטאַנד פון פערטהיידיגונג, ענטפערענדיג אויף די טיראַנישע אונטערדריקונגען פון אויבען. אָה, איך וויים, וואָס איהר וועט מיר ענטפערן. איהר וועט מיר זאָגען, אַז איך האָב געהאַט אַ רעכט צו ריידען, אָבער ניט צו האַנדלען. מיינע הערךן! מיר האָבען שוין צו אָפּט גערעדט, אָבער אונזערע רעגירער זיינען גע־וועזן טויב, און אונזערע ווערטער מוזען בעקומען אַ שטאַרקערען קלאַנג, מען זאָל זיי בעסער פערשטעהן.

מיר האָבען גערעדט, אָבער מען האָט אונז געענטפערט מיט קערקערס, עשאַפאָטען און ביקסען. עס וואָלט גוט געווען, איהר זאָלט זיך ניט מאַכען קיין פאַלשע פאָרשטעלונגען וועגען מיין טהאַט. דיזע טהאַט איז ניט נאָר דער אויסדרוק פון מיינע פערזענליכע ליידען, ניין, זי איז אין דערזעלבער צייט דער אויסדרוק פון די ליידען, פון אַ גאַנצער קלאַסע, וועלכע פאָדערט איהרע רעכטע, און וועלכע וועט אין גיכען אונטערשטיצען איהרע ווערטער דורך טהאַטען. דיינקט ניט, אַז מיט געזעצע וועט איהר קענען אָבשטעלען די אידעען פון אונזערע דיינקער! אין פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט האָט מען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו אונטערדריקען די אידעען פון די דידראָס, די וואָלטערס, וועלכע האָבען פערשפּרייט זייערע בעפרייענדע געדאַנקען צווישען די מאַסען, אָבער עס איז געווען אומזיסט, און אויך איהר וועט ניט זיין אימשטאַנד אויסצוראָטען די אידעען פון די רעקלוס, די דאַרווין׳ס, די ספּענסערס, די איב־

סענס, די מירבאָם א.ז.וו. דיזע אידעען פֿון פֿרייהייט און גערעכ־טיגקייט צושטעהרען די אַלטע פֿאָראורטהיילע און די אונוויסענ־הייט פֿון די מאַסען, זיי ענטוויקלען די געדאַנקען און פּראָדוצירען ביסלעכווייז טהאַטען פֿון די אונגליקליכע — אַזוי ווי עס איז גע־וען דער פֿאַל מיט מיר—ביז וואַנען דער אויטאָריטערער פּרינציפּ וועט אונטערגעהן אין גאַנצען אין אַלע זיינע פֿערשידענע פֿאָרמען, און די מענשען וועלען זיך פֿריי אָרגאַניזירען לויט זייערע נייגונ־גען און בעדירפֿניסע. יעדער איינער וועט געניסען די פֿריכטע פֿון זיין אַרבייט, אַלע מאָראַלישע קראַנקהייטען אָדער פֿאָראור־טהיילע וועלען פֿערשווינדען, און עס וועט זיך ענטוויקלען אַ צו־שטאַנד פֿון האַרמאָניע און ברידערליכקייט צווישען אַלע מענשען־קינדער, וועלכע וועלען דאַן זיין פֿעראייניגט איינע מיט די אַנ־דערע דורך די זעלבע שטרעבונגען, דורך די זעלבע רעזולטאַטען פֿון דער וויסענשאַפֿט און די גייסטיגע ליעבע.

מיינע העררן, אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע גרינדעט זיך אויף אַזעלכע סאָציאַלע אונגערעכטיגקייטען ווי די אונזעריגע, אַ גע־זעלשאַפֿט, וועלכע צווינגט יעדען טאָג איהרע מיטגלידער צו בעגעהן זעלבסטמאָרד, אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע איז די שטענדיגע קוועלע פֿון עלענד און פּראָסטיטוציאָן, אַ געזעלשאַפֿט פֿון גע־פֿענגניסע און קאַזאַרמען, אַזאַ געזעלשאַפֿט דאַרף איבערגעביטען ווערען, צושטעהרט ווערען, וואָס פֿריהער אַלס בעסער, אום זי זאָל ניט פֿעראורזאַכען דעם אונטערגאַנג פֿון דער גאַנצער מענש־ליכער ראַסע. יעדער איינער, וועלכער אַרבייט פֿאַר איהר צו־שטעהרונג, איז אונז ווילקאָמען, מיט וואָס פֿאַר מיטלען ער זאָל זיך ניט בענוצען. דאָס איז געווען די איבערצייגונג, וועלכע האָט מיך געפֿיהרט צום קאַמפּף געגען די אויטאָריטעט; לײדער האָב איך נאָר פֿערוואונדעט מיין געגנער, און דערפֿאַר האָט ער יעצט די מעגליכקייט מיך צו ערמאָרדען!

צום שלוס, מיינע העררן, האָב איך נאָך צו ערקלעהרען, דאָס אייער אורטהייל איז פֿאַר מיר העכסט גלייכגילטיג, און עס מאַכט אויף מיר אַ קאָמישען איינדרוק, ווען איך זעה אייך דאָ זיצען, אַלס ווינציגע אַטאָמען פֿון דער גרויסער מאַטעריע,

דיינקענדיג, אַז איהר האָט אַ רעכט צו ריכטען אייערע מיט־מענשען.

אַך, מיינע העררן, וואָס פֿאַר אַ קליינע ווערטה האָט אייער אורטהייל אין דער מענשליכער געשיכטע! און די מענשליכע געשיכטע אַליין, ווי קליין און אונבעדייטענד איז זי, אין פֿערגלייך מיט דעם אייביגען שפּיעל פֿון די קאָסמישע קרעפֿטע, וועלכע געפֿינען זיך אין אַן אייביגער בעוועגונג און בייטען איבער אַלע פֿאָרמען פֿון לעבען!

* * *

נאָך דיזער ערקלעהרונג האָט דער פּרעזידענט אויפֿגערופֿען די וויניגע עדות, וועלכע האָבען אָבגעגעבען אייניגע אונוויכטיגע בעמערקונגען. מיט דעם האָט זיך געענדיגט די אייגענטליכע פֿערהאַנדלונג, און דער פּראָקוראָר האָט געהאַלטען זיין אָנקלאַגע־רעדע. ער האָט געפֿאָדערט פֿון די געשוואוירענע דעם טויט פֿון וואַיאַן און זיי געבעטען, זיי זאָלען אָבגעבען זייער אורטהייל אָהן מורא און אָהן מיטלייד.

איידער די געשוואָרענע האָבען זיך צוריקגעצויגען האָט לאַבאָרי, וואַיאַן׳ס אַדוואָקאַט, נאָך געזאָגט אייניגע אויסגעצייכענטע ווערטער צו זיי:

„מיינע העררן: דער פּראָקוראָר האָט אייך אויפֿגעפֿאָדערט אָבצוגעבען אייער אורטהייל אָהן מורא, אָהן שוואַכקייט. איך פֿאַר מיין פּערזאָן, אַפּעליר אַן אייער געפֿיהל פֿון גערעכטיגקייט. וואַיאַן׳ס פֿערברעכען איז אַן אויסערגעוועהנליכער אַקט, אַבוואָהל דער פּראָקוראָר האָט פֿון איהם געמאַכט אַ געוועהנליכען מערדער. אַלעס בעווייזט אונז, אַז דיזעס פֿערברעכען איז אַן אויסערגעוועהנליכעס: דער גאַנצער פּראָצעס, די אַלע מאַסרעגלען, וועלכע מען האָט גענומען, די אַנוועזענהייט פֿון דעם מיניסטער דער אינערען. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז מען האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום צו פּראָפֿיטירען פֿון דעם אַלגעמיינען שרעק, וועלכער נעהמט דורך געגענווערטיג די הערצער פֿון דעם פּובליקום.

„דאָס פֿערברעכען פֿון וואַיאַן איז ניט קיין פּאָליטישעס,

זאָנדערן אַ סאָציאַלעם פערברעכען. וואַיאַן האָט געזאָגט צו די דעפוטאַטען: „אויב איהר וועט זיך ניט בעשעפטיגען מיט די אונגליקליכע, וועלען זיך די אונגליקליכע בעשעפטיגען מיט אייך!" זיין פערברעכען איז געוועזן דער פראָטעסט פון די אייביגע שמערצען, אונטער וועלכע די פראָלעטאַריער ליידען און שטאַרבען.

„די גאַנצע לעבענס־געשיכטע פון דיזען מאַן, די אַלע ליידען און שמערצען, זיינע שטראָפען, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט, דאָס אַלעס, מיינע העררן, גיט אייך אַ גוטע ערקלעהרונג פאַר זיין טהאַט. דיינקט אָן דאָס עלענד, אין וועלכען ער האָט געלעבט און פרעגט זיך אַליין, צו איהר זייט ריין פון אַלע פעהלער.

„קאַפּיטאַליסטען און פאַבריקאַנטען! האָט איהר שטענדיג גוט בעהאַנדעלט אייערע אַרבייטער? אַדוואָקאַטען! האָט איהר אימער פערטהיידיגט די אָרעמע און עלענדע ווי עס דאַרף צו זיין? ריכטער! זיינען אייערע אורטהיילע שטענדיג געווען גערעכט? מענשען אין אַלגעמיין! זיינען מיר קיינמאָל ניט געוועזן צו האַרט נעגען די אויסגעשטויסענע פון דער געזעלשאַפט? אויב עס גיט אונגליקליכע אין דער געזעלשאַפט, איז עס דער פעהלער פון אונז אַלעמען, און וואַיאַן איז ניט דער איינציגער שולדיגער!"

אָבער די געשוואָרענע האָבען ניט געהערט אויף דיזע ווערטער, זייער אורטהייל איז שוין געוועזן פיקס און פאַרטיג בעפאָר דער פראָצעס האָט זיך אָנגעפאַנגען. זיי האָבען ניט געזעהן פאַר זיך דעם מענש וואַיאַן, זאָנדערן נאָר דעם אַנאַרכיסט, וועלכער האָט אַטאַקירט זייערע פריווילעגיעס.

אַלעס איז געוועזן שטיל, ווען דער פרעזידענט האָט אויסגעשפראָכען דעם טויטעס־אורטהייל. וואַיאַן איז געוועזן רוהיג און קאַלט. „איהר ברייננט מיר דעם טויט? איך דאַנק אייך!" האָט ער געזאָגט, און קוקענדיג אויף איינינע בעקאַנטע, האָט ער אַ שמייכעל געטהאָן און געמאַכט אַ בעוועגונג מיט דער האַנד איבער'ן האַלז. ווען מען האָט איהם אַרויסגעפיהרט, האָט ער אויסגערופען מיט אַ שטאַרקע שטימע: „עס לעבע די אַנאַרכיע!"

אַזוי האָט זיך געענדיגט דיזער מערקווירדיגער פראָצעס.



## וואיאן׳ס טויט.

די פֿעראורטהיילונג פֿון וואַיאַן האָט אַרויסגערופֿען אַ געוואַלטיגע אויפֿרעגונג אין גאַנץ פֿראַנקרייך, וועלכע האָט געפֿונען אַ לעבענדיגען אָבקלאַנג אין דער פרעסע. די גאַנצע שרעקליכע פֿערגאַנגענהייט פֿון דעם פֿעראורטהיילטען, די אַלע ליידען און שמערצען, וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט, און דער פֿאַקט, אַז דורך זיין טהאַט איז קיין מענש ניט געטויטעט געוואָרען, דאָס אַלעס האָט געמאַכט אַ טיעפֿען איינדרוק אויף די עפֿענטליכע מיינונג פֿון פּאַריז. די מייסטע האָבען ערוואַרטעט, אַז קאַרנאָ, דער פרעזידענט פֿון דער רעפּובליק, וועט ניט לאָזען אויספֿיהרען דעם טויטעס-אורטהייל אין איהם בעגנאַדיגען.

די רעאַקציאָנערע פרעסע האָט געשטורמט געגען דער בעגנאַדיגונג. זי האָט געפֿאָדערט דעם קאָפּ פֿון דעם אַנאַרכיסט און האָט אַפּעלירט צו דעם פרעזידענט, ער זאָל ניט פֿערהינדערן דעם „טריאומפף פֿון גערעכטיגקייט".

אָבער די אָפּאָזיציאָנעלע פרעסע האָט געפֿאָדערט פֿון דעם פרעזידענט די בעגנאַדיגונג פֿון וואַיאַן. איבעראַל האָבען זיך אָרגאַניזירט קאָמיטעס, אום צו זאַמלען אונטערשריפֿטען פֿאַר פּעטיציאָנען צו גונסטען וואַיאַן. אין אַ פּאָר וואָכען צייט האָבען אונבעקאַנטע מענשען, וועלכע האָבען ניט געהאַט די קלענסטע בעציהונג צו דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג, געזאַמעלט 7,500 פֿראַנק פֿאַר די פֿאַמיליע פֿון דעם פֿעראורטהיילטען אַנאַרכיסט. זאָגאַר פֿערשידענע דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט האָבען געפֿאָדערט פֿון קאַרנאָ, ער זאָל אויסמעקען דעם טויטעס-אורטהייל.

אין דעם „קאַטיע לאַטען" (דעם קוואַרטאַל פֿון די שטודענטען און קינסטלער אין פּאַריז) האָבען זיך אָרגאַניזירט גרעסערע

פֿעראייניגונגען פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, וועלכע האָבען געפֿאָדערט פֿון דעם פּרעזידענט די בעגנאַדיגונג. די פֿער־אייניגונג פֿון די סאָציאַליסטישע זשורנאַליסטען און שריפֿטשטע־לער האָט געשיקט אַ לענגערע פּעטיציאָן צו קאַרנאָ, אין וועלכער זי האָט אַפּעלירט צו די געפֿיהלען פֿון מענשליכקייט און הו־מאַניטעט. „פֿערגעסט ניט, אַז דיזער מאַן איז געווען אַן אונ־גליקליכער, און די געזעלשאַפֿט, אין וועלכער ער האָט געלעבט און געליטען איז מעהר פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זיין טהאַט ווי ער אַליין!" דיזע ווערטער האָבען איבעראַל געפֿונען אַן אָבקלאַנג צווי־שען די מאַסען פֿון די פּאַריזער אַרבייטער און זאָגאַר ביי די ראַדיקאַלע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען.

דער פּרעזידענט האָט ערהאַלטען טויזענדער בריעף אין איינינע וואָכען פֿון קינסטלער, פּאָליטיקער, געלעהרטע, דעפּו־טאַטען, אַדוואָקאַטען א.ז.וו. וועלכע האָבען אַלע ענטהאַלטען די־זעלבע פֿאָדערונג, דעמזעלבען וואונש—די בעגנאַדיגונג פֿון וואַיאַן.

אַם 12טען יאַנואַר האָבען די סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטען געמאַכט אַן אַפּיל צו דעם פּרעזידענט צו גונסטען וואַיאַן.

עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען די אַלע פּעטיציאָנען, וועלכע זיינען אין יענער צייט געמאַכט געוואָרען, אום אָבצוהאַל־טען די אויספֿיהרונג פֿון דעם טויטעס־אורטהייל; דען זיי וואָל־טען פֿערנומען אַ גאַנצעס בוך.

אַם 18טען יאַנואַר האָט סידאָניע וואַיאַן, די קליינע טאָכ־טער פֿון דעם פֿעראורטהיילטען אַנאַרכיסט, געשריבען אַ בריעף צו דער פֿרוי פֿון דעם פּרעזידענט, וועלכער איז אָבגעדרוקט גע־וואָרען אין דער גאַנצער פֿראַנצויזישער פּרעסע. עס איז געווען די ריהרענדע ביטע פֿון אַן אונגליקליכען קינד, וועלכעס בעט פֿאַר דאָס לעבען פֿון זיין פֿאָטער. דער בריעף לויטעט ווי פֿאָלגט:

שאָאַסי לע ראָאַ, דעם 18טען יאַנואַר, 1894.

מאַדאַם קאַרנאָ, פּרעזידענטין פֿון דער רעפּובליק.

איך בעט אייך פֿון מיין טיעפֿסטען האַרצען פֿאַר דאָס לע־בען פֿון מיין אָרעמען פֿאָטער, וועלכען מען בעשולדיגט צו זיין אַ מערדער, אָבוואָהל ער האָט קיינעם ניט געטויטעט. מאַדאַם,

איך בעט אייך, איך אַפּעליר צו אייער גרויסע גוטסקייט, איך פאַל אויף די קניע פאַר אייך, העלפט מיר צו רעטען דאָס לעבען פון מיין אונגליקליכען פאָטער, וועלכער איז אימער געווען אַזוי גוט צו מיר. איהר זייט אַליין אַ מוטער, און איהר קענט פערשטעהן, וויפיעל איך מוז ליידען, זעהענדיג מיין אָרעמען פאָטער הינטער די גראַטעס פון קערקער, ניט האָבענדיג די מעגליכקייט איהם צו קושען. מען האָט מיר געזאָגט, מאַדאַם, אַז איהר האָט אַ גרויסען איינפלוס, און דערפאַר בעט איך אייך טויזענדמאָל, טהוט אייער בעסט, אום מען זאָל בעגנאַדיגען מיין אָרעמען, אונגליקליכען פאָטער.

מאַדאַם, איך אַפּעליר צו אייער גוטסקייט, איהר מעגט שטענדיג רעכענען אויף די דאַנקבארקייט פון אַן אָרעם קינד, וועלכעס האָט נאָר איין וואונש, צו רעטען דאָס לעבען פון זיין פאָטער.

מאַדאַם, איך אַליין בין אונשולדיג אין דעם וואָס האָט פאַסירט; אָבער מיין אָרעמער פאָטער איז אַ מאַרטירער און איך האָב שוין צופיעל געליטען, זעהענדיג איהם אין קערקער, און ניט מעהר האָבענדיג די מעגליכקייט איהם אַרומצונעהמען.

נעהמט אין פאָראויס מיין הערצליכסטען דאַנק און מיין טיעפסטע סימפאַטיע.

סידאָניע וואַיאַן,

17 רו דע לאַ ראַפינעריע.

אָבער די טרעהרען פון דאָס אונשולדיג קינד האָבען ניט געמאַכט קיין איינדרוק אויף דאָס פערשטיינערטע הארץ פון דעם מאַן, וועלכער האָט זיך גערופען פרעזידענט פון דער פראַנצויזישער רעפובליק. קאַרנאָ האָט זיך ניט צוגעהערט צו די ריהרענדע ווערטער פון דער אָרעמער סידאָניע, ער האָט זיך ניט צוגעהערט צו די פאָדערונגען פון טויזענדער און טויזענדער, וועלכע האָבען אַפּעלירט צו איהם אַלס מענש. ער איז געווען דער פערטרעטער פון דער הערשענדער קלאַסע, אַ מאַן, וועלכער איז אַליין קאָמפּראָמיטירט געוואָרען דורך די פּאַנאַמאַ־אַפערע, און דערפאַר האָט ער אונטערדריקט אין זיך אַלע בעסערע געפיהלען און האָט ניט געריהרט קיין פינגער, אום צו ראַטעווען

דעם קאָפּ פון דעם פערזאָנליכקייט אַנאַרכיסט, אָבוואָהל עס וואָלט איהם מעהר ניט געקאָסט ווי די אונטערשריפט פון זיין נאָמען. קאַרנאָ האָט זיך דאַן נאַטירליך ניט פאָרגעשטעלט, אַז דער טויטעס-אורטהייל פון וואַיאַן, וועט זיין זיין אייגענער טויטעס-אורטהייל.

און דאָך האָט מען שוין דאַן געהערט שטימען, וועלכע האָבען קלאָהר און דייטליך אויסגעשפּראָכען דיזען געדאַנק. אַזוי האָט צ. ב. ש. „לע פאַרטיע סאָסיאַליסט“, דער הויפּט-אָרגאַן פון דער אַלמאַניסטישער פּאַרטיי, געשריבען ווי פאָלגט:

„יעצט האָט אונזער נידערטרעכטיגע געזעלשאַפט געלייגט דאָס לעבען פון אַ מענשען אין די הענד פון אַ צווייטען מענשען. זי גיט מר. קאַרנאָ די מעגליכקייט צו זיין אַ מערדער אָדער אַ מענש. וועלכע ראָלע וועט ער זיך אויסקלייבען? מיר ווייסען עס ניט, אָבער טאָמער וועט ער קאַלטבלוטיג צולאָזען דעם מאָרד, וועט זיך ניט געפינען קיין איינציגער מענש אין גאַנץ פראַנקרייך, וועלכער וועט זיך פערוואונדערן, ווען ער אַליין וועט פריהער אָדער שפּעטער פאַלען דורך אַ באָמבע!“

אָבער קאַרנאָ האָט ניט געהערט דיזע ווערטער, ער איז געווען אַ בלינדער ווערקצייג פון דער רעאַקציאָן, און דורך זיין גרוייזאַמע האַנדלונג האָט ער אַליין אַרויסגערופען דעם האַס און די פעראַכטונג, דורך וועלכע ער איז שפּעטער געפאַלען. עס איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז די מיניסטאָרען האָבען אָבגעהאַלטען אַ ספּעציעלע זיצונג וועגען דיזער אַנגעלעגענהייט און בעשלאָסען אָנצואווענדען זייער גאַנצען איינפלוס, אום קאַרנאָ אָבצוהאַלטען פון אַ בעגנאַדיגונג.

נאָך דעם ריהרענדען בריעף פון וואַיאַן׳ס טעכטערל האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן עקעלהאַפטע קאָמעדיע אין דער רעאַקציאָנערער פּרעסע. דיזעלבע באַנדיטען, וועלכע האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, כדי צו בעקומען וואַיאַן׳ס קאָפּ, האָבען יעצט פּלוצלונג אַרויסגעשטעלט פאַר דער עפענטליכקייט זייערע געפיהלען פון „מיטלייד פאַר די אונגליקליכע טאָכטער פון דעם אַנאַרכיסטישען פערברעכער.“ די ערציאָגין פון אוזע האָט עפענטליך

ערקלעהרט אין אַן אַרטיקעל, אַז זי איז בערייט צוצונעהמען די קליינע סידאַניע און איהר אויפצובריינגען ווי איהר אייגענע טאָכטער. דער אַבע רוסעל האָט איהר געוואָלט געבען אַ פּלאַץ אין זיין אינסטיטוט. אָבער וואַיאַן האָט ניט געוואָלט, אַז זיין טאָכטער זאָל אויסוואַקסען אונטער דעם איינפלוס פון דיזע היפּאָקריי־טען, און דערפאַר האָט ער בעסער אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון אונזער קאַמעראַד סעבאַסטיאַן פאָר. אין אַ לאַנגען בריעף אָן פאָר האָט ער איהם געבעטען צו טהאָן זיין בעסט פאַר די קליינע סידאָניע און איהר אויפצובריינגען מיט דיזעלבע אידעען, וועלכע ער אַליין וועט פערטרעטען ביז צום לעצטען מאָמענט פון זיין לעבען.

קורץ פאַר זיין טויט האָט ער געשריבען דעם פאָלגענדען בריף אָן זיין טאָכטער:

אין געפענגניס פון לאַ ראָקעט דעם 4־טען פעברואַר 1894

מיין טהייערע, געליעבטע טאָכטער!

ווען דו וועסט ערהאַלטען דיזען בריעף, וועל איך שוין מעהר ניט עקזיסטירען, און דו וועסט זיין אַ יתום. אמת, פון אַ סאָציאַ־לען שטאַנדפּונקט אויס בעטראַכטעט וועסט דו בעקומען אַן אַנדער פאָטער, סעבאסטיאַן פאָר, וועלכער וועט טהאָן זיין בעסט פאַר דיר. הער זיך גוט צו צו זיינע ווערטער, מיין טהייערסטע, פּראָ־פיטיר פון די לעהרען, וועלכע ער וועט דיר געבען, דען עס וועט זיין פאַר דיר אַ גרויסער נוצען אין דער שפּעטערער פּעריאָדע פון דיין לעבען. האָב איהם גוט ליעב, דען ער וועט דיך ליעבען מיט זיין גאַנצער צערטליכקייט.

און ווען דו וועסט ווערען עלטער און גרעסער, דאַן פערגעס ניט מיינע ווערטער, פערגעס ניט דאָס לעבען, וועלכעס מיר האָ־בען ביידע דורכגעמאַכט. דערמאָהן זיך פון צייט צו צייט אין דיין פאָטער, וועלכער איז שטענדיג געווען אָפענהערציג און גערעכט, וועלכער האָט אימער פערזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען צו העלפען זיינע מיטמענשען, און וועמעס האַרץ איז שטענדיג פול געווען מיט סימפּאַטיע און ליעבע פאַר די, פאַר וועלכע ער שטאַרבט יעצט, פאַר די, וועלכע ער האָט אימער געליעבט, און וועלכע וועלען איהם ניט אַזוי גיך פערגעסען.

נאָך אַ לעצטען ראַטה וועל איך דיר געבען, מען טהייערע! פערגעס קיינמאָל ניט, אַז דאָס העכסטע ציעל אין לעבען איז צו לעבען גוט און האַרמאָניש מיט זיינע מיטמענשען. האָב שטענדיג איין ציעל אין דיין לעבען: דאָס גליק פון דער גאַנצער מענש־הייט. אַרבייט מיט אַלע דיינע קרעפטע פאַר דיזעם ציעל, מיין קינד, דורך דיינע ווערטער און האַנדלונגען, אָט דאַן וועט דאָס לעבען האָבען אַ ווערטה פאַר דיר און דו וועסט שפּעטער שטאַרבען מיט דערזעלבער בעפרידיגונג ווי דיין פאָטער, וועלכער שטאַרבט פאַר אַלע די, וואָס ליידען אין דעם סאָציאַלען גיהנום פון אונזער געזעלשאַפט.

איך קוש דיר טויזענד מאָל, מיין טהייערסטע, און מיין לעצטער געדאַנק וועט זיין מיט דיר.

אָגיסט וואַיאַן.

דאָס זיינען געווען די לעצטע ווערטער פון אונזער אונפער־געסליכען קאַמעראַד צו זיין טאָכטער, וועלכע ער האָט געליעבט מיט דער גאַנצער צערטליכקייט פון זיין גוטען און עדעלען כאַ־ראַקטער. סעבאַסטיאַן פאָר האָט ערפילט דעם לעצטען וואונש פון אָגיסט וואַיאַן ווי אַ גוטער, טרייער קאַמעראַד, און סידאָניע געפינט זיך נאָך היינט ביי איהם ווי זיין אייגען קינד.

אַם 5-טען פעברואַר אין דער פריה איז וואַיאַן גיליאָטינירט געוואָרען. ער איז רוהיג געשלאָפען די גאַנצע נאַכט, און ווען מען האָט איהם אויפגעוועקט אין דער פריה און איהם ערקלעהרט, אַז זיין לעצטע שטונדע איז געקומען, איז ער געבליבען רוהיג און קאַלט און האָט אויסגעשריען מיט בעגייסטערונג: „עס לעבע די אַנאַרכיע! מען וועט נעהמען ראַכע פאַר מיר!"...

אַ פריעסטער איז געקומען איהם צו טרייסטען אויף זיין לעצ־טען וועג, אָבער ער האָט איהם באַלד ערקלעהרט, אַז ער דאַרף ניט זיין טרייסט, און ער זאָל בעסער טרייסטען די יעניגע, וועלכע זיינען די אייגענטליכע פערברעכער.

רוהיג און קאַלט איז ער געגאַנגען צו דער גיליאָטינע. ווען דער היינקער האָט איהם געלייגט די האַנד אויף די שולטער, האָט ער אויסגעשריען מיט אַ מעכטיגער שטימע די ווערטער

„טויט צו דער בורזשואַזנער געזעלשאַפֿט! עס לעבע די אַנאַרכיע!"
מיט אַ פּאָר סעקונדען שפּעטער איז זיין קאָפּ געפֿאַלען אונטער דעם מעסער פֿון דער גיליאָטינע...

* * *

די נאַכריכט פֿון וואַיאַן'ס טויט האָט געמאַכט אַ טיעפֿען איינדרוק אויף גאַנץ פּאַריז. אַלע האָבען געפֿיהלט, אַז די הינ־ריכטונג פֿון דיזען מאַן איז געווען אַ געזעצליכער מאָרד אין פֿולען זין פֿון וואָרט. די בעזיצענדע קלאַסע האָט אינסטינקטיוו געפֿיהלט, אַז זיין טויט וועט איהר ניט ברייגגען קיין גליק. און די אַרביי־טער האָבען אויסגעדריקט זייער סימפּאַטהיע פֿאַר זייער טויטען קאַמעראַד דורך גרויסע דעמאָנסטראַציאָנען צו זיין קבר אויף דעם בית עולם אין איווורי. טויזענדער און טויזענדער מענשען האָבען יעדען טאָג בעזוכט דעם קבר פֿון דעם געפֿאַלענעם קעמפּפֿער און איהם בעדעקט מיט קראַנצען און בלומען. די דעמאָנסטראַ־ציאָנען זיינען צולעצט געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז די רעגירונג האָט בעשלאָסען זיי צו פֿערהינדערן מיט אַלע מיטלען; און אין אַ שטילער נאַכט האָט זי געלאָזט צושטעהרען דעם קבר פֿון דעם ערמאָרדעטען, אום מען זאָל מעהר ניט וויסען דעם אָרט, וואו ער איז בעגראָבען געוואָרען...

נאָך דעם איינדרוק, וועלכען וואַיאַן'ס טהאַט האָט געמאַכט אויף די אַרבייטער פֿון פּאַריז, האָבען זיי קיינמאָל ניט געקענט פֿערניכטען. עס האָט זעלטען געטראָפֿען, דאָס אַ טעראָריסטישע טהאַט זאָל אַרויסרופֿען אַזוי פֿיעל סימפּאַטהיע צווישען די ברייטע מאַסען פֿון פֿאָלק, ווי עס איז געווען דער פֿאַל מיט וואַיאַן'ס אַטענטאַט אויף די פֿראַנצויזישע דעפּוטאַטען. זיין טהאַט איז געווען דער עפּילאָג פֿון דער פּאַנאַמאַ-אַפֿערע, און זיין נאָמען וועט קיינמאָל ניט פֿערגעסען ווערען אין דער געשיכטע פֿון דעם פֿראַנ־צויזישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכע איז אַזוי רייך אין אָפּפֿער פֿאַר די גרויסע זאַכע פֿון דער אַלגעמיינער בעפֿרייאונג.





# זשאַן גראַוו פאַר׳ן געריכט.

נאָך דער הינריכטונג פֿון אָגיסט וואַיאַן האָט זיך די פֿראַנצויזישע פּאָליציי גענומען צו דער אַנאַרכיסטישער פּרעסע מיט דער גרעסטער שטרייננקייט. פֿון 1892 ביז 1895 האָבען שטאַטגעפֿונען אַסך פּראָצעסען געגען די פֿעראַנטוואָרטליכע הערויסגעבער פֿון אַנאַרכיסטישע צייטונגען און זשורנאַלען. דער „פּער פּענאַר" האָט כמעט יעדען מאָנאַט געהאַט אַ פּראָצעס, און אויסערדעם האָט מען עטליכע מאָל אַרעסטירט און פֿעראורטהיילט די הערויסגעבער פֿון „לאַ רעוואָלט" און „לאַ רעווי ליבערטער". נאָך וואַיאַן׳ס טהאַט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אין דער רעאַקציאָנערער פּרעסע אַ פּלאַנמעסיגע אַטאַקע אויף די זאָגענאַנטע „אינטעלעקטועלע אַנאַרכיסטען", ד. ה. אויף די טהעאָרעטיקער פֿון דער אַנאַרכיסטישער וועלט־אַנשויאונג. די פֿערטהיידיגער פֿון דער רעאַקציאָן האָבען ערקלעהרט, אַז די טהעאָרעטיקער פֿון׳ם אַנאַרכיזמוס זיינען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די טעראָריסטישע טהאַטען, מיט דעם וואָס זיי רעכטפֿערטיגען זיי און רופֿען זיי דירעקט אַרויס דורך זייערע „אַנטיסאָציאַלע טהעאָריען." — „איהר וועט קיינמאָל ניט קענען פֿערהינדערן די אַנאַרכיסטישע טהאַטען, אויב איהר וועט ניט אונטערדריקען די פֿערברעכערישע לעהרען און אידעען פֿון אַנאַרכיזמוס!" אָט דאָס איז געווען דער אַרגומענט פֿון דער רעאַקציאָן, און דער מיניסטער קאַסימיר פּעריע, איינער פֿון די ערגסטע רעאַקציאָנערען אין פֿראַנקרייך, האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבייט און פּראַקטיש אָנגעווענדעט דיזען אַרגומענט.

באַלד נאָך וואַיאַן׳ס טהאַט האָט די פּאָליציי קאָנפֿיסצירט אַ בוך פֿון דעם בעקאַנטען אַנאַרכיסטישען שריפֿטשטעלער זשאַן גראַוו, די „אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפֿט און די אַנאַרכיע". זשאַן

גראַוו אַליין איז אַרעסטירט געוואָרען און דער גענעראַל-פּראָקוראָר בילאָ, דערזועלבער בילאָ, וועלכער האָט שטענדיג געשפּיעלט אַזאַ נידערטרעכטיגע ראָלע אין אַלע אַנאַרכיסטישע פּראָצעסען, דער־זעלבער בילאָ, אויף וועלכען ראַוואַשאָל האָט געמאַכט זיין אַטענטאַט, און וועלכער איז מאָראַליש פֿערניכטעט געוואָרען אין דעם פּראָצעס געגען מאַלאַטאָ און זיינע גענאָסען, האָט פֿאָרמולירט די אַנ־קלאַגע.

דאָס בוך איז ערשינען אין 1892 אין אַ בירגערליכען פֿערלאַג, און קיינעם איז ניט געפֿאַלען אויף'ן זינען צו פֿערפֿאָלגען דעם פֿערפֿאַסער. ערשט מיט 20 מאָנאַטען שפּעטער, ווען די רעאַקציאָן האָט זיך גענומען מיט אַלע מיטלען צו דער אַרבייט, אום צו אונ־טערדריקען די אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ, האָט מען זשאַן גראַוו אַרעסטירט און אָנגעקלאָגט פֿאַר זיין ווערק.

דיזער פּראָצעס איז געווען איינער פֿון די אינטערעסאַנטעסטע פּאָליטישע פּראָצעסען, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונדען אין יענער שטורמיגער פּעריאָדע. דער פּראָקוראָר האָט אַרויסגענומען 38 ציילען פֿון אַ בוך, וועלכעס איז געווען 293 זייטען שטאַרק, און אויף דיזע 38 ציילען האָט זיך געשטיצט די גאַנצע אָנקלאַגע. הערר בילאָ האָט בעוויזען דורך דיזען פּראָצעס, אַז ער האָט די־זעלבע טרויעריגע פֿעהיגקייט ווי פֿושע, דער בעקאַנטער פּאָליציי־מיניסטער פֿון נאַפּאָלעאָן דעם 1טען, וועלכער האָט געזאָגט די כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „גיט מיר דריי ווערטער, וועלכע ערגעץ אַ מענש האָט געשריבען, און איך וועל איהם ברייננגען אויף'ן גאַלגאַן!"

דאָס אינטערעסאַנטסטע פֿון דיזען פּראָצעס איז געווען די ערקלעהרונג פֿון די עדות, ווייל צווישען זיי האָבען זיך געפֿונען אייניגע פֿון די בעדייטענסטע פֿראַנצויזישע שריפֿטשטעלער און געלעהרטע, און די וואונדערבאַרע פֿערטהיידיגונגס־רעדע פֿון סענט-אָבאַן, דעם אַדוואָקאַט פֿון זשאַן גראַוו, וועלכע איז געווען און וועט בלייבען אַן אָראַטאָרישעס מייסטערווערק.

אַם 26-טען פֿעברואַר 1894 האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער פּראָצעס. דער פּרעזידענט האָט פֿאָרגעלעזען די אָנקלאַגע געגען

זשאַן גראַוו און פֿעסטגעשטעלט, אַז ער האָט מיטגעאַרבייט ביי פֿערשיעדענע אַנאַרכיסטישע צייטשריפֿטען. דאָס איז געווען אַלעס, וואָס מען האָט איהם געקענט פֿאָרוואַרפֿען. זשאַן גראַוו האָט ערקלעהרט, אַז ער איז פֿאַרטיג צו נעהמען אויף זיך די פֿולע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר זיין בוך, און אַז ער האָט קיין זאַך ניט צוצוגעבען אָדער צוריקצונעהמען פֿון דעם וואָס ער האָט געשריבען. מיט דעם האָבען זיך געענדיגט די געוועהנליכע פֿאָר־מאַליטעטען פֿון דעם פּראָצעס און דער פּרעזידענט האָט אויפֿ־גערופֿען די עדות. דער ערשטער איז געווען אונזער אונפֿערגעס־ליכער גענאָסע עליזע רעקלו. שוין די אויסערליכע ערשיינונג פֿון דיזען זעלטענעם מאַן, וועלכער האָט בערייכערט די ליטעראַטור מיט איינינע פֿון די געוואַלטיגסטע און אונשטערבליכסטע ווערקע, האָט געמאַכט אַ טיעפֿען איינדרוק אויף דאָס פּובליקום אויף די גאַלעריען.

„איהר זייט בעקאַנט מיט דעם אָנגעקלאָגטען?" האָט גע־פֿרעגט דער פּרעזידענט.

„איך קען גראַוו'ן זייט 15 יאָהר צייט, און איך בין שטאָלץ איהם צו רופֿען מיין פֿריינד", האָט רעקלו געענטפֿערט. „זייט 15 יאָהר איז מיין ליעבע און סימפּאַטהיע צו איהם אַלץ גרעסער און שטאַרקער געוואָרען. אין אינטעלעקטועלער בעציהונג איז ער אַן אויסערגעוועהנליכער מענש, וועלכער האָט זיך אַליין גע־בילדעט מיט אַ וואונדערבאַרער פלאַנמעסיגקייט און מיט אַן אייזערנער ענערגיע. אַזוי איז ער אימשטאַנדע געווען זיך צו ער־ווערבען זעהר בעדייטענדע קענטניסע אויף דעם געביט פֿון דער אַנטראָפּאָלאָגיע. — אין מאָראַלישער בעציהונג איז גראַוו פֿאַר מיר די פֿערקערפּערונג פֿון רייגהייט, ערנסטקייט און עהרליכקייט. ער איז איינער פֿון די זעלטענע מענשען, פֿון וועלכע מען קען בע־הויפּטען, אַז זיי האָבען קיינמאָל קיין ליגען ניט געזאָגט. איך האַלט איהם פֿאַר אונפֿעהיג צו נעהמען אַן אַנטהייל אין ערגעץ אַ געוואַלט־טהאַט אָדער אַנדערע אָנצורייצען צו אַזעלכע טהאַטען; דען דאָס וואָלט געווען געגען זיינע אידעען און געגען זיין כאַ־ראַקטער."

ווען דער פרעזידענט האָט רעקלו׳ן פֿאָרגעלעזען עטליכע ציטאַטען פֿון גראַוו׳ס בוך האָט ער געענטפֿערט:

„איך קען ניט פֿערטהיידיגען דיזע ווערטער, דערפֿאַר וואָס איך ווייס ניט דעם צוזאַמענהאַנג, איך ווייס ניט וואָס עס געהט פֿריהער און וואָס עס פֿאָלגט שפּעטער.״

„איז גראַוו קיינמאָל ניט בעשעפֿטיגט געווען ביי אייך?״

„קיינמאָל ניט!״

„אָבער האָט איהר איהם ניט בעשעפֿטיגט ביי אייער צייטונג?״

„איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין צייטונג פֿאַר מיר אַליין,״ האָט רעקלו געענטפֿערט מיט אַ פֿיינעם שמייכעל.

„איך מיין, צו איהר האָט איהם ניט בעשעפֿטיגט צו פֿער־טרעטען אייערע אידעען, צ. ב. ש. אַלס אַדמיניסטראַטאָר אָדער רעדאַקטאָר פֿון אייער צייטונג?״

„מיר האָבען ניט געהאַט קיין בעשטימטען אַדמיניסטראַטאָר אָדער רעדאַקטאָר, זאָנדערן נאָר מיטאַרבייטער. פֿאַר איין נומער האָט דיזער פֿאַר דעם אַנדערן נומער האָט יענער געמאַכט דיזע אַרבייט. איינמאָל האָב איך עס געטהאָן, אַן אַנדער מאָל גראַוו און אַ דריטען מאָל אַן אַנדערער״.

ווען דער פּראָקוראָר האָט דערזעהן, אַז רעקלוס ערקלעה־רונגען מאַכען זעהר אַ גוטען איינדרוק אויף די אָנוועזענדע, האָט ער פֿערזוכט איהם פּערזענליך צו קאָמפּראָמיטירען, שטעלענדיג איהם די פֿאָלגענדע פֿראַגע:

„כדי די געשוואָרענע זאָלען בעסער פֿערשטעהן, וואָס פֿאַר אַ ווערטה עס האָט די ערקלעהרונג פֿון דיזען עדות, פֿרעג איך הערר רעקלו, אויב ער איז דערזעלביגער, וועלכער איז אין 1882 פֿעראורטהיילט געוואָרע אין ליאָן״.

„איך ווייס ניט דערפֿון״ — האָט רעקלו געענטפֿערט — „איך בין קיינמאָל ניט פֿעראורטהיילט געוואָרען און קיינמאָל ניט גע-שטאַנען פֿאַר׳ן געריכט אין ליאָן״.

הערר בילאָ האָט זיך נעמליך דערמאָהנט אין דעם גרויסען אַנאַרכיסטען-פּראָצעס אין ליאָן געגען קראָפּאָטקין און זיינע גע-

נאָסען, אָבער דורך זיין פראַגע האָט ער עפּענטליך בעוויזען זיין אַבסאָלוטע אונוויסענהייט אין דיזער אַפּערע, דען רעקלו איז גאָר ניט געווען צווישען די אָנגעקלאָגטע פון ליאָן.

דער נעכסטער עדות איז געווען דער גרויסער פראַנצויזישער שריפטשטעלער, אָקטאַוו מירבאָ, וועלכער האָט אויך געשריבען די פאָררעדע צו גראַוו'ס בוך. אויף די פראַגען פון דעם פרע-זידענט האָט ער געענטפערט:

„איך בין מיט גראַוו פערזענליך ניט בעקאַנט געווען. איך האָב זיך נאָר קאָרעספּאָנדירט מיט איהם, אָבער איך רעספּעקטיר איהם אויף'ן העכסטען גראַד פאַר זיין גייסט, און די געמיינ-שאַפטליכקייט פון אונזערע פילאָזאָפישע איבערצייגונגען איז געווען די אורזאַכע, פאַרוואָס איך האָב געשריבען די פאָררעדע צו זיין בוך".

„אָבער וואָס איז אייער מיינונג וועגען גראַוו, אַלס דער אויטאָר פון דעם אָנגעקלאָגטען ווערק?" האָט געפרעגט סענט-אָבאַן, גראַוו'ס אַדוואָקאַט.

„איך בעטראַכט איהם אַלס אַן אַפּאָסטעל, איינעם פון די לאָגישסטע דיינקער, וועלכער ענטוויקעלט יעדען געדאַנק ביז צו די לעצטע קאָנסעקווענצען. מען האָט אַרויסגענומען פון דעם בוך אייניגע פראַזען, אָבער אַ זאַץ, וועלכען מען רייסט אַרויס פון זיין ריכטיגען פלאַץ, פערלירט זיין אייגענטליכען זין. אַ בוך דאַרף מען בעטראַכטען אַלס אַ גאַנצע זאַך, אויב מען וויל אורטהיילען זיין אינהאַלט".

„איז דאָס אייער פערזענליכער מיינונג, הערר מירבאָ?" האָט געפרעגט דער פּראָקוראָר.

„פערשטעהט זיך!" האָט מירבאָ געענטפערט.

„און וואָס פאַר אַ מיינונג האָט מען וועגען גראַוו אין דער ליטעראַרישער וועלט?"

„די ליטעראַרישע וועלט איז זעהר גרויס און זי רעפּרעזענ-טירט די פערשידענסטע מיינונגען, אָבער מען בעטראַכטעט איהם איבעראַל פאַר אַן עהרליכען מאַן, וועלכער בעזיצט אַ בעדייטענדען אינטעלעקטועלען ווערטה."

„איז דאָס בוך פֿון גראַווו אַ ווערק מיט פֿיעלע גאַנץ נייע אידעען, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט דיסקוטירט געוואָרען בעפֿאָר?" האָט געפֿרעגט סענט-אָבאַן.

„עס גיט ניט קיין נייעס אונטער דער זון. די אָריגינאַליטעט פֿון דעם שריפֿטשטעלער בעשטעהט אין דעם, וואָס ער גיט די בעקאַנטע אידעען אַ בעשטימטע פֿאָרם, לויט זיין פּערזענליכען טעמפעראַמענט".

דער פּראָקוראָר האָט זיך אויך דיזעס מאָל אריינגעמישט אין די פֿערהאַנדלונג מיט די ווערטער:

„העדר מירבאָ, איהר האָט דאָך געשריבען די פֿאָררעדע צו גראַוו'ס בוך; אפשר ווילט איהר מיר ערקלעהרען אַ געוויסע שטעלע אין אייער פֿאָרוואָרט. איהר ערקלעהרט דאָרט, דאָס אַ פֿריינד אייערער האָט געזאָגט צו אייך, אַז די אַנאַרכיע אַלס אַן אידעאַל געפֿעלט איהם זעהר גוט, נאָר די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, דער טעראָריזמוס פֿון דער אַנאַרכיע שטויסט איהם צוריק. און איהר ענטפֿערט איהם אויף אַזאַ מין אופן: וואָס מאַכט עס אויס, ווען דער שטורם פֿערניכטעט אין וואַלד די שטענדיג הונ־געריגע אייכען-בוימער, אַזוי לאַנג ווי דער רעגען ערקוויקט נאָר די פֿערטרוקענטע גראָזען!"?

„איך וועל אייך פֿערענטפֿערן אייער פֿראַגע", האָט מירבאָ געענטפֿערט. „איך האָב שטענדיג געהאַט אַן אָבשיי געגען דער געוואַלט. מיין ליעבע צו אַלעס וואָס לעבט, איז אונבעגרענעצט און דער געדאַנק פֿון טויט איז מיר אימער שרעקליך געווען. אָבער וואָס אָנבעלאַנגט די אייכען-בוימער, וועלכע דער שטורם פֿערניכטעט, ווייסט איהר אַליין, אַז דאָס איז געווען די געשיכטע פֿון אַלע רעוואָלוציאָנען. אַלע האָבען געטויטעט. אַלע רעגירונגען און אַלע רעוואָלוציאָנען האָבען פֿערגאָסען מענשליכעס בלוט. איך זאָג ניט, אַז איך בין צופֿרידען דערפֿון, אָבער דאָס איז די גע־שיכטע".

„איהר מעגט זיך אַוועקזעצען!" האָט דער פּרעזידענט געזאָגט מיט אַ שטרייגגען בליק.

דער בעקאַנטער שריפֿטשטעלער פּאָל אַדאַם האָט אויסגע־

דריקט זיין העכסטען רעספעקט פֿאַר זשאַן גראַוו און האָט ער־קלעהרט, אַז זיין העכסטער שטאָלץ וואָלט געווען, צו זיין דער אויטאָר פֿון אַזאַ בוך, ווי די „אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפֿט און די אַנאַרכיע."

בערנאַרד לאַזאַר האָט ערקלעהרט, אַז גראַוו'ס בוך איז דאָס שעהנסטע ווערק, וואָס ער האָט ביז יעצט געלעזען.

דער פּראָקוראָר איז זעהר אויפֿגערעגט געוואָרען פֿאַר דיזע אַלע ערקלעהרונגען, און אין זיין אָנקלאַגע־רעדע האָט ער גראַוו דירעקט פֿעראַנטוואָרטליך געמאַכט פֿאַר די טהאַטען פֿון ראַוואַשאָל, וואַיאַן און אַנדערע און געפֿאָדערט פֿון די געשוואָרענע, זיי זאָלען גראַוו'ן פֿעראורטהיילען צו פֿינף יאָהר קערקער. מיט דעם האָט זיך געענדיגט דער אייגענטליכער פּראָצעס, און סענט־אָבאַן האָט גענומען דאָס וואָרט צו פֿערטהיידיגען זשאַן גראַוו.

* * *

מיינע הערען געשוואורענע!

דער היינטיגער פּראָצעס איז קיין געוועהנליכער. איהר האָט צו ריכטען אַ מאַן, וועלכער האָט געהאַט דעם מוטה, אַרויסצו־ריידען זיינע געדאַנקען. עס האַנדעלט זיך דאָ אום אַ טהאַט פֿון'ם פֿערשטאַנד, און דער פֿערשטאַנד אַליין קען אורטהיילען וועגען דיזער טהאַט, ניט דער האַס, די ליידענשאַפֿט און בלינדע קאַפּ־ריזען. דאָס בוך רופֿט זיך „די אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפֿט און די אַנאַרכיע", און אָקטאַוו מירבאָ דערצעהלט אונז אַז דער פֿערפֿאַסער פֿון דיזעם ווערק איז אַ געוועזענער האַנדוועער־קער, אָבער זיין זעעלע ציטערט און זיינע געדאַנקען זיינען פֿלי־סיג געוואָרען, זעהענדיג דאָס מענשליכע עלענד און די מענשליכע קאָרופּציאָן פֿון אונזער צייט. מענשען מיט פֿערשטיינערטע אידעען וועלען פֿערדאַמען דיזעס בוך, אָבער ווער עס האָט גענוג מוטה, צו אונטערוואַרפֿען זיינע היילינגסטע פּרינציפּען דעם פֿייער פֿון דער קריטיק, וועט געפֿינען אין דיזעם ווערק פֿיעל שטאָף צום נאָכדיינקען. ווען דיזעס בוך איז אימשטאַנדע אויפֿצוּוועקען די רעבעלישע אינסטינקטען פֿון דער מאַסע, דאַן מוז מען בעווייזען, דאָס זיינע אַרגומענטען זיינען פֿאַלש און אונגערעכט, אָבער דורך

פֿערפֿאָלגונגען און געפֿענגנים קען מען דיזעס ווערק ניט טויטען. דער פּראָקוראָר האָט גראַוו׳ס בוך געמאַכט פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די לעצטע באָמבען־אַטענטאַטען און ספּעציעל פֿאַר דעם אַטענטאַט פֿון וואַיאַן, וועלכעס איז געווען — נאָך מיין מיינונג — דאָס איינציגע לאָגישע אַטענטאַט. וואַיאַן איז אַ פּאָליטישער פֿערברעכער, פּונקט ווי אָרסיני איז געווען. אָרסיני האָט געפּלאַנט דעם טויט פֿון אַ קייזער, וואַיאַן האָט געוואָלט פֿערניכטען דעם פּאַרלאַמענט, אַ קאָלעקטיווען קייזער, אַ קייזער מיט 750 קעפּ. וואַיאַן איז מיט זשאַן גראַוו ניט בעקאַנט געווען, ער האָט אפילו זיין בוך ניט געלעזען; אָבער אין זיין פֿערטהיידיגונגס־רעדע האָט ער ציטירט די נעמען פֿון ספּענסער, פּרודהאָן, רוססאָ און וואָלטער. דאָס זיינען אַלזאָ די קלאַסישע „פֿערברעכער" וועלכע וואָלטען פֿון רעכטס וועגען געמוזט פֿערנעהמען דעם פּלאַץ פֿון אָנגעקלאָגטען. אָבער איך דיינק, דאָס אפילו דער הערר פּראָקוראָר וואָלט ניט דעם מוטה געהאַט, דיזע בעריהמטע נעמען אַרויפֿצושטעלען אויף די ליסטע פֿון די פֿערברעכער.

אין דער אמת׳ן איז דיזעס בוך ניט די אורזאַכע פֿון דער באָמבע, נייִן, דאָס בוך און די באָמבע זיינען די פּראָדוקטען פֿון אַ טיעפֿערע אורזאַכע; איהר נאָמען איז „פֿערצווייפֿלונג", די קראַנקהייט פֿון אונזער יאָהרהונדערט. אייער רעוואָלוציאָן האָט פֿערשפּראָכען דעם פּראָלעטאַריאַט גליק און צופֿרידענהייט, אָבער די פּראָלעטאַריער זיינען געוואָרען די אָפּפֿערס פֿון אַ גיגאַנטישען שווינדעל. די בורזשואַזיע האָט צוגע׳גנב׳עט דאָס אייגענטהום פֿון דער פֿעאָדאַלער אַריסטאָקראַטיע; זי האָט עס בעהאַלטען פֿאַר זיך אַליין, און פֿון די, וועלכע בעזיצען כמעט גאָר ניט, האָט זי נאָך צוגענומען דאָס לעצטע. דאָס פּראָלעטאַריאַט האָט בעגריפֿען, אַז דער פּלאַץ פֿון דער אַלטער אַריסטאָקראַטיע איז פֿערנומען געוואָרען פֿון אַ נייער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע בעהאַלט זיך הינטער גאָלדענע מויערען, אַן אַריסטאָקראַטיע, וועלכע איז נאָך גרויזאַמער און באַרבאַרישער ווי די אַלטע איז געווען. דער פֿערצווייפֿלונגס-געשריי פֿון די אָרעמע און עלענדע האָט געפֿונען

זיין אויסדרוק אין אונזער ליטעראַטור. האָט איהר געלעזען די ווערטער פֿון היינריך היינע: „די אַלטע געזעלשאַפֿט איז שוין לאַנג פֿעראורטהיילט געוואָרען! לאָמיר שוין מאַכען אַ פּלאַץ פֿאַר דער גערעכטיגקייט! לאָמיר צוברעכען די אַלטע וועלט אויף שטיקער! לאָמיר צושטערען די גאלדענע קברים, וועלכע זיינען אָנגעפֿילט מיט ליגענס און אונגערעכטיגקייט!" האָט איהר געהערט די שניידענדע ווערטער פֿון לאַמנע, וועלכער האָט פֿערשאָלטען די גאַנצע מאָדערנע געזעלשאַפֿט?: „אייער געזעלשאַפֿט איז איבערהויפּט קיין געזעלשאַפֿט ניט; זי איז ניט מעהר ווי אַ סטאַדע פֿון מענשליכע בהמות, וועלכע בילדען די נאַהרונג פֿאַר די גרויסע." דערמאָנט זיך אין די ליידענשאַפֿטליכע ווערטער פֿון וויקטאָר הוגאָ: „וואָס פֿאַר אַ געזעלשאַפֿט קען דאָס זיין, וועלכע גרינדעט זיך אויף אונגלייכהייט און אונגערעכטיגקייט! וואָלט ניט בעסער געווען, אָנצונעהמען דעם טישטוך ביי אַלע פֿיער עקען און דעם אויבערשטען די גאַנצע מאָהלצייט אין פּנים אריינצוואַרפֿען — די פֿרעסערס צוזאַמען מיט די בעטלערס, וועלכע פֿערכאַפּען די ברעקלעך, וואָס פֿאַלען אראָב פֿון טיש?... דער גיהנום פֿון די אָרעמע איז דער גן עדן פֿאַר די רייכע." האָט איהר פֿערגעסען וואָס פּלאָבער האָט געזאָגט?: „דורך די ענטוויקלונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָן האָט די עפֿענטליכע מיינונג פֿון זיך אַראָבגעוואָרפֿען דעם לעצטען שטיק פֿון עהרליכקייט און בעשיידענהייט. יעדע נאַציאָן שטאָלצירט מיט איהרע געמיינהייטען... מיר טאַנצען ניט אויף אַ וואָלקאַן, נאָר אויף דעם דעקעל פֿון אַ קלאָזעט."

דאָס זיינען אַלזאָ די מאָראַלישע פֿעראורזאַכער פֿון די באָמבעס און פֿון אַלע ביכער, מיינע העררען. זיי זעצט אויף די אָנקלאַגע־באַנק, די דיינקער, די פֿילאָזאָפֿען, די פּאָעטען, וועלכע האָבען אויסגעדריקט אין זייערע לידער און שריפֿטען די פֿערצווייפֿלונג פֿון אונזער יאָהרהונדערט.

אָבער זשאַן גראַוו איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אַלס קאָמוניסט, ער וויל די אָבשאַפֿונג פֿון דעם בירגערליכען אייגענטהום, ער גלויבט, אַז דער קאָמוניזמוס וועט זיין דער רעזולטאַט פֿון דער

קומענדער רעוואָלוציאָן, אָבער האָט ניט רוססאָ געשריבען עהנ־ליכע ווערטער? רוססאָ, איינער פֿון די פֿאָטערס פֿון דער רעוואָ־לוציאָן, וועלכע איז געוועזען אונזער מוטער! אין איינעם פֿון זיינע ביכער קענט איהר לעזען די ווערטער: „דער ערשטער מאַן, וועלכער האָט אָבגעצאַמט אַ שטיק ערד, זאָגענדיג צו די אַנדע־רע: דאָס איז מיין אייגענטהום, דיזער מאַן איז געוועזען דער גרינדער פֿון דער בירגערליכער געזעלשאַפֿט. אַך, וויפֿיעל פֿער־ברעכען, עלענד און שמערצען וואָלטען אונז פֿערשפּאָרט געוואָרען, ווען עס וואָלט זיך געפֿונען אַ מענש, וועלכער וואָלט אַרונטער־געריסען דעם גרענעץ און געזאָגט צו זיינע מיטמענשען: גלויבט איהם ניט, ער איז אַ בעטריגער! איהר זייט פֿערלוירען, אויב איהר וועט פֿערגעסען, אַז די פֿריכטע פֿון דער ערד וואַקסען פֿאַר אַלעמען און די ערד אַליין בעלאַנגט צו קיינעם ניט.״ — איז זשאַן גראַוו ווירקליך אַ פֿערברעכער, דערפֿאַר וואָס ער האָט דיזעלבע מיינונג ווי רוססאָ?

זשאַן גראַוו זאָל פֿעראורטהיילט ווערען צו 5 יאָהר געפֿענג־ניס, ווייל ער האָט זיך פֿערזינדיגט אין זיין בוך געגען דעם פּאַטריאָטיזמוס — אַזוי בעהויפּטעט דער פּראָקוראָר. איך פֿאַר מיין פּערזאָן בין אַ פּאַטריאָט, אָבער עס גיט גרעסערע גייסטער פֿון מיר, וועלכע האָבען זעהר אַ שלעכטע מיינונג וועגען דיזען פּונקט. טאָלסטאָי צ. ב. ש. זאָגט: „וויפֿיעל עלענד ווערט שטענדיג פּראָדוצירט צוליעב דעם נאַציאָנאַלען האַס, וועלכער זוכט זיך צו ענטשולדיגען דורך דעם גלאַטען ליגען פֿון דער פֿאַטערלאַנדס־ליעבע!״ און וויקטאָר הוגאָ האָט פּראָפֿעצייט: „אים 20־טען יאָהרהונדערט וועלען מעהר ניט שטאַטפֿינדען קיינע מלחמות. דער עשאַפֿאָט, דער האַס און די גרענעצען וועלען דאַן זיין אונ־בעקאַנטע ערשיינונגען, און דער מענש וועט ערשט אָנהויבען צו לעבען.״ זיינען עס ווירקליך מענער ווי טאָלסטאָי, וויקטאָר הוגאָ אָדער זשאַן גראַוו, געגען וועלכע מיר מוזען פֿערטהיידיגען אונזער פֿאָטערלאַנד? וואָלט ניט בעסער געוועזען, אָנשטאָט צו פֿערפֿאָלגען די דיינקער, וועלכע קריטיקירען דעם בעגריף פֿון׳ם פּאַטריאָטיז־מוס, וואָלט ניט בעסער געוועזען, מיר זאָלען בעקעמפּפֿען די באַנ־

דיטען אים פּראַק, וועלכע קאָרומפּירען און בעשמוצען דאָס פאָטערלאַנד? מיט איינינע טעג צוריק האָט דער סאָציאַליסט וויוויאַני געשריבען אין זיין ציטונג די כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „די רעגירונג האַנדעלט אַזוי ווי עס פאַלט איהר איין. זי פערפאָלגט און פערלוימדעט די סאָציאַליסטען, זי בראַנדמאַרקט זיי אַלס פעררעטהער פון'ם פאָטערלאַנד, און אין דערזעלבער צייט בעשיצט זי די רויב-פויגעל פון דער בערזע, וועלכע פער-שלינגען דאָס פלייש און בלוט פון אונזער לאַנד".

עס איז ניט מיין אויפגאַבע, צו אַטאַקירען די רעגירונג אָדער צו פערטהיידיגען די סאָציאַליסטען; אָבער איין זאַך זאָלט איהר ניט פערגעסען: מיט דעם וואָס איהר פרעטענדירט צו בעקעמפ-פען דעם אַנאַרכיזמוס, ווילט איהר דערשטיקען דעם מענשליכען געדאַנק. היינט פערפאָלגט איהר זשאַן גראַוו, דערפאַר ווייל ער איז אַן אַנאַרכיסט, מאָרגען וועט איהר פערפאָלגען די סאָציאַ-ליסטען, דערפאַר ווייל זיי שטעהען נאָהנט צום אַנאַרכיזמוס, איבערמאָרגען וועט איהר פערפאָלגען אַנדערע דיינקער, וועלכע זיינען ניט קיינע אַנאַרכיסטען און ניט קיין סאָציאַליסטען. דער פרייער געדאַנק שטעהט היינט פאַר'ן געריכט! פערגעסט עס ניט! ריכטען און פעראורטהיילען איז שטענדיג אַ שלעכטע זאַך, עס איז דער זיכערסטער וועג, וועלכער פיהרט צו דער טיראַניי. וואָס וועט זיין אייער נעכסטעס געזעץ? אַ זאָגענאַנטעס אַנאַר-כיסטען געזעץ, וואָס בעטראַכט יעדען מענשען פאַר אַ פער-ברעכער, וועלכער האָט דעם מוטה צו דיינקען, דאָס אונזער געזעלשאַפטליכער סיסטעם איז ניט גערעכט און פאָלקאָמען. דאַן הייסט אויך מיר אַריינזעצען אין געפענגניס, העררר פראָקוראָר! דען אָבוואָהל איך בין ניט קיין אָנהיינגער פון אַ בעשטימטער טהעאָריע, נעהם איך זיך די פרייהייט, צו זאָגען: „איהר זייט די פערטהיידיגער פון אייגענטהום — ווען וועט איהר שוין פערניכטען די אויבער-באַנדיטען פון דער פינאַנציעלער וועלט? איהר פערטהיידיגט דאָס פאָטערלאַנד — ווען וועט איהר שוין טויטען דעם שרעקליכען וואַמפּיר, וועלכער פערשקלאַפט אַלע

פּאָטערלענדער און זויגט אוים דאָס הערצענס־בלוט פון די נאַ־ציאָנען?"

איהר וואונדערט זיך, וואָס זשאַן גראַוו האָט געשריבען: „עס איז געווען אַ געניאַלע אידעע פון דער בורזשואַזיע, צו שטעלען די אויטאָריטעט פון דער נאַציאָן אויף דעם פּלאַץ פון'ם געטליכען געזעץ". אָבער הערט נאָר, וואָס איוו גיאיאָ האָט געזאָגט, דער הויכגעשעצטער איוו גיאיאָ, וועלכער איז דאָך גע־ווים קיין אַנאַרכיסטישער אַגיטאַטאָר: „דער גלויבען אין דעם שטאַאַט איז ניט מעהר ווי אַ נייע פאָרמע פון דער רעליגיעזער אידעע". הערט נאָר ווי פיין עס פּאַסט זיך: „איהר האָט גאָט געטויטעט, אום דער שטאַאַט זאָל פערנעהמען זיין פּלאַץ; אָבער אייערע קינדער, איינזעהענדיג, דאָס מען האָט זיי צום צווייטען מאָל אָבגענאַרט, וועלען דעם שטאַאַט אַהינשיקען דאָרטען, וואו ער קען האַלטען געזעלשאַפט מיט דעם טויטען גאָט". יאָ מיינע הערערן, אונזער זשאַן גראַוו האָט בעריהמטע פאָרגענגער. שאַמ־פאָר, אַ פריינד פון מיראַבאָ, אַ סאָלדאַט פון דער פראַנצויי־זישער רעוואָלוציאָן, האָט געשריבען די פאָלגענדע ווערטער: „עס איז אַ גרויס גליק, וואָס דאָס פאָלק בעגרייפט אינסטינק־טיוו, דאָס אַלע זיינע רעגירער זיינען פיינדע פון איהם. אפילו די, וועלכע עס האָט אַליין אויסגעוועהלט... ווען איך טהו אַ קוק אויף די געמיינע שווינדלערייען פון די רעגירענדע, שטעלט זיך מיר פאָר, אַז די גאַנצע געזעלשאַפט איז אַ וואַלד, פול מיט רויבערס, און די, וועלכע זאָלען בעשיצען די פערבייגעהער, זיינען די געפעהרליכסטע פון אַלעמען." טהאָמאַס פעין, דער בעריהמטער אַמעריקאַנער, אַ מיטגליד פון אונזער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, האָט זיך נאָך דייטליכער אויסגעדריקט: „דאָס האַנד־ווערק פון די רעגירער איז פון אָנהויב אָן מאָנאָפּאָליזירט געוואָרען פון די שופטיגסטע און אונוויסענדסטע אינדיווידוען אין דער מענשליכער געזעלשאַפט."

איהר זעהט מיינע הערערן, מיר האָבען ניט געדאַרפט וואַרטען אויף עליזע רעקלו און זשאַן גראַוו, זיי זאָלען אונז זאָגען דיזע וואַהרהייטען. די אַנאַרכיסטען דיינקען און זאָגען היינט

דאָסועלבע, וואָס די עהרליכע פּאַטריאָטען האָבען געדיינקט און געזאָגט מיט הונדערט יאָהר צוריק.

אָבער ערגער פֿון אַלעס איז די טהאַטזאַכע, אַז דער מיס־טרויען געגען דעם שטאַאַט, האָט זיך אויך איבערגעטראָגען אויף דער אַרמעע. אין פֿרידליכע צייטען איז די אַרמעע ניט אַנדערש, ווי אַ גיגאַנטישער פּאָליציי-אַפּאַראַט, און וואָס מעהר דער שטאַאַט געברויכט איהר צו אונטערדריקען דאָס פֿאָלק, אַלס מעהר פֿער־האַסט מען איהר. דיזע אידעע קומט ניט פֿון מיר, מיינע הערען, אויך ניט פֿון זשאַן גראַוו, ניין זי איז צום ערשטען מאָל אויס־געשפּראָכען געוואָרען פֿון דעם ליבענסווירדיגען דיכטער אַלפֿרעד דע וויניאי: „עס איז אונמעגליך, דער סאָלדאַט זאָל ניט פֿיהלען אַן אינערליכע שאַנדע, נאָכדיינקענדיג איבער די ראָלע, וועלכע ער שפּיעלט אין צייטען פֿון פֿרידען". אָבער פֿערגעסט ניט, דאָס וואָרט „שאַנדע" ענטהאַלט שוין אין זיך אַן אינדירעקטע אויפֿפֿאָ־דערונג צו רעוואָלטירען.

זשאַן גראַוו זאָל פֿעראורטהיילט ווערען צו 5 יאָהר געפֿענג־ניס, דערפֿאַר וואָס ער האָט בעהויפּטעט אין זיין בוך, אַז די דיסציפּלין אין אונזער אַרמעע מאַכט פֿון דעם מענשען אַ פּראָסטע חיה. אָבער האָט איהר שוין געלעזען, וואָס אַ מאַן ווי ערנעסט רענאַן האָט געשריבען אין זיינע „יוגענד-ערינערונגען"? ער זאָגט: „איך וואָלט מיר קיינמאָל ניט געקענט אונטערוואַרפֿען צו דער מיליטערישער דיסציפּלין, און ווען מען וואָלט מיר געצוואונ־גען, צו דינען אין דער אַרמעע, וואָלט איך אונבעדינגט אַנטלאָפֿען געוואָרען". דאָס איז אַ געפֿעהרליכע ערקלערונג, מיינע הערען, דען רענאַן ווערט אויך מאַנכעסמאָל געלעזען אין די קאַזאַרמען. שטעלט זיך פֿאָר אַ סאָלדאַט, וועלכער איז אונשולדיגערווייזע פֿעראורטהיילט געוואָרען צו אַ וואָך אָדער צו צוויי וואָכען גע־פֿענגניס, און וועלכער פֿיהלט אין זיך אַ ביטערען האַס געגען זיין אָפֿיציר און די גאַנצע מיליטערישע אינסטיטוציאָנען. אַזאַ מענש לייענט צופֿעליגערווייזע די ווערטער פֿון רענאַן; אפשר איז ער אויך דערביי געווען, ווען רענאַנ'ס מאָנומענט איז איינגעווייהט געוואָרען און האָט געהערט די ווערטער פֿון דעם קולטוס-מיני־

סטער: „רענאַן איז געווען אַ צירונג פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט!" נון, מיינע העררן, איז דען ניט מעגליך, אַז דיזער סאָלדאַט זאָל ריידען צו זיך אליין: „ווען אַ מאַן, וועלכער איז געווען אַ צירונג פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט, האָט ערקלעהרט, ער וואָלט בעסער אַנטלאָפֿען געוואָרען, איידער צו אונטערוואַרפֿען זיך צו דער מיליטערישער דיסציפלין, וואַרום זאָל איך ניט נאָכפֿאָלגען זיין ביישפיעל?" אַזוי פֿערוואַנדעלט זיך דאָס וואָרט אין אַ טהאַט, און עס איז לייכטער פֿאַר אַ סאָלדאַט צו אַנטלויפֿען פֿון דער אַרמעע, ווי אַריינצושטעקען זיין אָפֿיציר דעם באַיאָנעט אונטער דער פֿינפֿטער ריפּ. אָבער זשאַן גראַוו האָט איבערהויפּט ניט אויפֿגעפֿאָדערט די סאָלדאַטען צום מאָרד; ער האָט געמאַכט די זעהר ריכטיגע בעמערקונג, דאָס פֿאַר אַ מיסהאַנדעלטען סאָלדאַט איז גאַנץ עגאַל — צו ער גיט זיין קאַפּיטאַן אַ פּאַטש אין געזיכט אַריין, צו ער שטעקט איהם אַריין דעם באַיאָנעט אונטער דער פֿינפֿטער ריפּ — דאָס קריעגס-געריכט וועט איהם איןביידע פֿעלע פֿעראורטהיילען צום טויט. אָבער אויב איהר וועט געפֿינען אין דיזער פּראַקטישער בעמערקונג אַן אויפֿפֿאָדערונג צום מאָרד, דאַן מוז איך מיר נאָכאַמאָל בערופֿען אויף גרעסערע אויטאָריטעטען.

הערט נאָר, וואָס וויקטאָר הוגאָ האָט געראַטהען די בעלגיער: „פֿאָלק פֿון בעלגיען! ווען נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט וועט אַריבערגעהן אייער גרענעץ אָן דער שפּיצע פֿון זיין אַרמעע, וועלכע בעשטעהט ניט פֿון העלדען, נאָר פֿון איינפֿאַכע באַנדיטען און רויבערס, דאַן געברויכט אייערע וואַפֿען, אַזוי ווי עס פּאַסט אייך אַם בעסטען: שטיינער, מיסטגאָבלען, מעסערס, ביקסען, אַלעס איז גוט געגען דיזער רויבערבאַנדע". דיזע רויבערבאַנדע, מיינע העררן, איז געווען די פֿראַנצויזישע אַרמעע, און איהר קענט ניט פֿערלאַנגען, דאָס אונטער דער רעפּובליקאַנישער שטאַאַטס-פֿאָרם דאַרף מען די אַרמעע מעהר רעספּעקטירען ווי אונטער דער מאָנאַרכיע. „ערמאָרדעט די זעלנער פֿון דער פֿראַנצויזישער אַרמעע!" אַזוי האָט אייער גרויסער דיכטער און שטאַאַטס-מאַן אָנגערייצט די פֿרעמדע. און וויקטאָר הוגאָ איז ניט געווען קיין אַנאַרכיסט.

אין דער וואַרעמקייט פֿון זיינע געפֿיהלען האָט זשאַן גראַוו
אויסגעשפּראָכען די איבערצייגונג, דאָס עס וואָלט ניט שלעכט
געווען, ווען די מאַסען וואָלטען פֿון צייט צו צייט גע'הרג'עט איינעם
פֿון יענע ברוטאַלע אויסבייטער, וועלכע דערפֿרייען זיך פֿון די
ליידען און שמערצען פֿון זייערע אַרבייטס-שקלאַפֿען. אַזאַ ביי־
שפּיעל וואָלט נאָך זשאַן גראַוו'ס מיינונג געהאַט אַ גוטען איינפֿלוס.
אָבער אַנדערע האָבען געזאָגט דאָס זעלביגע. וואַרום ווילט איהר
נאָר בעשטראָפֿען זשאַן גראַוו? איך האָב קירצליך געלעזען אין אַ
זשורנאַל — עס איז ניט געווען קיין אַנאַרכיסטישער, מיינע העררען,
עס איז געווען דער זשורנאַל פֿון הערר גאָנקור—זעהר געפֿעהרליכע
ווערטער. הערר גאָנקור איז זעהר אַ לאָיאַלער בירגער, אָבער
טראָץ דעם קען ער ניט בעגרייפֿען, ווי אַזוי די אָרעמע שטאַרבען
רוהיג פֿון הונגער, זעהענדיג, ווי די בעקערס און הענדלערס פֿילען
אָן די בייכער פֿון די רייכע מיט ברויט, קוכען און פֿלייש.
ער זאָגט: „אַמאָל, ווען איך האָב געלעזען אין מאַראַט'ס צייטונג
די ווילדע אַרטיקלען געגען די קלאַסע פֿון די קליינע קרעמערלאַך,
האָב איך געגלויבט, אַז דיזע אַרטיקלען זיינען די איבערטרייבונגען
פֿון אַ וואַהנזיניגען. היינט פֿערשטעה איך, אַז מאַראַט איז געווען
גערעכט. איך פֿאַר מיין פּערזאָן וואָלט ניט געזעהן קיין געפֿאַהר,
ווען מען וואָלט אויפֿגעהאַנגען דריי אָדער פֿיער פֿון דיזע האַב־
גיעריגע שופֿטען פֿאַר זייערע אייגענע מאַגאַזינען". דיזע ווערטער
זיינען אַביסעל צו שטאַרק, אמת, מיינע הערען? אָבער הערר
גאָנקור געהט נאָך ווייטער. ריידענדיג פֿון די ליידיגגעהער, וועלכע
לעבען פֿון דעם בלוט און שוויים פֿון'ם פֿאָלק, זאָגט ער: „פֿון
וואָס פֿאַר אַ מאַסע איבערפֿליסיגע און פֿערפֿוילטע פֿלייש וואָלטען
מיר פּטור געוואָרען, ווען דאָס גאַנצע פֿיינע פּאַריז, וואָס פֿאָהרט
זיך דורך צווישען דריי און פֿינף אין באָאַ דע בולאָניע, וואָלט
פּלוצלונג פֿערניכטעט געוואָרען דורך די עקספּלאָזיאָן פֿון אַ העלען־
מאַשין". קענט איהר געפֿינען אַ דייטליכערע אויפֿפֿאָדערונג צום
מאָרד ווי דיזע? אָבער ווען עס האַנדעלט זיך אום הערר גאָנקור,
שמייכעלט איהר: דאָס איז ליטעראַטור! נאָר ווען עס האַנדעלט

זיך אום זשאַן גראַוו, ווערט איהר פֿערציטערט און שרייט: דאָס איז אַנאַרכיע!

אין די אַלטע צייטען האָט די רעגירונג פֿערדאַמט די זעלבע אידעען, וועלכע בילדען היינט דעם פֿונדאַמענט פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט, און די אָנהייננגער פֿון דיזע אידעען זיינען פֿערפֿאָלגט געוואָרען ווי פֿערברעכער. דאַמאָלסט האָט מען גע־האָט אַ רעכט אַזוי צו האַנדלען, דען דער אַלטער שטאַאַט האָט זיך געגרינדעט אויף די געטליכע אויטאָריטעט. אָבער די גרויסע רעוואָלוציאָן האָט דיזע אויטאָריטעט פֿערניכטעט, היינט קענט איהר מעהר ניט פֿערדאַמען די אידעען; איהר קענט דיסקוטירען וועגען זיי, און אויב מעגליך קענט איהר זיי ווידערלעגען.

אָט האָט איהר אין קורצע ווערטער די קווינטעסענץ פֿון זשאַן גראַוו'ס אידעען: אויב דער מענש איז שלעכט, איז די נאַטור ניט פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דעם, זאָנדערן אייער זאָגענאַנטע געזעל־שאַפֿטליכע אָרדנונג. מאַכט אַוועק מיט דעם היינטיגען סאָציאַלען מעכאַניזמוס און דער מענש וועט ניט מעהר זיין שלעכט. אום אָבער צו פֿערהינדערן אַ נייע ענטוויקלונג פֿון די היינטיגע געזעל־שאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען, איז נויטווענדיג אויסצוראָטען דעם פרינציפ פֿון אויטאָריטעט אוים די מענשליכע הערצער. דאָס איז דאָס ציעל פֿון'ם אַנאַרכיזמוס, זיין צוועק — דאָס גליק פֿון אַלע מענשען. איז דאָס עפּעס נייעס, מיינע העררען? נעהמט ראַבלע און זיין בעשרייבונג פֿון דעם מאָנאַסטיר פֿון טהעלעמאַ: קיין רעגירונג, קיינע גרענצען; אינדיווידואַליזמוס אָנשטאָט קאָלעקטי־וויזמוס. איבער די טהויערען פֿון דעם נייעם לעבען שטעהט אַלס איינציגער פרינציפּ: האַנדעל אַזוי ווי עס געפֿעלט דיר, ד. ה. טהו אַזוי, ווי דיין איבערצייגונג הייסט דיר. דער ווילען פֿון דעם פֿרייען מענשען איז שטענדיג אידענטיש מיט זיין פֿפֿליכט. נעהמט וואָלטער: אין זיין פֿילאָזאָפֿישען עלדאָראַדאָ גיט עס קיין גע־ריכט, קיין פּאַרלאַמענט, קיין געפֿענגניס.

„דאָס זיינען טהעאָריען", שרייט דער פּראָקוראָר, „אָבער דער אַנאַרכיזמוס איז אַ מאָראַלישע קראַנקהייט!" אַך, דאָס איז שטענדיג געווען דאָסזעלבע. אימער, ווען אַ נייע אידעע איז גע־

באָרען געוואָרען, האָט מען איהר געוואָלט דערשטיקען מיט דער לעבערליכער אָנקלאַגע: דאָס איז אַ מאָראַלישע קראַנקהייט. אַמאָל איז די כעמיע געווען אַ געהיימע וויסענשאַפט, אַ פערבאָטענע אידעע, מען האָט איהר גערופען אַלכעמיע. די אַלכעמיסטען פון אַמאָל זיינען פערברענט געוואָרען, די כעמיקער פון היינט ערהאַלטען אָרדענס און דעקאָראַציאָנען. יעדע אידעע, וועלכע איז ניט פערהייליגט געוואָרען דורך דער מאַיאָריטעט, יעדע אידעע, וואָס איז ניט איינשטימיג מיט אַלע אונזערע געוואָהנהייטען, ערשיינט אונז אַלס עפּעס שרעקליכעס, מיר בייזערן זיך אויף די, וואָס האָבען געשטערט אונזער אַלטע בעקוועמליכקייט און רופען זיי קראַנקע און וואַהנזיניגע. ווען איינער וואָלט געזאָגט צו אַן אַלט-רוימישען סענאַטאָר: „די שקלאַפעריי איז אַ שאַנדפלעק, מיר מוזען איהר אָבשאַפען, וואָלט דער אַלטער סענאַטאָר געוויס זעהר אויפגערעגט געוואָרען און וואָלט איהם געענטפערט: וואָס? דו ווילסט אָבשאַפען די שקלאַפעריי? דו ביזט אַן אַנאַרכיסט? די שקלאַפעריי איז דער פונדאַמענט פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, און דער אַלטער סענאַטאָר וואָלט אַרויפגעלייגט די האַנד אויף זיין געזעץ-בוך און פערטהיידיגט די שקלאַפעריי, פונקט ווי דער פּראָקוראָר פערטהיידיגט היינט דאָס קאַפּיטאַל.

אין'ם פיערטען יאָהרהונדערט האָט געלעבט אַ דיינקער, מיט'ן נאָמען גרעגאָר פון ניסאַ; די קאַטהאָלישע קירכע האָט איהם ערקלעהרט פאַר אַ הייליגען. דיזער גרעגאָר האָט געשריבען: „די ערפינדונג פון דעם רענט-סיסטעם איז פונקט דאָס זעלביגע ווי רויבעריי און פאָטער-מאָרד". שטעלט זיך פאָר, ווען עס וואָלט זיך דאַן געפונען אַ פּראָפעט, וועלכער וואָלט געזאָגט דעם הייליגען גרעגאָר „עס וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס רענט-סיסטעם, וועלכעס דו בעטראַכטעסט אַלס אַ רויבעריי און מאָרד, וועט זיין אַן אַלגעמיינעס וועלט-געזעץ. מענשען, מיט דיין מיינונג, וועלען זיין פערפאָלגט אַלס פערברעכער. די גאַנצע געזעלשאַפט וועט זיך גרינדען אויף רויבעריי און וואוכער, זיי וועלען בויען אַ נייען טעמפּעל און וועלען איהם רופען „בערזע". דיזער טעמפּעל

וועט פֿערנעהמען דעם פּלאַץ פֿון דיינע קירכען, פּונקט ווי די קירכע האָט פֿערנומען דעם פּלאַץ פֿון די ווענוס־און יופּיטער־טעמפּלען. די פּריסטער פֿון דיזעם טעמפּעל וועלען זיין די הערען אַ ר ט אָ ן, ר יי נ אַ ך, אָ ב ע ר ד ע ר פֿ ע ר א. ז. וו. און דאָס גאָלד, וועלכעס זיי האָבען אַרויסגעשווינדעלט פֿון די אַנדערע, וועט זיין דער קוואַל פֿון זייער אַלמעכטיגקייט". ווען איינער וואָלט געזאָגט דעם הייליגען גרעגאָר דיזע ווערטער, איך בין איבערצייגט, ער וואָלט אויפֿגעהויבען די הענד צום הימעל און גערופֿען: „אָה גאָט, נעהם אַוועק פֿון אונז דיזע מאָראַלישע קראַנקהייט!"

איך האָב געענדיגט. דער געדאַנק פֿון אונזער צייט שטעהט פֿאַר אייך אַלס אָנגעקלאָגטער; אָבער דעם געדאַנק האָט מען קיינמאָל ניט געקענט פֿערשפּאַרען אָדער פֿערניכטען. פֿון יעדעס געפֿענגניס האָט ער געמאַכט אַ וויגעלע פֿון פֿרייהייט, און אויף יעדען גאַלגאַן האָט ער געוואָרפֿען אַ ליכטיגען גלאַנץ. קיין ריכטער קען היינט ניט געהן אין גאַס, אָהנע צו זעהען אַ מאָנומענט פֿון זיינע אָפּפֿערס פֿון נעכטען. פֿרייע געשוואָרענע אַם ענדע פֿון דיזען יאָהרהונדערט! איהר זייט קיינע ריכטער! ערנידעריגט זיך ניט אַלס הענקער פֿון דעם מענשליכען געדאַנק.

* *
*

אויף די געשוואָרענע האָט דיזע גלענצענדע רעדע ניט געמאַכט קיין איינדרוק. דיזע פֿייגע קרעמער האָבען איגנאָרירט אַלע לעהרען פֿון דער געשיכטע, און דער פֿרייער געדאַנק האָט פֿאַר זיי פֿערלאָרען יעדען ווערטה, וויבאַלד ער האָט זיך געריכטעט געגען די פֿונדאַמענטען פֿון דער מאָדערנער רויבער־געזעלשאַפֿט. זשאַן גראַוו איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו צוויי יאָהר געפֿענגניס. אָבער דורך דיזע שענדליכע פֿעראורטהיילונג איז זיין בוך ערשט ריכטיג בעקאַנט געוואָרען. צוויי נייע אויפֿלאַגען זיינען באַלד ערשינען אין בריסעל און לאָנדאָן, און דאָס ווערק איז איבערזעצט געוואָרען אין די מייסטע קולטור־שפּראַכען, צו דאַנקען די הענקער פֿון דעם פֿרייען געדאַנק.





## עמיל האנרי׳ס אטענטאטען.

די סאָציאַלע צושטענדע אין דעם צענטער פֿון דער פֿראַנ־צויזישער קוילען־אינדוסטריע אין דעם נערדליכען טהייל פֿון פֿראַנקרייך האָבען שוין אָפֿטמאָל אַרויסגערופֿען די עפֿענטליכע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער גאַנצער וועלט. עמיל זאָלאַ, דער בעריהמטער פֿראַנצויזישער ראָמאַן־דיכטער, האָט אונז געגעבען אַ גראַנדיאָזע אילוסטראַציאָן פֿון דעם שוואַרצען גיהנום, אין וועלכען די פֿראַנצויזישע קוילען־גרעבער לעבען, ליידען און שטאַר־בען, אום צו פֿערגרעסערן די פּראָפֿיטען פֿון די קוילען־באַראָנען, וועלכע געניסען אַלע פֿריידען און בעקוועמליכקייטען פֿון׳ם לעבען אויף די קאָסטען פֿון זייערע שוואַרצע שקלאַפֿען. זיין ראָמאַן „זשערמינאַל" איז די ליידענס־געשיכטע פֿון דעם פֿראַנצויזישען מיינער, די מערטיראָלאָגיע פֿון אַ גאַנצער קלאַסע, וועלכע האַלט אויף מיט איהר אונטערערדישע אַרבייט די פֿונדאַמענטען פֿון אַ גאַנצער וועלט.

דורך זאָלאַ׳ס ראָמאַן איז דאָס שוואַרצע עלענד, די שרעק־ליכע נויט, וועלכע הערשט צווישען דער בעפֿעלקערונג פֿון די קוילען־גרעבער ערשט ריכטיג און אַלגעמיין בעקאַנט געוואָרען; די לאַנגע ליידען פֿון טויזענדער אָרעמע, אונגליקליכע מענשען האָבען צום ערשטען מאָל געפֿונען אַ דייטליכען, אונפֿערגעסליכען אויסדרוק; זאָלאַ׳ס „זשערמינאַל" איז אָנגעשריבען געוואָרען מיט בלוט און טרעהרען, די זיפֿצען און קרעכצען פֿון האַלב־פֿערהונ־גערטע מענשען, זייער פֿערצווייפֿלונג, דער ביטערער קאַמפּף פֿאַר דעם שטיקעל ברויט, די שרעקליכע אונוויסענהייט, די גייסטיגע פֿינסטערניש און ברוטאַליטעט, דאָס אַלעס האָט דאָרטען געפֿונען אַ לעבעדיגען אויסדרוק, וועלכער וועט קיינמאָל ניט פֿערגעסען ווערען.

אָבער אין דערזעלבער צייט האָט דיזער ראָמאַן, דיזע קונסט-פאָלע בעשרייבונג פון דער ברוטאַלער, גרויזאַמער ווירקליכקייט אייך אַרויסגערופען דעם ביטערסטען האַס און די טיעפסטע פער-אַכטונג געגען די רויב-גיעריגע אַקציאָנערען, וועלכע פערדיענען מיליאָנען דורך די אונמענשליכע אַרבייט פון זייערע שוואַרצע שקלאַפען, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט אימשטאַנד צו בעפרידיגען די עלעמענטאַרסטע בעדירפניסע פון זייער דאַזיין, ווייל דער לוין, וועלכען מען צאָהלט זיי, איז צום לעבען צו ווייניג און צום שטאַרבען צו פיעל.

עס איז וואַהר, אַז די אַלגעמיינע לאַגע פון די פראַנצויזישע קוילען גרעבער האָט זיך אין מאַנכע בעציהונגען פערבעסערט זייט דער צייט, ווען זאָלאַ'ס „זשערמינאַל" איז צום ערשטען מאָל ערשינען. מיט דער הילפע פון ריזיגע סטרייק-בעוועגונגען האָבען די קוילען-אַרבייטער אַרויסגעריסען געוויסע פערבעסערונגען פון זייערע אַרבייטס-בעדינגונגען. אָבער דאָס מיינט נאָך לאַנג ניט, אַז זייער לאַגע איז יעצט אַ גלענצענדע. אין געגענטהייל, די שרעקליכע קאַטאַסטראָפע פון קוריער, וואו פיעלע הונדערטער מיינערס זיינען צוגרונדע געגאַנגען, צוליעב דער פערברעכערישער האַבזוכט פון די אַקציאָנערען, איז אַ בלוטיגער סימן, אַז די ווער-טער פון זאָלאַ האָבען נאָך אַלס ניט פערלוירען זייער אורשפרינג-ליכע בעדייטונג. דאָס פערברעכען פון קוריער האָט אונז אָבער אויך בעוויזען, אַז די פראָפיטען פון די אַקציאָנערען זיינען ניט קלענער געוואָרען טראָץ די גרויסע סטרייקס, וועלכע האָבען שטאַטגעפונען זייט די לעצטע 15 יאָהר צייט, פערקעהרט, די פראָפיטען האָבען זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר פערגרעסערט און די וואַהנזיניגע און פערברעכערישע ערשיינונגען פון דעם מאָדער-נעם קאַפּיטאַליזמוס האָבען זיך זעלטען אַזוי דייטליך אַרויס-געציייגט ווי אין דער קוילען-אינדוסטריע אין נאָרד-פראַנקרייך. די אַקציאָנערען האָבען שוין עטליכע פופציג מאָל אַרויסגענומען דעם גרינדונגס-קאַפּיטאַל, און טראָץ דעם בעלאַנגען די מינען נאָך אימער צו זיי, און די לאַגע פון די אַרבייטער איז אַזוי קלעגליך, ווי מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען. און דיזעלבע רויבערס, וועלכע

מאַכען מיליאָנען און מיליאָנען פֿון דער פֿלייסיגער אַרבייט פֿון די קוילען-גרעבער, שפּיעלען זיך יעדען טאָג מיט די לעבענס פֿון טויזענדער מענשען, מיט דעם וואָס זיי לאָזען ניט צו די קלענסטע זיכערהייטס-מאַסרעגלען, כדי ניט צו פֿערקלענערן זייער פּראָפֿיט. דאָס קאַפּיטאַליסטישע פֿערברעכען פֿון קוריער, וועלכעס האָט אַרויסגערופֿען אַזאַ שרעקליכע אויפֿרעגונג צווישען די אַרבייטער אין גאַנץ פֿראַנקרייך, צייגט אונז די אונפֿערמיידליכע קאָנזעקווענ-צען פֿון דיזען מערדערישען סיסטעם, און ווען איינער פֿון די אַרבייטער האָט ערקלעהרט אין אַן עפֿענטליכער פֿערזאַמלונג, אַז פֿון רעכטוועגען וואָלט מען אַלע אַקציאָנערען בעדאַרפֿט אויס-הייגגען, אום זיי צו בעצאָהלען פֿאַר זייערע מערדערייען, איז דאָס געוועזן ניט מעהר ווי דער עפֿענטליכער אויסדרוק פֿון דער אַלגע-מיינער שטימונג צווישען דער פּראָלעטאַרישער בעפֿעלקערונג אין די קוילען-דיסטריקטען. די פּאַרטגעשריטענע אַרבייטער אין די קוילען-בעצירקען וויסען גאַנץ גוט די אייגענטליכע אורזאַכע פֿון זייער אונטערדריקונג, און דערפֿאַר פֿאָדערן זיי די עקספּראָפּריאַ-ציאָן און זעלבסט-פֿערוואַלטונג פֿון די מינען דורך די אַרבייטער אַליין.

אין אַלע סטרייקס, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען אין דער „שוואַרצער וועלט" זייט די לעצטע 15 ביז 20 יאָהר, האָבען זיך די קוילען-באַראָנען אויסגעצייכענט דורך זייער אונמענשליכע ברוטאַליטעט, און דעם האַס, וועלכען זיי האָבען דערמיט אַרויס-גערופֿען אין דער גאַנצער פֿראַנצויזישער פּראָלעטאַרישער וועלט, האָבען זיי כשר פֿערדינט.

אין 1892 האָט אויסגעבראָכען אַ גרויסער סטרייק פֿון די מיינערס אין דער געגענד פֿון קאַרמאָ. דער סטרייק האָט דאַן אָנגענומען אַ געפֿעהרליכען כאַראַקטער. די מיינערס האָבען זיך בענוצט מיט דער רעוואָלוציאָנערער מעטהאָדע. זיי האָבען אַטאַ-קירט די מינען און די טהייערע מאַשינען, און די אינזשענירען זיינען אַנטלאָפֿען געוואָרען פֿאַר די אויפֿגערעגטע מאַסען. די רע-גירונג האָט געשיקט מיליטער, אָבער טראָץ דעם זיינען די מיי-נערס אימשטאַנד געווען צו טעראָריזירען די גאַנצע געגענד ביז

צום 15טען אויגוסט 1892. זיי וואָלטען אויך זיכער געזיעגט, ווען די סאָציאַליסטישע דעפוטאַטען וואָלטען זיך ניט אַריינגעמישט אין זייער קאַמפף. דיזע הערען האָבען עס בעטראַכט פֿאַר זייער הייליגע פֿליכט צו שיצען דאָס אייגענטהום פֿון די קוילען באַראָנען און אויפֿצוהאַלטען די בירגערליכע אָרדנונג מיט אַלע מיטלען, זיי זיינען אַזוי פֿעראינטערעסירט געווען אין דיזער אַרבייט, אַז זיי האָבען בעסער געווירקט ווי די אַרמעע. מען האָט די אַרבייטער דערציעהלט, אַז אויב זיי וועלען זיך האַלטען רוהיג און פֿרידליך, וועט די רעגירונג זיכער עפּעס טהאָן פֿאַר זיי, און די ברייטע מאַסען האָבען זיך געלאָזט איינשטילען פֿון דיזע דעמאַגאָגען, גלויבענדיג די פֿאַלשע ווערטער. די פֿאָלגע איז געווען, אַז דער סטרייק איז פֿאָלשטענדיג פֿערלוירען געגאַנגען. די אַרבייטער זיינען צוריק געגאַנגען צו דער אַרבייט אַלס די בעזיגטע, זייער לאַגע איז געוואָרען נאָך ערגער ווי בעפֿאָר און די אַקציאָנערען האָבען טריאומפֿירט, נאָכדעם ווי זיי האָבען געציטערט די ערשטע צייט פֿאַר זייער אייגענטהום.

אין דיזען מאָמענט האָט אַן אונבעקאַנטער אַוועקגעלייגט אַ באָמבע דורעקט לעבען דער טהיר פֿון דעם גענעראַל-ביוראָ פֿון דער מינען-קאָמפּאַניע פֿון קאַרמאָ אין פּאַריז.

אָבער דיזע באָמבע האָט געהאַט גאַנץ אַן אַנדער ווירקונג, ווי דער אַטענטעטער האָט ערוואַרטעט. עס איז געווען פּונקט די צייט, ווען גאַנץ פּאַריז האָט געציטערט פֿאַר נייע אַנאַרכיסטישע אַטענטאַטען. אַלע צייטונגען האָבען געהאַט אַ בעזונדערע אָבטהיילונג מיט דער איבערשריפֿט „דינאַמיט, באָמבעס, אַנאַרכיזמוס", און דערפֿאַר האָט יעדעס פּעקעל אַרויסגערופֿען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿאָרבייגעהער.

אַזוי האָט מען אויך ענטדעקט די באָמבע לעבען דער טהיר פֿון דער מינען-קאָמפּאַניע. צוויי פּאָליציסטען האָבען איהר פֿאָרזיכטיג אויפֿגעהויבען און אַוועקגעטראָגען נאָך דער פּאָליציי-סטאַציאָן אין דער רי דע באָנס אַנפֿאַן. דאָרטען האָט מען איהר איבערגעקעהרט און דורך דעם פֿעראורזאַכט אַ שרעקליכע עקספּלאָזיאָן. פֿינף פּאָליציסטען זיינען צוריסען געוואָרען אויף שטיקלאַך,

און אַ זעקסטער, וועלכער איז פּונקט דערצו געקומען, האָט זיך אַזוי שטאַרק דערשראָקען, אַז ער איז געפֿאַלען טויט אויף׳ן פּלאַץ.

דיזע אַפֿערע האָט אָנגעמאַכט אַ שרעקליכע אויפֿרעגונג אין פּאַריז. די מאָטיווען פֿון דער טהאַט האָט מען באַלד פֿערשטאַנען, און אין אַלגעמיין האָט מען אויך ניט געווינט, אַז די באָמבע האָט געהאַט אַן אַנדער ווירקונג ווי דער אונבעקאַנטער אַטענטעטער האָט ערוואַרטעט.

עס גיט ווייניג שטעדט אין דער וועלט, וואו מען זאָל אַזוי שטאַרק פֿערהאַסען און פֿעראַכטען די פּאָליציי ווי אין פּאַריז. קיין האַנדווערק איז פֿאַר דעם פֿראַנצויז ניט אַזוי געמיין און נידעריג ווי די ראָלע פֿון אַ פּאָליציסט, און זאָגאַר דאַן, ווען ער אָנערקענט שוין יאָ די נויטווענדיגקייט פֿון דעם פּאָליציסט, קוקט ער אויף איהם ווי אויף אַ מענשען, וועלכען מען דאַרף ליידער, אָבער וועלכען מען קען אויף קיין פֿאַל ניט רעספּעקטירען. דאָס ערקלעהרט אויך די מערקווירדיגע טהאַטזאַכע, אַז די מייסטע פּאָליציסטען אין פּאַריז זיינען גאָרניט קיין אייגענטליכע פֿראַנצויזען, זאָנדערן מייסטענטהיילס קאָרזיקאַנער און עלזאַס-לאָטהרינגער, ריכטיגע היינקער-נאַטורען, וועלכע זיינען נאָך מעהר פֿערביטערט דורך די אַלגעמיינע פֿעראַכטונג, מיט וועלכע מען בעגעגענט זיי איבעראַל.

עס האָט שוין געטראָפֿען אין פּאַריז, אַז עלטערן האָבען פֿערשטויסען זייערע קינדער, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען אָנגענומען אַ שטעלע ביי דער פּאָליציי, און איך דערמאָהן זיך נאָך ווי היינט, אין אַן עפֿענטליכע ערקלעהרונג פֿון אַ געוויסען קאָטען, וועלכער האָט בעקאַנט געמאַכט אין אייניגע פּאַריזער צייטונגען, אַז ער האָט מעהר ניט קיינע בעציהונגען צו זיין איינציגען זוהן, דערפֿאַר וואָס ער איז געוואָרען אַן אַגענט פֿון דער פּאָליציי. דער אַלטער קאָטען איז ניט געווען קיין אַנאַרכיסט אָדער סאָציאַליסט, ער האָט זיך ניט פֿעראינטערעסירט פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג און האָט קיינמאָל ניט בעלאַנגט צו אַ פּאַרטיי מיט רעוואָלוציאָנערע טענדענצען און שטרעבונגען, אָבער אַלס אַ מענש איז עס געווען פֿאַר איהם אַ שאַנדע, אַז זיין זוהן זאָל האָבען

בעציהונגען צו דער פאָליציי און דערפאַר האָט ער זיך עפענטליך ענטזאָגט איהם וויטער צו אָנערקענען אַלס זיין קינד.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט די עקספּלאָזיאָן אין דער רי דע באָנס אַנפאַן ניט געמאַכט קיין שלעכטען איינדרוק אויף די עפענטליכע מיינונג, און איניגע וויץ-בלעטער האָבען זיך זאָגאַר בענוצט מיט דער געשיכטע און געמאַכט הומאָריסטישע בעמער־קונגען דעריבער.

נאָר פאַר די פאָליציי איז די געשיכטע געווען זעהר אַן אונ-אַנגענעהמע, דערפאַר וואָס זי איז ניט אימשטאַנדע געווען אויס־צוגעפינען דעם אַטענטעטער, טראָץ דעם וואָס די שפּיאָנען זיינען טהעטיג געווען טאָג און נאַכט. ערשט מיט 15 מאָנאַטען שפּעט־טער, נאָך דעם באָמבען-אַטענטאַט אין האָטעל טערמינוס און דער אַרעסטירונג פון עמיל האַנרי, האָט האַנרי פרייוויליג ער־קלעהרט, אַז ער האָט אוועקגעלייגט די באָמבע לעבען דער טהיר פון דער קאָמפּאַניע.

* * *

אַם 12טען פעברואַר 1894, זיבען טעג נאָך דער הינריכ-טונג פון אָגיסט וואַיאַן, האָט אַ יונגער מאַן געשליידערט אַ באָמבע אין דעם רעסטאָראַציאָנס-זאַל פון דעם האָטעל טערמינוס. דער אַטענטעטער האָט אויפגעפענט די טהיר פון זאַל, האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, און געשליידערט זיין באָמבע אין מיטען די וויניגע געסט. נאָכדעם האָט ער פערזוכט צו אַנט-לויפען, אָבער זיינע פערפאָלגער זיינען געווען צאָהלרייך, און טראָץ דעם וואָס ער האָט געפייערט זעקס מאָל אויף זיי מיט אַ רעוואָלווער, איז ער צולעצט דאָך אַרעסטירט געוואָרען. צוערשט האָט ער אָנגעגעבען אַ פאַלשען נאָמען, אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז ער האָט עס נאָר געטהאָן, אום צוגעבען זיינע פריינדע די מעגליכקייט אַוועקצושאַפען אַ קליינע קוואָנטיטעט עקספּלאָזיוו-שטאָפען פון זיין וואוינונג, איידער די פאָליציי וועט דאָרטען מאַכען אַ בעזוך, און זיין בערעכנונג איז געווען אַ ריכ-טיגע, דען ווען די פאָליציי איז שפּעטער ווירקליך געקומען, האָט זי געפונען אַ ליידיגען צימער.

די טהאַט אָן און פֿאַר זיך האָט געמאַכט זעהר אַ שלעכ־טען איינדרוק אויף די פּאַריזער בעפֿעלקערונג, דערפֿאַר וואָס איהרע מאָטיווען זיינען געווען אונקלאָהר, זי האָט זיך ניט ער־קלעהרט דורך זיך אַליין, און דערפֿאַר האָט זי אַלעס אַנדערע געמאַכט, אָבער ניט קיין פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר דעם אַנאַרכיזמוס. עס איז וואהר, אַז דאָס האָטעל טערמינוס איז געווען אַ פֿיינער רעסטאָראַנט, אָבער אין פּאַריז, וואו די קלאַסען־אונטערשיידונגען אין דעם עפֿענטליכען לעבען זיינען לאַנג ניט אַזוי שטאַרק ווי אין אַנדערע שטעדט, איז דאָס פֿאַר קיין פֿאַל ניט געווען קיין ערקלעהרונג פֿאַר אַזאַ טהאַט, דערפֿאַר ווייל זי איז אָבהייננגיג געווען פֿון אַ בלינדען צופֿאַל און האָט ניט געהאַט קיין בע־שטימטען ציעל.

אויב אַ טהאַט זאָלווירקען פּראָפּאַגאַנדיסטיש, דאַרף מען קלאָהר דערקענען איהר ציעל. אַ טהאַט מוז געמאָסטען ווערען מיט דעמזעלבען מאַסשטאַב ווי ערגעץ אַן אַנדער פּראָפּאַגאַנדאַ־מיטעל. אַ רעדע קען נאָר דאַן מאַכען אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישען איינדרוק אויף די צוהערער, ווען דאָס פּובליקום איז אימשטאַנד צו פֿערשטעהען דעם אינהאַלט און די לאָגישע פֿערבינדונגען. דאָס זעלבע איז דער פֿאַל מיט אַן אַרטיקעל, אַ בראָשורע, אַ בוך. און דאָסזעלבע איז אויך די ערשטע בעדינגונג פֿון אַ טהאַט, אויב זי זאָל פּראָפּאַגאַנדיסטיש ווירקען.

עס איז וואהר, אַז עמיל האַנרי האָט שפּעטער אין זיין פֿער־טהיידיגונגס־רעדע פֿאַר׳ן געריכט ערקלעהרט, אַז ער האָט געוואָלט טרעפֿען די בורזשואַזיע אין אַלגעמיין, דערפֿאַר וואָס איהרע גע־זעצליכע פֿערטרעטער טהוען דאָסזעלבע מיט די אַנאַרכיסטען. „ניין צעהנטהל פֿון די געגנאָסען", זאָגט עמיל האנרי, „זיינען ניט בעקאַנט געווען מיט וואַיאַן׳ן, און דאָך האָט די פּאָליציי אַרעס־טירט איבער 500 קאַמעראַדען און זיי געמאַכט פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די טהאַט פֿון איין מענשען; פֿאָלגליך האָב איך זיך בענוצט מיט דערזעלבער טאַקטיק".

עס איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז די שרעקליכע פֿערפֿאָל־גונגען, אונטער וועלכע די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג האָט דאַן

געהאַט צו ליידען, גיבען אונז אַ געוויסע ערקלעהרונג פֿאַר האַנרי'ס טהאַט, ד. ה. זיי גיבען אונז די מעגליכקייט צו בע־גרייפֿען זיינע מאָטיווען, אָבער צו בעגרייפֿען אַ טהאַט, מיינט נאָך ניט צו אָנערקענען, אַז דיזע טהאַט איז געווען ניצליך פֿאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ.

אַזעלכע טהאַטען זיינען ניט נאָר ניט ניצליך, נאָר זיי קע־נען אָפֿטמאָל אַרויסרופֿען פּונקט די אַנקייגען געזעצטע רעזולטאַ־טען, וועלכע דער אַטענטעטער האָט געוואָלט אַרויסרופֿען, דורך דעם וואָס זיי לאָזען אַלעס איבער צו דעם בלינדען צופֿאַל. דער בעסטער בעוויז איז די עקספּלאָזיאָן, וועלכע האָט שטאַטגעפֿונדען אַם 4טען אַפּריל אין דעם רעסטאָראַן פּאָיע אין פּאַריז. דאָרטען האָט אַן אונבעקאַנטער אַוועקגעלייגט אַ באָמבע אויף'ן פֿענסטער. די באָמבע האָט עקספּלאָדירט און פֿערוואונדעט מעהרערע מענ־שען. צווישען זיי איז אויך געווען דער בעקאַנטער אַנאַרכיסטי־שער שריפֿטשטעלער און שפּעטערער רעדאַקטאָר פֿון אונזער ברודער־אָרגאַן „לע ליבערטער", לאָראַן טאַיאַד, וועלכער איז דאַמאָלסט געווען איינער פֿון די פֿעהיגסטע און איבערגעבענסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿאַר'ן אַנאַרכיזמוס.

אָבער די טהאַט פֿון עמיל האַנרי איז געווען נאָך זאָנדער־באַרער, דערפֿאַר וואָס ער איז געווען אַ מענש פֿון אַן אויסער־געוועהנליכער אינטעליגענץ. פֿון אַלע פּראָפּאַגאַנדיסטען דער טהאַט, וועלכע האָבען געשפּיעלט אַ ראָלע אין דער פּעריאָדע פֿון ראַ־וואַשאָל ביז קאַזעריאָ, איז האַנרי געווען דער פֿעהיגסטער און אינטעליגענטסטער. זיינע שפּעטערע ערקלעהרונגען פֿאַר'ן געריכט און זיינע אַפֿאָריסטישע בעמערקונגען, וועלכע ער האָט געשריבען אין געפֿענגניס, האָבען אַרויסגערופֿען די בעוואונדערונג פֿון אַלע־מען, אַפּילו פֿון זיינע ביטערסטע געגנער. זיין שניידענדע לאָגיק און די קלאָהרע, שאַרפֿע שפּראַכע זיינען געווען אונאיבערטרעפֿליך, קלאַסישע מייסטערווערקע אין פֿולען זין פֿון וואָרט. דורך זיין גלענצענדע פֿערטהיידיגונג האָט האַנרי שפּעטער ווידער פֿערניכ־טעט דעם שלעכטען איינדרוק, וועלכען זיין טהאַט האָט געמאַכט, אָבער דאָס קען ניט ענדערן דעם פֿאַקט, אַז זיין טהאַט אָן און

פאַר זיך האָט זיכער ניט געמאַכט קיין פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר'ן אַנאַר־כיזמוס.

די טהאַטען פון וואַיאַן, קאַזעריאָ, ברעשי, אַנדזשיאָלילאָ א. ז. וו. האָבען געהאַט אַ בעשטימטעס ציעל, און דערפאַר האָט מען זיי איבעראַל פערשטאַנען און בעגריפען. ביי האַנרי'ס טהאַט איז דאָס ניט געווען דער פאַל, און עס איז ווירקליך געווען אַ ביטערע איראָניע, אַז אַ יונגער טאַלאַנטפאָלער מאַן מיט גלענ־צענדע פעהיגקייטען זאָל אַוועקגעבען זיין לעבען פאַר אַזאַ מין אַקט.

אין דער אַנאַרכיסטישער פּרעסע האָט האַנרי'ס טהאַט ניט געפונען קיין סימפּאַטהיע. די „רעוואָלט" האָט געשריבען איבער דיזע אַפערע ווי פאָלגט:

„אַזוי ווי מיר האָבען שוין געזאָגט אין פאָראַוים, פינדעט יעצט שטאַט אַ גאַנצע סעריע פון עקספּלאָזיאָנען, וועלכע שרעקען איבער די בעפעלקערונג און גיט זיי אַ גאַנץ פאַלשע מיינונג איבער די אייגענטליכע טאַקטיק פון די אַנאַרכיסטען. יעדעס מאָל ווען עס פינדעט שטאַט אַן עקספּלאָזיאָן, וועלכע ריכטעט זיך ניט דירעקט געגען די אויטאָריטעט און די פערטרעטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג, קען מען איהר רוהיג שטעלען אויף די רעכנונג פון אַזעלכע אינדיווידוען, וועלכע זיינען פעראינ־טערעסירט אַרויסצורופען די אַלגעמיינע פעראַכטונג געגען אונזערע אידעען".

און אָקטאַוו מירבאָ, וועלכער האָט אַזוי גלענצענד פערטהיי־דיגט ראַוואַשאָל, האָט געשריבען אַן אַרטיקעל אין „לע זשורנאַל", אין וועלכען ער האָט ערקלעהרט:

„אַ טויט־פיינד פון דער אַנאַרכיע האָט ניט געקענט ערגער האַנדלען ווי עמיל הענרי. זיין טהאַט איז אַזוי אונבעגרייפליך, אַז ראָמאַנטישע מענשען האָבען געגלויבט, אַז די פּאָליציי האָט איהר פעראורזאַכט. עמיל האַנרי רופט זיך אַן אַנאַרכיסט. דאָס איז מעגליך, דען די אַנאַרכיע האָט אַ ברייטען רוקען און איז גע־דולדיג ווי פּאַפּיר... יעדע פּאַרטיי האָט איהרע פערברעכער און משוגע'אים, דערפאַר ווייל יעדע פּאַרטיי האָט איהרע מענשען..."

שאַרל מאַלאַטאָ האָט זיך פאָלקאָמען איינשטימיג ערקלעהרט מיט אָקטאַוו מירבאָ און האָט געזאָגט, אַז ער וועט שטענדיג בעוואונדערן מענער ווי וואַיאַן און פאַליאַס, אָבער ער קען פאַר קיין פאַל ניט אַנערקענען אַזאַ טהאַט ווי די עקספלאָזיאָן אין האָ־טעל טערמינוס.

עליזע רעקלו האָט זיך אויך ענערגיש אויסגעשפּראָכען געגען האַנרי'ס טהאַט, ערקלעהרענדיג:

„אויב מען וויל זיך אָברעכענען מיט אַ בעשטימטען פּערזאָן, געפינט מען איהם אוים און האַנדעלט מיט איהם, אָבער עס איז אונמענשליך צו אַטאַקירען אונשולדיגע, אום אויסצודריקען זיין פּערזענליכע ביטערקייט...

„אַזעלכע אַטענטאַטען ווי דאָס לעצטע, וועלען אַלע עהרליכע גענאָסען בעטראַכטען אַלס אַ פערברעכען. ווען די יעניגע, וועלכע האָבען די אַבזיכט אויסצופיהרען עהנליכע באַרבאַרישע טהאַטען, דיינקען, אַז זיי וועלען דערמיט אונטערשטיצען די אַנאַרכיסטישע אידעען, מאַכען זיי אַ גרויסען טעות. מען וועט די אַנאַרכיסטען צולעצט אַזוי שטאַרק פעראַכטען, אַז מען וועט אַפילו ניט וועלען רעדען וועגען אַנאַרכיזמוס".

צאָהלרייכע גענאָסען זיינען באַלד נאָך דעם אַטענטאַט אַרעסטירט געוואָרען. צווישען זיי זיינען אויך געווען די בעקאַנטע אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען סעבאַסטיאַן פאָר, באַסטאַר, דיפּראַ, קאָנסטאַן מאַטען און אַנדערע. עמיל האַנרי אַליין האָט זיך געהאַלטען זעהר ענערגיש און מוטהיג אין דער צייט פון דער אונטערזוכונג, און זיין האַלטונג האָט געמאַכט, אַז פילע האָבען ערוואַרטעט מיט אונגעדולד דעם פּראָצעס, אום צו הערען זיין פערטהיידיגונג.





## דער פראצעס געגען עמיל האנרי.

אַם 27־טען אַפּריל האָט זיך אָנגעפאַנגען דער פּראָצעס געגען עמיל האַנרי אין פּאַריז. שוין מיט וואָכען בעפאָר האָט מען ערוואַרטעט מיט דער גרעסטער אונגעדולדיגקייט דעם אָנ־פאַנג פון דיזען פראָצעס. די פּרעסע האָט זיך כמעט יעדען טאָג בעשעפטיגט מיט דעם יונגען סטודענט פון דער פּאָליטעכנישער שולע, זיינע לאָגישע ערקלעהרונגען און זיין קאַלטע, רוהיגע שטעלונג. עמיל האַנרי איז ערשט אַלט געווען 22 יאָהר, אָבער דאָך האָט ער שוין דורכגעמאַכט אַן אויסערגעוועהנליכע גייסטיגע ענטוויקלונג. זיינע שאַרפזיניגע און גייסטרייכע בעמערקונגען איי־בער דער מענשליכער ענטוויקלונג און איבער דער שטעלונג פון די פערשיעדענע פּאָליטישע פּאַרטייען, פון וועלכע מיר וועלען נאָך שפּעטער ריידען, האָבען אַרויסגערופען די אויפמערקזאַמקייט אַפילו פון אַזעלכע קרייזען, וועלכע האָבען זיך אין אַלגעמיין זעהר ווייניג פעראינטערעסירט פאַר די סאָציאַלע פּראָבלעמען פון אונזער צייט.

עמיל האַנרי איז אַרויסגעוואַקסען פון אַ זעהר רעוואָלוציאָ־נערער פאַמיליע. זיין פאָטער האָט גענומען אַ טהעטיגען אַנטהייל אין דער פּאַריזער קאָמונע און שפּעטער, ווען די קאָמונע איז בעזיגט געוואָרען, איז ער אַנטלאָפען קיין שפּאַניען. דאָרטען האָט ער געקעמפּפט אין די רייהען פון די קאָמונאַליסטען פון 1873 געגען די שפּאַנישע מאָנאַרכיע און שפּעטער, ווען דער שפּאַני־שער אויפשטאַנד איז אונטערדריקט געוואָרען, איז ער פערוור־טהיילט געוואָרען צום טויט, אָבוואָהל די זיעגרייכע רעאַקציאָנערען זיינען ניט אימשטאַנדע געווען איהם אויסצוגעפינען. נאָך דער אַלגעמיינער אַמנעסטיע פאַר די פּאַריזער קאָמונאַרען, איז דער

אַלטער האַנרי צוריק נאָך פֿראַנקרייך; דאָרטען איז ער געשטאָר־בען אין 1882.

עמיל האַנרי האָט זיך פֿריה בעשעפֿטיגט מיט די סאָציאַ־ליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אידעען, און האָט שוין געשריבען עטליכע אַרטיקלען, ווען ער איז נאָך געווען אַ שילער אין דער פּאָליטעכנישער שולע. האַנרי איז צוערשט געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, אָבער ער האָט באַלד בעגריפֿען די אַבסורדיטעט פֿון דעם זאָגענאַנטען פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמפּף און איז ניט לאַנג פֿערבליבען אין די רייהען פֿון די פֿראַנצויזישע קאָלעקטי־וויסטען.

די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אין יענער פּעריאָדע זעהר שטאַרק ענטוויקעלט אין פֿראַנקרייך, האָט איהם שטאַרק צוגעצויגען און צולעצט איז ער געוואָרען איינער פֿון איהרע איבערגעבענסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען. ער איז געווען איינער פֿון די הערויסגעבער פֿון דער פּאָרטרעפֿליכער אַנאַרכיסטישער צייטונג „ל'אַנדעהאָר“ און איז גוט בעקאַנט געווען אין די רייהען פֿון די פֿראַנצויזישע גענאָסען. זיינע אַנאַרכיסטישע אידעען זיינען געווען די אורזאַכע, וואַרום מען האָט איהם צולעצט אַרויסגעשיקט פֿון דער פּאָליטעכנישער שולע, אָבער ער האָט אַלעס דערטראָגען מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט.

האַנרי איז געווען אַ זעלטענער כאַראַקטער, אַ מענש מיט אַן אויסערגעוועהנליכער ענערגיע, וועלכער האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פֿאַר קיינע קאָנזעקווענצען. מען האָט איהם גערופֿען דעם „סענט זשיסט פֿון דער אַנאַרכיע“, און ער האָט ווירקליך געהאַט אַ גרויסע עהנליכקייט, זאָגאַר אין דעם אויסדרוק פֿון געזיכט, מיט דעם בעריהמטען פֿריינד פֿון ראָבעספיער. די אידעע פֿון דער אַנאַר־כיע האָט פֿערנומען זיין גאַנצע טהעטיגקייט, זיינע אַלע געדאַנקען. ער האָט קיינמאָל ניט גענומען קיין אַנטהייל אין די געוועהנליכע פֿערגניגונגען פֿון דער פּאַריזער יוגענד, זאָנדערן איז שטענדיג געווען אַ קאַלטער, פֿערשלאָסענער כאַראַקטער, וועלכער האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט העכערע פּראָבלעמען ווי די געוועהנליכע בעדירפֿניסע און וווּנשע פֿון דעם אַלטעגליכען לעבען. זיין קאַל־

טער, אונבעזיעגבאַרער האַס געגען דער בורזשואַזיע און איהרע פּאָליטישע פֿערטרעטער האָט בעשטימט אַלע זיינע געדאַנקען און האַנדלונגען, און ער האָט קיינמאָל ניט פֿערזוכט צו בעהאַלטען זיינע אינערליכסטע געפֿיהלען אין דיזער בעציהונג פֿאַר דער עפֿענטליכקייט.

פֿאַר'ן געריכט האָט עמיל האַנרי בעוויזען דיזעלבע קאַלטבלוטיגקייט און ענערגיע, וועלכע זיינען געווען די אייגענטליכע גרונדלאַגען פֿון זיין מערקווירדיגען כאַראַקטער. ער האָט רוהיג גענומען אויף זיך די קאָנזעקווענצען פֿון אַלע זיינע האַנדלונגען און האָט אויסדריקליך ערקלעהרט, אַז זיין אַבזיכט איז געווען צו טויטען אַזוי פֿיעל בורזשואַס ווי נאָר מעגליך. ווען דער פּרעזידענט האָט איהם געמאַכט אויפֿמערקזאַם אויף די אונמענשליכקייט פֿון דיזער טאַקטיק, האָט ער איהם געענטפֿערט, אַז דיזע טאַקטיק איז שטענדיג געווען די טאַקטיק פֿון דער הערשענדער קלאַסע, און דערפֿאַר האָט ער בעשלאָסען איהר צו בעקעמפּפֿען מיט דיזעלבע מיטלען, מיט וועלכע איהרע פּאָליטישע פֿערטרעטער בעקעמפּפֿען די אַנאַרכיסטען. האַנרי האָט ערקלעהרט, ווי אַזוי מען האָט פֿערפֿאָלגט די אַנאַרכיסטען נאָך די אַטענטאַטען, ווויסענדיג גאַנץ גוט, אַז די אַטענטעטער זיינען אַליין פֿעראַנטוואָרטליך געווען פֿאַר זייערע טהאַטען. פֿאָלגליך האָט ער אויך פֿערזוכט צו טרעפֿען די בורזשואַזיע אין אַלגעמיין, ניט מאַכענדיג קיין אונטערשיעד אין די אינדיווידואַליטעטען, דערפֿאַר ווייל ער איז איבערצייגט, אַז יעדער בורזשואַ איז שולדיג אין דעם סאָציאַלען פֿערברעכען פֿון אונזער צייט.

ווען דער פּרעזידענט האָט איהם געפֿרעגט, ווער עס האָט איהם געהאָלפֿען אויספֿיהרען זיינע טהאַטען, האָט ער ערקלעהרט, אַז ער אַליין האָט געדיינקט און געהאַנדעלט, און אַז ער האָט ניט קיינע מיטשולדיגע.

האַנרי האָט געוואוסט, אַז זיין קאָפּ איז פֿערשפּיעלט, און ער האָט עס אָפֿען ערקלעהרט, ווען דער פּרעזידענט האָט איהם אויפֿמערקזאַם געמאַכט, אַז זיינע ערקלעהרונגען פֿערניכטען יעדע האָפֿנונג אויף אַ מילדען אורטהייל.

„אייערע הענד זיינען רויט פֿון דעם בלוט פֿון 6 מענשען, וועלכע איהר האָט געטויטעט!" האָט איהם דער פּראָקוראָר צוגערופֿען. האַנרי האָט איהם געענטפֿערט מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט: „מיינע הענד זיינען ניט בלוטיגער ווי דאָס קלייד, וועלכעס איהר טראָגט!"*)

דער גאַנצער פּראָצעס האָט זיך אָבגעשפּיעלט אָהן יוריסטישע שוועריגקייטען, דערפֿאַר וואָס האַנרי האָט קיין זאַך ניט אָבגעלייקענט פֿון זיינע האַנדלונגען. יעדע פֿראַגע, וועלכע האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט אַנדערע פּערזאָנען האָט ער פֿערענטפֿערט מיט די כאַראַקטעריסטישע ווערטער: „זוכט עס אַליין אויסצוגעפֿינען."

די האַלטונג פֿון עמיל האַנרי פֿאַר'ן געריכט האָט אַרויסגערופֿען אַן אונגעהייערע אויפֿרעגונג. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, דאָס אַן אָנגעקלאָגטער זאָל ריידען מיט אַזאַ ביטערקייט צו זיינע ריכטער און אין דערזעלבער צייט זיך צוריקהאַלטען פֿון פּערזענליכע בעליידיגונגען. זיין פֿאַמיליע, ד. ה. הויפּטזעכליך זיין אַלטע מוטער, וועלכע האָט איהם געליעבט מיט דער גאַנצער צערטליכקייט פֿון איהר מוטערליכעס האַרץ, האָט גענומען אַן אַדוואָקאַט מיט דער אַבזיכט צו ראַטעווען דעם קאָפּ פֿון איהר זוהן, דורך די ערקלעהרונג, אַז ער איז גייסטיג ניט נאָרמאַל. אָבער האַנרי האָט אַליין ווידערלייגט דיזען אַרגומענט דורך זיין פֿערטהיידיגונג. דיזע פֿערטהיידיגונג איז איינע פֿון די גלענצענדסטע רעדען, וועלכע זיינען ווען עס איז געהאַלטען געוואָרען פֿאַר אַ געריכט, זי בילדעט דעם מיטעלפּונקט פֿון דעם גאַנצען פּראָצעס און דורך זיינע ווערטער האָט עמיל האַנרי טויזענד מאָל מעהר בייגעטראָגען צו פֿערשפּרייטען זיינע אידעען ווי דורך זיינע טהאַטען.

מיר גיבען דאָ אַ פֿאָלשטענדיגע איבערזעצונג פֿון דיזער מערקווירדיגער רעדע, וועלכע איז אין דערזעלבער צייט אַ קולטור־היסטאָרישעס דאָקומענט פֿאַר אונזער צייט און איהרע ערשיינונגען.

* * *

*) אין פֿראַנקרייך טראָגען די ריכטער רויטע קליידער וועהרענד דער געריכטס־פֿערהאַנדלונג.

מיינע העררן!

איהר זייט בעקאַנט מיט די טהאַטען, פֿאַר וועלכע מען האָט מיך אָנגעקלאָגט — די עקספּלאָזיאָן אין דער רי דע באָנס אַנ־פֿאַן, וועלכע האָט געטויטעט פֿינף מענשען און פֿעראורזאַכט דעם טויט פֿון אַ זועקסטען; די עקספּלאָזיאָן אין קאַפֿע טערמינוס, דורך וועלכע איין פּערזאָן איז געטויטעט און עטליכע אַנדערע מעהר אָדער וויניגער שווער פֿערוואונדעט געוואָרען. אויסערדעם האָב איך נאָך זועקסמאָל געפֿייערט מיט אַ רעוואָלווער אויף די, וועלכע האָבען מיך פֿערפֿאָלגט נאָך מיין לעצטען אַטענטאַט.

די פֿערהאַנדלונגען פֿון מיין פּראָצעס האָבען אייך בעוויזען, אַז איך בין בערייט צו נעהמען אויף זיך די פֿולע פֿעראַנטוואָרט־ליכקייט פֿאַר מיינע טהאַטען. דאָס, וואָס איך האָב אייך יעצט צו זאָגען, איז ניט קיין פֿערטהיידיגונג; דען איך וויל פֿאַר קיין פֿאַל ניט אויסמיידען די ראַכע פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועלכע איך האָב אַטאַקירט. און אויסערדעם אַנערקען איך ניט קיין אַנדער אורטהייל ווי מיין אייגענעם. פֿאָלגליך איז אייער בעשלוס פֿאַר מיר אין גאַנצען גלייכגילטיג. איך וויל ניט מעהר ווי אייך ער־קלעהרען די בעדייטונג פֿון מיינע טהאַטען און די אורזאַכע, וועלכע האָט מיר געמאַכט זיי צו בעגעהן.

איך בין ערשט ניט לאַנג געוואָרען אַן אַנאַרכיסט. עס איז געוועזען אין דעם ערשטען העלפֿט פֿון 1891, וואָס איך האָב זיך אַריינגעוואָרפֿען אין דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. פֿריהער האָב איך געלעבט אין אַזעלכע קרייזען, וועלכע זיינען אין גאַנ־צען דורכדרונגען געוועזען פֿון דער יעצטיגער מאָראַל, ד. ה. איך בין געוואוינט געוועזען צו רעספּעקטירען און זאָגאַר צו ליעבען די פּרינציפּען פֿון פֿאָטערלאַנד, פֿאַמיליע, געזעץ און אייגענטהום.

אָבער די לעהרער און ערציהער פֿון דעם יעצטיגען דור פֿערגעסען זיך אין גאַנצען, אַז דאָס לעבען מיט זיינע קעמפֿפֿע און ענטוישונגען, זיינע איבלען און אונגערעכטיגקייטען, זאָרגט שוין אַליין צו בעפֿרייען די אונוויסענדע פֿון זייער אירטהום און עפֿענט זייערע אויגען פֿאַר די אייגענטליכע ווירקליכקייט פֿון זייער דאַזיין. דאָס זעלבע איז אויך געוועזען דער פֿאַל ביי מיר

מען האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס היינטיגע לעבען גיט די אינטעליגענטע און ענערגישע מענשען די בעסטע מעגליכקייט צו עקזיסטירען, אָבער די פּראַקטישע ערפאַהרונג האָט מיר געצייגט, אַז נאָר די היפּאָקריטען, די טעלערלעקערס, וועלכע בעזיצען ניט קיין עהרע, זיינען אימשטאַנד זיך צו פערזיכערן אַ גוטען פּלאַץ אין דער היינטיגער וועלט. מען האָט מיר געזאָגט, אַז די סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען גרינדען זיך אויף די גלייכהייט און גערעכטיגקייט, נאָר אַלעס וואָס איך האָב געזעהן אַרום מיר, איז געווען ליגען און שורקעריי.

יעדער נייער טאָג האָט אַוועקגענומען פון מיר אַ פאַנטאַזיע, אַ פאָראורטהייל. איבעראַל, וואו איך בין נאָר געקומען, האָב איך דערזעהן דיזעלבע ליידען פון איין זייט און דיזעלבע פריידען פון דער צווייטער זייט. און איך האָב אָנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז די שעהנע ווערטער: עהרע, אויפאָפּפערונג און פליכט, וועלכע מען האָט אונז געלערנט צו רעספּעקטירען, זיינען ניט מעהר ווי אַ מאַסקע, אום צו בעהאַלטען די ערגסטע פערברעכען און שענדליכקייטען. דער פאַבריקאַנט, וועלכער מאַכט אַ פערמעגען פון דעם בלוט און שוויים פון זיינע אַרבייטער, פון וועלכע ער רויבט אַוועק אין דערזעלבער צייט די מעגליכקייט צו בעפרידיגען זייערע נויטווענדיגסטע בעדירפניסע, איהם בעטראַכטעט מען פאַר אַן עהרליכען מאַן. די אַלע פּאָליטישע רויבערס, פון׳ם דעפּוטאַט ביז צום מיניסטער, וועלכע זיינען שטענדיג פאַרטיג זיך צו פערקויפען, זיי בעטראַכטעט מען פאַר מענשען, וועלכע אָפּפערן זיך פאַר דעם עפענטליכען וואָהלזיין. דער אָפיציר, וועלכער לאָזט דערשיסען זיבען־יעהריגע קינדער, אַזוי ווי עס איז געווען דער פאַל אין פורמיע, ווערט איבעראַל רעספּעקטירט, און דער מיניסטער־פּרעזידענט גראַטולירט אַיהם עפענטליך אין פּאַרלאַמענט, פאַר די „העלדישקייט”, וועלכע ער האָט בעוויזען. אָט דיזע אַלע ערשיינונגען פון דעם היינטיגען לעבען האָבען מיך עמפּעהרט און געמאַכט, אַז מיין גייסט זאָל זיך בעשעפטיגען מיט דער קריטיק פון דער היינטיגער זאָגענאַנטער אָרדנונג. דיזע קריטיק איז שוין אַזוי אָפט ווידערהאָלט געוואָרען, אַז עס איז

איבערפליסיג עס נאָך אַמאָל צו טהאָן. עס איז גענוג צו ער־קלעהרען, אַז איך בין געוואָרען אַ פיינד פון דיזער געזעלשאַפט, וועלכע איך האַלט פאַר שלעכט און פערברעכעריש.

פאַר אַ קורצע צייט האָט מיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צוגעצויגען, אָבער איך האָב באַלד בעגריפען, אַז דאָ איז ניט דער פאַסענדער אָרט פאַר מיר. מיין ליעבע צו פרייהייט איז געווען צו שטאַרק, מיין רעספּעקט פאַר דער פערזענליכער איני־ציאַטיווע צו גרויס, איך האָב זיך ניט געקענט צוגעוועהנען צו דער קאַזאַרמען־דיסציפּלין און עס האָט זיך מיר ניט געוואָלט זיין ניט מעהר ווי אַ נאָמען אין דער אַרמעע פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט און דערפאַר האָב איך פערלאָזען די רייהען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען.

און אויסערדעם האָב איך געזעהן, אַז די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע קען איבערהויפּט קיין זאַך ניט ענדערן אין דער היינ־טיגער אָרדנונג, זי האַלט אויף דעם פּרינציפּ פון אויטאָריטעט, און דיזער פּרינציפּ איז ניט מעהר ווי אַן איבערבלייבאַכטס פון דעם אַלטען גלויבען אין אַ העכערע מאַכט. איך בין אַ מאַטע־ריאַליסט און אַטהעאיסט, מיינע וויסענשאַפטליכע שטודיען האָ־בען מיך ביסלעכוויז בעקאַנט געמאַכט מיט דער מאַניפעסטאַציאָן פון די נאַטירליכע קרעפטען. איך האָב פערשטאַנען אַז די היי־פּאָטעזע גאָט עקזיסטירט ניט פאַר דער מאָדערנער וויסענשאַפט, און אַז די רעליגיעזע און אויטאָריטערע מאָראַל גריגדעט זיך אויף אַ ליגען, וועלכער ווערט און מוז פערשווינדען. אָבער וואו האָב איך געקענט געפינען די נייע מאָראַל, וועלכע זאָל האַרמאָנירען מיט די נאַטור־געזעצע, אַ מאָראַל, וועלכע זאָל בענייען די וועלט און ענטוויקלען אַ גליקליכע מענשהייט? איך האָב זיך דאַן בע־קענט מיט עטליכע אַנאַרכיסטישע קאַמעראַדען, וועלכע איך בעטראַכט נאָך היינט פאַר די בעסטע, מיט וועלכע איך האָב זיך בעגעגענט אין מיין לעבען. דער כאַראַקטער פון דיזע מענער האָט מיך זאָפאָרט צוגעצויגען. איך האָב בעוואונדערט זייער אויפריכטיגקייט, זייער אַבסאָלוטע אָפענהערציגקייט און זייער טיעפע פעראַכטונג פון אַלע פאָראורטהיילע, און דערפאַר בין

איך פֿעראינטערעסירט געוואָרען זיך צו בעקענען מיט דער אידעע, וועלכע איז געווען די אורזאַכע פֿון דעם גרויסען אונטערשיעד צווישען דיזע מענשען און אַנדערע. דיזע אידעע האָט ביי מיר געפֿונען אַ גוטע פֿאָרבערייטונג איהר צו פֿערשטעהן. אייגענטליך איז זי מעהר ניט געווען ווי דער קלאָהרער און בעשטימטער אויסדרוק פֿון דאָס וואָס איך האָב שוין פֿריהער געפֿיהלט, נאָר אין דונקעלע, אונבעשטימטע פֿאָרמען.

אָט אַזוי בין איך געוואָרען אַן אַנאַרכיסט.

עס איז ניט מיין אַבזיכט צו ענטוויקלען דאָ די טהעאָריען פֿון'ם אַנאַרכיזמוס, אַלעס וואָס איך וויל, איז צו ערקלעהרען די רעוואָלוציאָנערע זייטע פֿון דיזער אידעע, וועלכע האָט מיך גע־פֿיהרט פֿאַר'ן געריכט.

אין דיזער צייט, ווען עס געהט אָן אַן אונערבאַרמעדיגער קאַמפּף געגען דער בורזשואַזיע און איהרע פּאָליטישע פֿערטרע־טער, ווילט זיך מיר ווידערהאָלען די ווערטער פֿון דעם העלד אין זאָלאַ'ס ראָמאַן „זשערמינאַל”: „אַלע רעדען איבער די צו־קונפֿט פֿון דער געזעלשאַפֿט זיינען אַ פֿערברעכען, דערפֿאַר וואָס זיי פֿערהינדערן די צושטעהרונג פֿון דער היינטיגער וועלט און די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון דער רעוואָלוציאָן!”

ווי באַלד אַן אידעע איז רייף און האָט געפֿונען אַ קלאָהרען און בעשטימטען אויסדרוק, דאַרף מען אָנווענדען אַלע מיטלען, כדי איהר ווי אַם גיכסטען צו פֿערווירקליכען.

איך האָב מיר איבערצייגט, אַז די יעצטיגע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן איז שלעכט און אונגערעכט, און דערפֿאַר האָב איך אָנגעווענדעט מיינע אַלע קרעפֿטען, איהר צו בעקעמפֿפֿען, אום מיטצוהעלפֿען אין איהר אונטערגאַנג. דיזער קאַמפּף האָט ביי מיר ענטוויקעלט אַ ביטערן, טויטליכען האַס געגען דער בורזשואַזיע, וועלכער איז יעדען טאָג פֿערשטאַרקט געוואָרען דורך די שענדליכע טראַגעדיע פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט, אַ געזעלשאַפֿט, וועלכע אונטערדריקט מיט ברוטאַלער גרויזאַמקייט אַלע מענשליכע נייגונגען, אַלע גוטע און עדעלע געפֿיהלען אין

אונזערע הערצער און פֿערהינדערט די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון דעם געדאַנק.

דערפֿאַר האָב איך איהר געוואָלט טרעפֿען אַזוי גוט און שטאַרק, ווי איך האָב נאָר געקענט. דאָס איז געווען די אורזאַכע פֿון מיינע טהאַטען. און יעצט וועל איך פֿערזוכען צו געבען אַן ערקלעהרונג פֿון מיין ערשטער טהאַט — די עקספּלאָזיאָן אין דער רי דע באָנס אַנפֿאַן.

* * *

איך האָב זיך צוגעקוקט מיט אויפֿמערקזאַמקייט צו די עראייגניסע אין קאַרמאָ. די ערשטע נאַכריכטען האָבען מיר פֿערשאַפֿט פֿיעל פֿערגניגען, דען עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז די קוילען־גרעבער האָבען ענדליך אָנגעהויבען צו בעגרייפֿען, אַז די רוהיגע און פֿרידליכע סטרייקס, וואו די אַרבייטער וואַר־טען מיט גערולד, אויב זייערע פֿאָר פֿראַנק וועלען זיין אימשטאַנד צו בעזיגען די מיליאָנען פֿון זייערע אויסבייטער, זיינען אָהן אַ נוצען. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז די קוילען־גרעבער וועלען זיך ענדליך שוין בענוצען מיט רעוואָלוציאָנערע מיטלען אין זייערע סטרייקס, און מיין ערוואַרטונג איז אויך בעשטעטיגט געוואָרען דורך דעם 15־טען אויגוסט 1892. אַ גרויסע מאַסע, וועלכע איז שוין מיד געווען זיך שטענדיג צו לאָזען אונטערדרי־קען, אָהן אַ שום פּראָטעסט געגען זייערע ליידען, האָט אַטאַ־קירט די ביוראָס און די הייזער פֿון די קוילען־באַראָנען. הויפּט־זעכליך די אינזשענירען, וועלכע זיינען אַזוי ביטער פֿערהאַסט ביי די מיינערס, האָבען דאַן מורא געהאַט פֿאַר דעם געריכט פֿון דער מאַסע. אָבער גראַדע אין דיזען ענטשיידענדען מאָמענט זיי־נען געקומען יענע פֿייגע פּאָליטיקער, וועלכע ציטערן פֿאַר יעדער רעוואָלוציאָנערער אַקציאָן, און האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום איינצושטילען די אויפֿרעגונג פֿון דער מאַסע.

וואָס פֿאַר מענשען זיינען דאָס געווען?

עס זיינען געווען דיזעלבע, וועלכע זוכען צו פֿערהינדערן יעדע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען מורא, אַז דאָס פֿאָלק וועט אויפֿהערען זיי צו געהאָרכען, ווען עס וואַרפֿט

זיך ערשט אַריין אין קאַמפּף; עס זיינען געווען די, וועלכע ריידען איין די אַרבייטער, זיי זאָלען געדולדיג דערטראָגען הונגער און נויטה פֿאַר עטליכע מאָנאַטען, כדי זיי זאָלען זיך קענען בענוצען מיט די ליידען פֿון די אונגליקליכע, אום צו מאַכען רעקלאַמע פֿאַר זייערע פּערזענליכע אינטערעסען, צו ווערן פּאָפּולער און צו בעקומען אַ פּלאַץ אַלס דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט, מיט איין וואָרט, עס זיינען געווען די סאָצ. דעמ. פֿיהרער; זיי זיינען עס געווען, וועלכע האָבען געפֿיהרט דעם סטרייק אויף זייער שטייגער. אַ גאַנצע מחנה פֿון דיזע העררן, פּראָפֿעסיאָנעלע רעדנערס מיט גלאַטע צינגלאַך זיינען געקומען צו די מיינערס און האָבען אָנגע-באָטען זייער הילפֿע. זיי האָבען אַראַנזשירט מיטינגען און אָרגאַ-ניזירט די פֿינאַנציעלע אונטערשטיצונג, פֿערפֿאַסט אויפֿרופֿע און מאַניפֿעסטען א. ז. וו. און ליידער האָבען די מיינערס געלייגט זייערע אָנגעלעגענהייטען אין זייערע הענד. דער רעזולטאַט איז בעקאַנט.

דער סטרייק האָט זיך געצויגען וואָכען און וואָכען. די קוי-לענגרעבער, ביי וועלכע דער הונגער איז שוין פֿריהער געווען אַ שטענדיגער גאַסט, האָבען נאָך מעהר געהונגערט ווי געוועהנליך; זיי האָבען אויפֿגעגעסען דעם קליינעם קאַפּיטאַל פֿון זייער סטרייק-פֿאָנד, און נאָך צוויי מאָנאַטען סטרייק זיינען זיי צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבייט, נאָך עלענדער ווי בעפֿאָר, אַלס בעזיעגטע. און דאָך וואָלט זייער קאַמפּף געווען אַזוי איינפֿאַך, ווען זיי וואָלטען באַלד אין אָנפֿאַנג אַטאַקירט די קוילען-באַראָנען אויף זייער שוואַכער זייטע, ד. ה. ביי'ן געלדזאַק. ווען זיי וואָלטען פֿערברענט די קוילען-סקלאַדען, צושטעהרט די הויב-מאַשינען און צובראָכען די פּומפּען, וואָלטען זיי זיכער געוואונען זייער קאַמפּף.

די קאָמפּאַניע וואָלט דאַן זעהר שנעל נאָכגעגעבען. אָבער די גלחים פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיינען ניט איינשטימיג געווען מיט אַזאַ טאַקטיק. דען דערביי האָט מען געדאַרפֿט ריזי-קירען דאָס געפֿענגנים און אפשר גאָר איינע פֿון יענע קוילען, וועלכע האָבען אין פֿורמיע אויפֿגעטהאָן אַזאַ גרויסאַרטיגע אַרבייט אַם 1טען מאַי 1891. קיין פּלעצער אין דער מוניציפּאַל-פֿער-

וואַלטונג אָדער אין פּאַרלאַמענט האָט מען דערמיט ניט געקענט געווינען. מיט איין וואָרט, די זאָגענאַנטע „אָרדנונג", וועלכע איז פֿאַר אַ מאָמענט געשטעהרט געוואָרען, האָט יעצט ווידער גע־הערשט אין קאַרמאָ.

די קאָמפּאַניע איז געווען מעכטיגער ווי בעפֿאָר און האָט פֿאָרטגעזעצט איהר ברוטאַלע אויסבייטונג. די הערען אַקציאָנע־רען האָבען זיך גראַטולירט איינער דעם צווייטען, וואָס דער סטרייק האָט זיך אַזוי גוט געענדיגט; דען די פּראָפֿיטען זיינען ניט געפֿאַלען.

דאַמאָלסט האָב איך בעשלאָסען צו שטערען דיזען קאָנצערט פֿון שעהנע און גליקליכע טענער דורך אַ שטימע, וועלכע די בורזשואַזיע האָט שוין פֿריהער געהערט, נאָר זי האָט זיך איינ־גערעדט, אַז דיזע שטימע איז דערשטיקט געוואָרען דורך דעם טויט פֿון ראַוואַשאָל — נעמליך די שטימע פֿון'ם דינאַמיט. איך האָב געוואָלט צייגען דער בורזשואַזיע, אַז עס גיט מעהר ניט פֿאַר איהר קיין רוהיגע און גליקליכע שטונדען, אַז איהר אונפֿערשעמ־טער טריאומפף וועט געשטערט ווערען, און דאָס גאָלדענע קאַלב וועט אָנהויבען צו ציטערן, ביז עס וועט ענדליך אַראָבגעשליי־דערט ווערען אין שמוץ און בלוט.

אין דערזעלבער צייט האָב איך געוואָלט צייגען די קוילען־גרעבער, אַז עס גיט נאָך מענשען, וועלכע פֿיהלען ווירקליך זייערע ליידען און זיינען בערייט צו נעהמען ראַכע פֿאַר זיי, נעמליך די אַנאַרכיסטען. דיזע מענער זיצען ניט אויף די ווייכע שטוהלען פֿון פּאַרלאַמענט ווי די הערען געהר און קאָמפּאַניע, נאָר זיי געהען אויף דער גיליאָטינע פֿאַר זייערע איבערצייגונגען.

איך האָב זיך אַלזאָ פֿאָרבערייטעט פֿאַר מיין טהאַט. פֿאַר אַ מאָמענט האָב איך זיך דערמאָהנט אין דעם אַרגומענט, וועל־כען מען האָט אָנגעווענדעט געגען ראַוואַשאָל — אַז מיין טהאַט וועט אפשר פֿאָדערן אונשולדיגע אָפּפֿערס.

אָבער איך האָב שנעל געלייזט דיזע פֿראַגע. דאָס הויז, אין וועלכען די ביוראָס פֿון דער קאָמפּאַניע זיינען געווען איז נאָר בעוואוינט געוואָרען פֿון בורזשואַס, פֿאָלגליך זיינען דאָרט ניט

געוועזן קיינע אונשולדיגע אָפּפֿערס; דען די גאַנצע בורזשואַזיע לעבט פֿון דער אויסבייטונג פֿון די אונגליקליכע, פֿאָלגליך דאַרף זי טראָגען די קאָנזעקווענצען פֿון איהר פֿערברעכען. דאָס איז געוועזן די אורזאַכע, וואָרום איך האָב אַוועקגעלייגט מיין באָמבע פֿאַר די טהיר פֿון דער קאָמפּאַניע.

איך בין איבערצייגט געוועזן, דאָס אין פֿאַל מען וועט פֿריי־הער ענטדעקען די באָמבע, וועט מען איהר אַוועקטראָגען אין אַ פּאָליציי־סטאַציאָן, און זי וועט דאָרטען עקספּלאָדירען און טרעפֿען מיינע פֿיינד. דאָס איז מיט קורצע ווערטער די געשיכטע פֿון מיין ערשטען אַטענטאַט.

* * *

לאָמיר יעצט ריידען וועגען דער עקספּלאָזיאָן אין קאַפֿע טערמינוס! איך בין געקומען קיין פּאַריז אין דער צייט פֿון דער וואַיאַן־אַפֿערע, און איך האָב געזעהן די שרעקליכע פֿערפֿאָלגונגען, וועלכע האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען נאָך דעם אַטענטאַט אויף די דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט. איך בין געוועזן אַן עדות פֿון די באַרבאַרישע מאַסרעגלען, וועלכע די רעגירונג האָט אָנגעווענדעט געגען די אַנאַרכיסטען. פֿון אַלע זייטען האָט מען אויסשפּיאָנירט, אַריינגעבראָכען אין די הייזער און אַרעסטירט רעכטס און לינקס. אַ מאַסע מענשען זיינען אַרויסגעריסען געוואָרען פֿון זייערע פֿאַ־מיליען, אָבוואָהל מען האָט ניט געהאַט געגען זיי די קלענסטע בעווייזע, און דאָך האָט מען זיי פֿערשפּאַרט אין די קערקערס און רואינירט זייער עקזיסטענץ. קיינער האָט זיך ניט געזאָרגט וואָס עס וועט זיין מיט זייערע פֿרויען און קינדער. דער אַנאַרכיסט איז איבערהויפּט ניט מעהר געוועזן קיין מענש, מען האָט איהם געיאָגט ווי אַ ווילדעס טהיער, און די גאַנצע בורזשואַזע פּרעסע, דיזע געמיינע שקלאַפֿין פֿון דער הערשענדער געוואַלט, האָט געפֿאָדערט זייער אויסראָטונג. מען האָט אונטערדריקט אַלע אַנאַרכיסטישע צייטונגען און בראָשורען און פֿערבאָטען די פֿער־זאַמלונגען. נאָך ערגערע זאַכען זיינען געטהאָן געוואָרען. אום צו פֿערניכטען אַ געוויסע האָט אַ שפּיאָן געבראַכט אין אָבענד אַ קליין פּאַקעטעל אין זיין צימער, ערקלעהרענדיג, אַז עס ענטהאַלט

אַ שטאָף צו גאַרבען לעדער. אם נעכסטען פריהמאָרגען איז געקומען די פאָליציי, האָט געמאַכט אַן אונטערזוכונג און געפונען דעם פאַקעט. אונזער קאַמעראַד איז פעראורטהיילט געוואָרען צו דריי יאָהר געפענגניס. פרעגט דאָך דעם שופטיגען שפּיאָן, וועל־כער האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט אין די וואוינונג פון אונזער גע־נאָסע מעריזשאַ!

אָבער דיזע אַלע מאַסרעגלען זיינען געווען גוט פאַר אייך, דען זיי האָבען דאָך געטראָפען אַ פיינד, פאַר וועלכען מען האָט געציטערט, און פאַר וועלכען מען האָט זיך געוואָלט צייגען מו־טהיג. רענאַל, דער מיניסטער דער אינערן האָט עפענטליך ער־קלעהרט אויף דער טריבונע פון פארלאַמענט, אַז די מאַסרעגלען פון דער רעגירונג האָבען אַרויסגערופען שרעק און מורא אין אַנאַרכיסטישען לאַגער. אָבער אויך דאָס איז נאָך ניט געווען גענוג. מען האָט פעראורטהיילט אַ מענשען צום טויט, וועלכער האָט קיינעם ניט געטויטעט און מען האָט איהם גיליאָטינירט אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען.

אָבער מיינע העררען בורזשואַס, אייער רעכנונג איז געווען אַ פאַלשע. איהר האָט אַרעסטירט הונדערטער גענאָסען און איינגע־בראָכען אין אונזערע וואוינונגען, אָבער אויסערהאַלב אייערע קערקערס האָבען נאָך אימער עקזיסטירט אַזעלכע מענער, וועלכע איהר האָט ניט געקענט. זיי האָבען רוהיג צוגעזעהן אייער יאַגד אויף די אַנאַרכיסטען און האָבען אָבגעוואַרט דעם גינסטיגען מאָמענט ווען זיי וועלען קענען יאָגען די יעגער.

די ווערטער פון דעם מיניסטער רענאַל זיינען געווען אַ קריעגס־ערקלעהרונג געגען די אַנאַרכיסטען. מיר האָבען איהר אָנגענומען, און די באָמבע אין קאַפע טערמינוס איז געווען דער ענטפער אויף אייער אונטערדריקונג פון אַלע רעכטע, אייערע אַרעסטירונגען, אייערע פרעס־געזעצע, אייערע מאַסען־אויסווייזונגען פון די אויסלענדער און אייערע הינריכטונגען!

* * *

אָבער פאַר וואָס האָט איהר אַטאַקירט פרידליבע געסט, וועלכע האָבען זיך רוהיג צוגעהערט צו די טענער פון דער מוזיק,

און וועלכע זיינען פיליכט גארניט געווען קיין ריכטער, דעפוטא־טען אדער שטאאטס־בעאמטע? אזוי ווערט מען מיך פרעגען?

פארוואס? דער ענטפער איז זעהר איינפאך. די בורזשואזיע אטאקירט די אנארכיסטען אין אלגעמיין, זי מאכט אלעמען פער־אנטוואָרטליך פאר די טהאטען פון איינצעלנע. וואיאן האט גע־שליידערט זיין באמבע אין פארלאמענט, ניין צעהנטעל פון די גענאסען האבען איהם אפילו ניט געקענט, נאר פון דעסטוועגען האט מען פערפאלגט אלעמען. אט דערפאר ווענדען מיר יעצט אן דיזעלבע טאקטיק געגען אייך. מיר אטאקירען אייך אין אלגעמיין און זוכען צו טרעפען ווען מיר קענען. זאלען מיר נאר אטא־קירען די דעפוטאטען, וועלכע מאכען געזעצע געגען אונז, אדער די ריכטער, וועלכע ווענדען זיי אן, אדער די פאליציסטען, וועלכע ארעסטירען אונז? איך דיינק, אז ניט! אלע דיזע מענשען זיינען נאר ווערקצייג, וועלכע האנדלען ניט אין זייער אייגענעם נאמען; זייערע פונקציאנען זיינען די פונקציאנען פון דער בורזשואזיע און איהרע פערטהיידיגער, און דערפאר זיינען זיי ניט מעהר שולדיג פון די אנדערע.

די גוטע בורזשואס, וועלכע שניידען רוהיג זייערע קופאנען און לעבען פון דער ארבייט פון די פראלעטאריער, ניט אריינלייי־גענדיג קיין פינגער אין קאלטע וואסער, זיי אלע מוזען טראגען זייער טהייל פון דער אלגעמיינער פעראנטוואָרטליכקייט, אפילו דאן, ווען זיי זיינען ניט קיינע בעאמטע פון דער רעגירונג. און ניט נאר זיי, אויך אלע די, וועלכע זיינען צופרידען פון דער הייג־טיגער סאציאלער ארדנונג, און וועלכע מאכען זיך צו מיטשולדיגע פון דער רעגירונג, מיט דעם וואס זיי אפלאדירען אלע איהרע פערברעכערישע האנדלונגען. דיזע עקעלהאפטע קריעכער, וועלכע פערדינען 300 ביז 500 פראנק א מאנאט, און וועלכע פערהאסען נאך ערגער דאס פאלק ווי די גרויסע בורזשואס, די גאנצע אי־דיאטישע באנדע, וועלכע שטעלט זיך אימער אויף דער זייט פון דעם שטארקסטען, און וועלכע זיינען די געוועהנליכע געסט אין קאפע טערמינים און אנדערע פארנעהמע לאקאלען, זיי אלע האב

איך געוואָלט טרעפֿען, און דערפֿאַר האָב איך ניט געמאַכט קיין אויסוואַהל פֿון מיינע אָפּפֿער.

די בורזשואַזיע זאָל בעגרייפֿען, אַז די, וועלכע ליידען, זיינען ענדליך מיעד געוואָרען פֿון זייערע שמערצען, זיי שטעלען ענדליך אַרויס די צייהנער, און וואָס ברוטאַלער מען איז געווען געגען זיי, אַלס ברוטאַלער וועלען זיי ענטפֿערן. זיי רעספּעקטירען ניט דאָס לעבען פֿון אַ מענשען, דערפֿאַר וואָס די בורזשואַס האָבען אויך קיין רעספּעקט פֿאַר זייערע לעבענס. איבערהויפּט האָבען די מערדער פֿון דער קאָמונע און פֿון פֿורמיע קיין רעכט ניט אַנ־דערע צו רופֿען מיט דיזען נאָמען. זיי פֿערשוינען אפילו ניט די פֿרויען און קינדער פֿון דער בורזשואַזיע, דערפֿאַר וואָס די בור־זשואַזיע האָט אויך ניט פֿערשוינט זייערע פֿרויען און קינדער. זיינען די קינדער אין די פֿאָרשטעדט, וועלכע שטאַרבען ביסלעכ־ווייז פֿון מאַנגעל אין בלוט, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען ניט גענוג צו עסען, זיינען זיי דען ניט אויך אונשולדיגע אָפּפֿערס? און די פֿרויען מיט די בלאַסע קראַנקע פּנים'ער, וועלכע האָרעווען אין אייערע פֿאַבריקען פֿאַר 40 סו אַ טאָג, און וועלכע זיינען נאָך גליקליך, ווען דאָס עלענד צווינגט זיי ניט צו פּראָסטיטוציאָן, זיינען דען די אַלטע מענער, וועלכע האָבען אָבגעאַרבייט זייער גאַנצעס לעבען, און וועלכע מען וואַרפֿט צולעצט אַרויס אין גאַס, ווען זיי זיינען מעהר ניט אימשטאַנד גענוג צו פּראָדוצירען, זיינען זיי דען ניט אויך אונשולדיגע אָפּפֿער?

מיינע העררן בורזשואַס, האָט דאָך אַם וויינינגסטענס דעם מוטה צו ערקלעהרען, אַז אונזערע אַטאַקען געגען אייך זיינען גערעכט!

* * *

געוויס, איך וויים גאַנץ גוט, אַז די אונגעוויסענדע מאַסע פֿער־שטעהט נאָך ניט מיינע האַנדלונגען. און זאָגאַר צווישען די אַר־בייטער, פֿאַר וועלכע איך האָב געקעמפֿפֿט, גיט עס נאָך פֿיעלע, וועלכע לאָזען זיך פֿערבלענדען די אויגען פֿון אייערע צייטונגען און האַלטען מיך פֿאַר זייער פֿיינד. אָבער דאָס אַלעס קימערט מיך ווייניג, איך קימער זיך איבערהויפּט ניט וועגען דעם אור־

טהייל פֿון אַ מענשען. איך ווייס, אַז עס גיט זאָגאָר זאָגענאַנטע אַנאַרכיסטען, וועלכע פֿערדאַמען די פּראָפּאַגאַנדאַ פֿון דער טהאַט. זיי האָבען ערפֿונדען אַ סאָפֿיסטישען אונטערשיעד צווישען די טהעאָרעטיקער און די טעראָריסטען. ניט האָבענדיג דעם מוטה אַליין צו ריזיקירען זייערע לעבענס, לייקענען זיי אָב יעדע בעציהונג צו די, וועלכע האַנדלען, אָבער זיי האָבען ניט קיין איינפֿלוס אויף דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. היינט איז עס די טהאַט, וועלכע פֿאָדערט איהרע רעכטע. שוין אַלעקסאַנדער הערצען, דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציאָנער האָט געזאָגט: „עס גיט נאָר צוויי וועגען — אָדער ראַבע נעהמען און מאַרשירען פֿאָרווערטס, אָדער פֿערצייהען און פֿאַלען אויף'ן האַלבען וועג". מיר ווילען ניט פֿערצייהען און ניט פֿאַלען, און דערפֿאַר מאַרשירען מיר ווייטער און ווייטער, ביז עס וועט אויסברעכען די רעוואָלוציאָן, דער ציעל פֿון אַלע אונזערע שטרעבונגען און וועט בעלוינען אונזער אַרבייט דורך די בעפֿרייאונג פֿון דער גאַנצער וועלט.

מיר פֿאָדערן ניט קיין מיטלייד אין דיזען בּאַרבּאַרישען קאַמפּף, וועלכען מיר האָבען ערקלעהרט געגען די בורזשואַזיע. מיר פֿערשפּרייטען דעם טויט, און מיר ווייסען אַליין ווי צו שטאַרבען. דערפֿאַר איז מיר אייער אורטהייל פֿאָלקאָמען גלייכגילטיג. איך ווייס אויך אַז מיין קאָפּ וועט ניט זיין דער לעצטער, עס ווילען נאָך אַנדערע פֿאַלען; אָבער די הונגער־ליידער ווילען אויסגעפֿינען דעם וועג צו אייערע פֿיינע רעסטאָראַנטען און קאַפֿעעס. נאָך מאַנכער נאָמען וועט אַרויפֿגעשטעלט ווערען אויף דער בלוטיגער ליסטע פֿון אונזערע טויטע.

איהר האָט געהאַנגען אין טשיקאַגאָ, געקעפּט אין דייטשלאַנד, גאַראָטירט אין כערעס, דערשאָסען אין באַרצעלאָנאַ, גיליאָטינירט אין מאָנבריסאָן און פּאַריז, אָבער די אַנאַרכיע וועט איהר קיינמאָל ניט פֿערניכטען. איהרע וואָרצלען זיינען צו טיעף. זי איז געבוירען געוואָרען אין אַן אָבשטאַרבענדער געזעלשאַפֿט און פֿערקערפּערט אין זיך די געוואַלטזאַמע רעוואָלטען געגען די בעשטעהענדע אָרדנונג. זי רעפּרעזענטירט אין זיך אַלע שטרעבונגען פֿון פֿרייהייט און גלייכהייט, וועלכע ווילען פֿערניכטען דעם סיסטעם פֿון אווי־

טאָריטעט. זי איז איבעראַל און דערפאַר קענט איהר זי קיינמאָל ניט אויסראָטען, זי וועט אייך בעזיעגען.

מיינע הערען געשוואָרענע, דאָס איז אַלעס, וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגען. איהר וועט יעצט אויסהערען מיין אַדוואָקאַט, דען דאָס געזעץ פאָדערט, אַז יעדער אָנגעקלאָגטער דאַרף האָבען אַ פערטהיידיגער. מיין פאַמיליע האָט אויסגעקליבען הערר האָרנבאָרסטעל. אָבער וואָס ער זאָל אייך ניט זאָגען וועגען מיר, קען עס ניט אָבשוואַכען דעם אינהאַלט פון מיין רעדע. מיינע ערקלעהרונגען זיינען דער בעשטימטער און קלאָהרער אויסדרוק פון מיינע געדאַנקען, און איך בין פעראַנטוואָרטליך פאַר יעדעס וואָרט.

* * *

דיזע שניידענדע ווערטער האָבען געמאַכט אַן אונפערגעסליכען איינדרוק. האַנרי'ס אַדוואָקאַט האָט ווירקליך ניט געהאַט פיעל צו זאָגען נאָך דיזער רעדע. דאָס געריכט האָט האַנרי פעראורטהיילט צום טויט. ער האָט בעגריסט זיין אורטהייל מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל אויף די ליפען און מיט דעם רוף: „מוטה, קאַמעראַדען! עס לעבע די אַנאַרכיע!"

מיט דעם האָט זיך געענדיגט דער פּראָצעס, אָבער אַלע האָבען געפיהלט, אַז האַנרי'ס ווערטער זיינען מעהר ניט געוועזען ווי אַן איינלייטונג פאַר נייע אונבעקאַנטע און ערנסטע ערייגניסע.





## עמיל האנרי'ס טויט.

האַנרי האָט קיין אַנדער אורטהייל ניט ערוואַרטעט ווי אַ טויטעס-אורטהייל, און דערפֿאַר איז ער געבליבען קאַלט און רוהיג נאָך דעם ווי דאָס געריכט האָט בעקאַנט געמאַכט זיין בעשלוס. מען האָט איהם ערקלעהרט, אַז ער קען זיך ווענדען צו דעם פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק און איהם בעטען אום בעגנאַדיגונג, אָבער ער האָט דיזען פֿאָרשלאַג שטאָלץ צוריקגעוויזען, ערקלעהרענדיג, אַז ער איז בערייט צו טראָגען די פֿולע קאָנזעקווענצען פֿון אַלע זיינע האַנדלונגען.

די לעצטע צייטען אין געפֿענגניס פֿון לאַ ראָקעט האָט ער פֿערבראַכט מיט לעזען און שרייבען, און ער איז געווען אַזוי פֿער־אינטערעסירט מיט דיזער אַרבייט, אַז קיינער האָט ניט געקענט דעריקענען, אַז דאָס איז אַ מענש, וועלכער וואַרט יעדען טאָג אויף דעם בעזוך פֿון'ם הײנקער.

פֿיער טעג בעפֿאָר דער הינריכטונג האָט ער געשריבען דעם פֿאָלגענדען בריעף אָן זיין אַלטער מוטער, וועלכער איז פּסיכאָלאָגיש העכסט אינטערעסאַנט, אום צו אורטהיילען דעם אייגענטליכען כאַראַקטער פֿון דיזען מערקווירדיגען מענשען.

* * *

געפֿענגניס פֿון לאַ ראָקעט דעם 1טען מאַי 1894.

מיין טהייערע מוטער!

דיין שמערץ איז זיכער געווען זעהר אַ גרויסער, מיין אָרעמע מוטער, ווען דו האָסט געהערט לעצטען שבת דעם אורטהייל פֿון מיינע ריכטער. אָבער דיזער אורטהייל, וועלכער איז זיכער ניט געווען קיין איבעראַשונג, דאַרף ניט ברעכען דיין מאָראַלישע קראַפֿט, מיין גוטע מוטער, און דיין שטאַרקער ווילען, וועלכער

האָט דיר געהאָלפען אַריבערטראָגען אַזוי פיעל שמערצליכע פאַר־ סירונגען אין דיין לעבען, וועט אויך דיזעס מאָל טריאומפירען.

ווען מען רויבט יעצט אַוועק פון דיר איינעם פון דיינע זיהן, בלייבען דיר נאָך אימער צוויי קינדער, וועלכע וועלען זיכער טהאָן זייער בעסט, צו מילדערן דיינע ליידען. אָרעמע מוטער! איז דאָס די צוקונפט, פון וועלכער דו האָסט געטרוימט, די צוקונפט פון דיין קינד, וועלכע האָט דורכגענומען דיין האַרץ מיט גלענצענדסטע האָפנונגען ?

אָבער די ביטערע ערפאַהרונגען פון דיין לעבען, וועלכעס איז געוועזען אַזוי רייך אין ליידען און שמערצען, איז פאַר דיר געווען אַ גוטע שולע. דו ווייסט בעגרייפען, אַז דער שעהנער חלום, וועלכען דו האָסט געהאַט וועגען דער צוקונפט פון דיין קינד, קען ניט מעהר פערווירקליכט ווערען, פונקט ווי די אַלע אַנדערע פערלאָרענע האָפנונגען, דערפאַר ווייל דאָס היינטיגע לעבען בעד־ שערט אונז נאָר ליידען און שמערצען.

פערליר ניט דעם מוטה, מיין טהייערע! זיי שטאַרק פאַר מיינע צוויי אַנדערע ברידער, וועלכע ליעבען דיך אַזוי פיעל, און זייער ליעבע צו דיר וועט זיין אַ גוטער טרויסט פאַר מיר און מיר פערלייכטערן צו שטאַרבען.

איך בין זיכער, מיין גוטע מוטער, אַז דו ווייסט מיר ניט אורטהיילען פאַלש. מען האָט ערקלעהרט, אַז איך בין אַ מערדער, אָבער דו קענסט מיין האַרץ צו גוט, און דו פערשטעהסט, אַז איך האָב געטויטעט פאַר אַ גרויסע אידעע.

און דאָס וועט זיין פאַר דיר אַ שטאַרקער טרויסט, שפעטער, ווען דער ערשטער, פרישער שמערץ איז אַריבער; און פיהלענדיג דעם רעספעקט און די סימפאַטהיע פון אַלע עדעלע הערצער, ווייסט דו בעגרייפען, אַז זייער אורטהייל איז דאָס איינציגע, וועל־ כעס האָט פאַר דיר אַ ווערטה.

זיי וועלען זעהן אין דיר אַ גרויסען אָפפער פון דער היינ־ טיגער געזעלשאַפט, דיין גאַנצעס לעבען, פול מיט ליעבע און אויפאָפפערונג, מיט ליידען און שמערצען, וועט צווינגען די גאַנצע וועלט זיך צו פערנייגען פאַר דיר, מיין אָרעמע מוטער, מיט

רעספעקט און סימפּאַטהיע. און דאָס וועט דיך טרייסטען פֿאַר דיין קינד, וועלכעס דאָס שיקזאַל האָט אַוועקגערויבט פֿון דיר אין דעם מאָמענט, ווען דיינע האָפֿנונגען זיינע געווען אַם גרעסטען.

מיין גוטע מוטער, איך וועל מעהר ניט ריידען צו דיר, דען איך וויל ניט, אַז מיין ענערגיע זאָל ווערען אָבגעשוואַכט דורך דיזען לעצטען אויסדרוק פֿון מיין ליעבע צו דיר. דאָס, וואָס מיינע ווערטער קענען דיר ניט ערקלעהרען, וועט דיין האַרץ אַלס מוטער פֿערשטעהן, פֿיהלען און בעגרייפֿען. לעזענדיג דיזע צייל‌ען, זועט דיין האַרץ דיר ווערען שווער, פּונקט ווי דאָס מייניגע, נאָר דו וועסט פֿערשטעהן, אַז דיין זוהן ליעבט דיך יעצט נאָך מיט דערזעלבער צערטליכקייט ווי אימער.

איך געה שוין ענדיגען מיין שרייבען, מיין גוטע, טהייערע מוטער; זיי שטאַרק, די פֿריינד, וועלכע האָבען אונז שטענדיג אַזוי ליעב געהאַט, וועלען דיך זיכער ניט פֿערלאָזען. גריס זיי אַלעמען פֿריינדליך פֿון מיר, און דו אליין, וועלכע איך קען ליידער ניט אַרומנעהמען און צודריקען צו מיין האַרץ, זיי הערצליך געקושט פֿון מיר. וויין ניט, מוטער, האָב מוטה! קום באַלד מיך זעהען, דען דיזער לעצטער בעזוך איז נויטווענדיג. איך אַליין וועל טהאָן אַלעס צו פֿערלייכטערן דיין האַרץ.

איך קוש דיך טויזענד מאָל.

דיין עמיל.

און מיין קליינער זשיל? אָרעמעס קינד! זאָל אויך ער זיין שטאַרק; איך וועל איהם שרייבען. קוש מיין גוטע טאַנטע פֿאַר מיר און אַלע פֿריינדע, וועלכע זיינען שטענדיג געווען אַזוי אויפֿריכטיג און איבערגעבען צו מיר.

עמיל.

* * *

אַם 21טען מאַי 1894 האָט עמיל האַנרי געלייגט זיין קאָפּ אונטער דעם מעסער פֿון דער גיליאָטינע. פֿאַר דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג איז דער 21-טער מאַי אַן אונפֿערגעסליכער דאַטום, דען דעמזעלבען טאָג, במעט אין דערזעלבער שטונדע זיינען דערשאָסען געוואָרען אין באַרצעלאָנאַ אונזערע גענאָסען

אַרטשס, בערנאַט, קאָרינאַ, סערסועלאַ, סאַבאַט און סאַגאַס. מען האָט זיי בעפּאָר שרעקליך געמאַטערט, אָבער זיי זיינען געשטאָר־בען ווי העלדען. אויף זייער לעצטען וועג האָבען זיי געזונגען די בעריהמטע „הימנאַ אַנאַרקיסטאַ", דאָס וואונדערבאַרע קאַמפף־ליעד פון די שפּאַנישע אַנאַרכיסטען, און זיי האָבען בעגריסט דעם טויט מיט די שטאָלצע ווערטער: „נידער מיט די מערדער! עס לעבע די אַנאַרכיע!"

מוטהיג און שטאָלץ איז עמיל האַנרי געגאַנגען צו דער גיליאָטינע. איידער ער איז אַרויפגעשטיגען די וויניגע טרעפּ צום עשאַפאָט, האָט ער אויסגעשריען: „מוטה, קאַמעראַדען! עס לעבע די אַנאַרכיע!" ווען די היינקער האָבען איהם געשלעפּט אונטער דעם מעסער, האָט ער נאָך אַמאָל פערזוכט אויסצושרייען „וויוו ל'אַנאַרשיע", אָבער זיין האַלז איז געווען פערטריקענט און די ווערטער זיינען נאָר געהערט געוואָרען פון די, וועלכע זיינען געשטאַנען גאַנץ נאָהענט צו דער גיליאָטינע.

דאָס איז געווען די ענדע פון עמיל האַנרי. וואָס מיר זאָלען ניט דיינקען וועגען די טהאַטען, וועלכע ער האָט בעגאַנגען, איין זאַך איז אָבער זיכער: דיזער יונגלינג, וועלכער האָט פערקער־פערט אין זיך אַזוי פיעל האַס און ליעבע, איז געווען איינער פון די אויסערגעוועהנליכסטע געשטאַלטען אין דיזער בלוטיגער פעריאָדע, אַ וואונדערבאַרע פיגור פאַר אַ ראָמאַניסט. ווי אַ קאָמעט פון אונבעקאַנטע וועלטען איז ער פּלוצלינג ערשינען און פער־שוואונדען, אַרויסרופענדיג שרעק און בעוואונדערונג. ניט זיינע טהאַטען, נאָר זיין כאַראַקטער, זיין אונבעזיעגבאַרער מוטה און זיין געניאַלע פילאָזאָפישע לעבענס־אַנשויאונג, וועלכער האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר קיינע קאָנזעקווענצען, האָבען געמאַכט זיין נאָמען אונשטערבליך.



# עמיל האנרי'ם לעצטע פילאזאפישע בעטראכטונגען.

אין מאי 1894, איינינע טעג בעפאר זיין הינריכטונג, האט עמיל האנרי אנגעשריבען אין דעם געפענגניס פון לא ראקעט איינינע אפאריסמישע לעבענס-בעטראכטונגען, וועלכע זיינען העכסט כאראקטעריסטיש פאר דעם זעעליגען און גייסטיגען צושטאנד פון דיזען אויסערגעוועהנליכען מענשען. זיי צייגען אונז, אז האנרי איז געוועזען א מאן מיט טיעפע פילאזאפישע פעהיג־קייטען און פארשטעלונגען, און זיינע געניאלע בעטראכטונגען וועלען שטענדיג בעהאלטען זייער ווערטה.

***

אמאל איז דער מאנאסטיר געוועזען א שטילער פלאץ פאר די איינזאמע זעעלען, וועלכע זיינען מיעד געווארען פון דער וועלט און איהרע ערשיינונגען; היינט געפינען דיזע איינזאמע רוהע אין האספיטאלען און געפענגניסע.

***

וואס ווילען די אנארכיסטען? די זעלבסטשטענדינקייט פון'ם אינדיווידואום, די פרייע ענטוויקלונג און פערשפרייטונג פון אלע זיינע פעהיגקייטען, וועלכע איז אליין אימשטאנד צו פערזיכערן דאס העכסטע גליק פון'ם מענשען. ווען דער אנארכיסט אנער־קענט דעם קאמוניזם אלס די סאציאלע פארשטעלונג פון א צוקינפטיגער געזעלשאפט, איז עס דערפאר, ווייל ער בעגרייפט, אז נאר אין דעם גליק פון אלעמען, וואס זיינען פריי און זעלבסט־שטענדיג, קען ער געפינען זיין אייגענעם גליק.

***

אין דער היינטיגער געזעלשאפט ווערט א מענש א רעבעל דאדורך וואס ער האט דאס בעוואוסטזיין פון זיינע טהאטען — אזא רעבעל איז געוועזען ראוואשאל — אין זיין געהירן פינדעט שטאט א שווערע גייסטיגע ארבייט, און די שליסע, וועלכע ער ציהט, זיינען פאר איהם א בעפעהל, אן אייזערנע נויטוועגדיג־קייט, וועלכע ער קען נאר אונטערדריקען דורך פייגהייט. ער

אַליין האַלט דעם וואָגשאָל אין זיינע הענד, ער אַליין איז דער ריכטער, וועלכער ענטשיידעט, צו ער האַנדעלט גערעכט אָדער אונגערעכט, ווען ער ענטוויקעלט אין זיך א ווילדען האַס, אָדער זוען ער ווערט אַליין א „ווילדער".

* * *

יעדער איינער פֿון אונז האָט אַ בעזונדערע פֿיזיאָנאָמיע און בעזונדערע פֿעהיגקייטען, וועלכע אונטערשיידען איהם פֿון זיינע קאַמפף-גענאָסען.

דערפֿאַר דאַרפֿען מיר זיך ניט איבערראַשען, זעהענדיג, אַז די אַנזיכטען פֿון די רעוואָלוציאָנערען אין בעצוג אויף דער ריכ-טונג פֿון אונזערע שטרעבונגען זיינען זעהר פֿערשידען.

מען פֿרעגט: וואָס איז די בעסטע טאַקטיק ? זי איז איבער-אַל און ווערט בעשטימט דורך די קוואָנטיטעט פֿון ענערגיע, וועלכע מיר בריינגען מיט זיך.

אָבער מיר אַנערקענען ניט דאָס רעכט פֿון קיינעם, וועלכער זאָגט: אונזער פראָפּאַגאַנדאַ איז די איינציגע ריכטיגע פּראָפּאַ-גאַנדאַ, אַלעס אַנדערע איז שלעכט. אַזאַ בעהויפּטונג איז ניט מעהר ווי אַן איבערבלייבעכטס פֿון דעם אַלטען אויטאָריטעט-גלויבען. די אורזאַכע פֿון דיזען גלויבען מעג זיך זיין אַ ריכטיגע אָדער אַ פֿאַלשע, אָבער פֿרייע מענשען דאַרפֿען איהם קיינמאָל ניט אַנערקענען.

* * *

טהו דאָס, וואָס דו האַלסט אַליין פֿאַר דאָס בעסטע, און טהו עס מיט האַרץ.

* * *

די, וואָס זאָגען אייך, אַז דער האַס איז ניט פֿעהיג אַרויס-צורופֿען ליעבע, מעגט איהר ענטפֿערן, אַז די לעבענדיגע ליעבע איז אָבער אָפֿטמאָל פֿעהיג אַרויסצורופֿען האַס.

* * *

דער האַס, וועלכער איז ניט דער אויסדרוק פֿון נידעריגע קלייניגקייטען, און וועלכער גרינדעט זיך אויף עדעלע געפֿיהלען, איז אַ געזונדע, מעכטיגע און לעבענדיגע ליידענשאַפֿט.

* * *

וואָס מעהר מיר ליעבען אונזער טרוים פון פרייהייט, קראַפט און שעהנקייט, אַלס שטאַרקער מוזען מיר האַסען אַלע ערשייּ־נונגען, וועלכע זייגען אַ הינדערניס פאַר דער צוקונפט.

* * *

אין דער געשיכטע פון׳ם מענשליכען פראָגרעס גיט עס נאר איין פארטיי — די פארטיי פון בעוועגונג.

* * *

די סאָציאַליסטען ווילען ניט בעגרייפען, אַז די פרייהייט פון׳ם אינדיווידואום איז די ערשטע נויטווענדיגקייט פאַר דער פרייהייט פון׳ם פאָלק.

* * *

אין דעם פאָרוואָרט פון זיין ווערק „פון׳ם אַנדערן ברעג״ נעהמט אַלעקסאַנדער הערצען אָן אַן אמת׳ע רעוואָלוציאָנערע און לאָגישע שטעלונג, ווען ער זאָגט:

„מיר בויען ניט, מיר צושטעהרען, מיר פרעדיגען ניט קיין נייעם עוואַנגעליום, נאָר מיר פערניכטען דעם אַלטען ליגען.

* * *

הערצען׳ס בוך איז פול מיט אויפקלעהרונגען און בעלעה־רענדע בעטראַכטונגען. אָבער עס פעהלען אויך ניט די בייסענדע בעמערקונגען. עס איז אַ גוטעס בוך פאַר די איינזאַמקייט אין געפענגניס, און זייענדיג ווייט אַוועק פון דעם ברייטען לעבענס־וועג, קלינגען פאָלגענדע ווערטער ווי אַן עכאָ אין מיינע אויערן:

„די פראַנצויזען קענען זיך ניט בעפרייען פון די אידעען פון דער מאָנאַרכיסטישער אָרגאַניזאַציאָן. זיי האָבען אין זיך אַן אמת׳ע ליידענשאַפט פאַר דער פאָליציי און אויטאָריטעט. יעדער פראַנצויז איז אינערליך אַ מין פאָליציי־קאָמיסאַר; ער ליעבט די סימעטריע און דיסציפלין; יעדער אונאַבהייגיגער און אינדיווי־דועלער שטרעבען פערדריסט איהם. ער פערשטעהט אונטער דער גלייכהייט ניט אַנדערש ווי די פערניכטונג פון אַלע אינדיווידועלע פערשידענהייטען, און ער אונטערוואַרפט זיך פרייוויליג דער וויל־קיר און די קאַפריזען פון דער פאָליציי. טהוט דעם פראַנצויז אָן אַ יוניפאָרמע, און ער וועט זיין אַן אונטערדריקער, ער וועט אונ־

טערדריקען אַלע אַנדערע מענשען, וועלכע טראָגען ניט קיין יוניפאָרמע; ער פאָדערט רעספּעקט פאַר דער אויטאָריטעט".

* * *

עס גיט אַ רעכט, וועלכעס שטעהט העכער פון אַלע אַנ־דערע רעכטע — דאָס רעכט פון ווידערשטאַנד.

* * *

דער פרייער מענש איז דער, וועלכער בעטראַכטעט די פּילאָזאָפען פאַר אַבערגלויביגע און די רעוואָלוציאָנערען פאַר קאָנסערוואַטיווען.

* * *

די ליבעראַלען אין דער פּאָליטיק בעלאַנגען צו דער פער־האַסטער ראַסע פון די פּראָטעסטאַנטען.

* * *

די מאָדערנע געזעלשאַפט איז ווי אַן אַלטע שיף, וועלכע זועט אונטערגעהן אין שטורם, דערפאַר ווייל מען האָט מורא ארויסצוואוואַרפען די שווערע לאַסט, וועלכע האָט זיך צונויפגע־קליבען אין פערלויף פון די יאָהרהונדערטע. עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז עס גיט דערביי איינגע ווערטהפאָלע זאַכען, אָבער זיי זיינען צו שווער...

* * *

אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבען מאָראַליש באַנקראָטירט— אָט דערפאַר קומען מיר.

* * *

דער אַרבייטער, וועלכע שבור'ט זיך אָן כאָטש איינמאָל אין אַ וואָך, טהוט אייגענטליך ניט אַנדערש ווי דער, וועלכער זוכט לופט-שלעסער.

* * *

ווען איך וואָלט אַ פּילאָזאָף געווען, וואָלט איך געשריבען אַ ביכעל איבער די נויטווענדיגקייט צו שכור'ן, אום צו פער־שלעפערן דעם ווילען, וועלכער מאַכט אונז אַן אַזוי פיעל ליידען.

* * *

עס גיט צווי זאַכען: דאָס גליק פון דער אונוויסענהייט אָדער דאָס אונגליק צו וויסען. איך האָב מיר אויסגעקליבען מיין טהייל.

* * *

ווי פיעל מענשען זיינען געגאַנגען דורך'ן לעבען שלאָפענדי־געהייט און האָבען זיך קיינמאָל ניט אויפגעכאַפּט. און ווי פיעל אַנדערע האָבען נאָר בעמערקט, אַז זיי לעבען, הערענדיג דעם טיק־טאַק פון זייער וואַנד־זייגער.

* * *

ביז יעצט האָבען די פעלקער ניט אַנדערש פערשטאַנען די ברידערליכקייט ווי קין און הבל.

* * *

וואָס זאָל מען זאָגען פון אַזעלכע ביליגע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע זיינען אַזוי „פערנינפטיג”, אַז זיי האַלטען אין איין דיינקען אין דער צייט, ווען מען דאַרף האַנדלען? ביי זיי האָט די אידעע פערנומען דעם פּלאַץ פון דער געדולדיגקייט.

* * *

עס גיט אַ בעהויפטונג פון פּרודהאָן, וועלכע מען האָט אין זיין צייט געהאַלטען פאַר אונמאָראַליש און היינט וואָלט מען איהם בעשטראָפט דערפאַר. ער האָט נעמליך געזאָגט: אַז די געזעל־שאַפט עקזיסטירט צוליעב דעם אינדיווידיאום, און ניט דער אינ־דיווידיאום צוליב די געזעלשאַפט.

* * *

דער מענש האָט מאַנכעס מאָל אַ בעדירפניס צו גלויבען אין די מאַכט פון זיין ווילען. אין אַזעלכע מאָמענטען וואַרפט ער זיך אַריין אין קאַמפף.

* * *

ווען איך זאָל אָבגעבען אַן אורטהייל איבער די, וועלכע שפּאָרען מיט זייערע לעבענס, און די, וואָס פערשווענדען זיי, וואָלט איך ערקלעהרט, אַז די, וועלכע פערשווענדען זייער לעבען זיינען בעסערע רעכנער.

* * *

אַ ווילען, וועלכער געהט ביז צום זעלבסט-מאָרד, איז אַלייך אימשטאַנד אַרויסצורופען אַן אויפאָפּפערונג, וועלכע איז פריי פון יעדער האָפנונג.

* * *

איינע פון די ערשטע לעהרען פון דער אַנאַרכיע איז די פאָלגענדע: ענטוויקעל דיינע לעבענס-פעהיגקייטען אין אַלע ריכ-טונגען. בעגריייף, אַז דער אמת'ער רייכטהום פון אינדיווידואַליטעט, אינטעליגענץ און ענערגיע איז מעהר ווערטה ווי דער איינגערעדטער רייכטהום פון די קאַפּיטאַליסטען.

* * *

איך ליעב אַלע מענשען צוליעב דעם וואָס זיי וואָלטען איי-גענטליך בעדאַרפט זיין אין דער ווירקליכקייט, און איך פערהאַס זיי פאַר דאָס וואָס זיי זיינען.

* * *

און אויסערדעם האָב איך, דוכט זיך מיר, אַ רעכט, צו פערלאָזען דעם טהעאַטער, ווען דאָס שטיק איז מיר פערהאַסט, אפילו ווען איך גיב ביין אַוועקגעהן אַ קלאַפּ מיט דער טהיר, שטערענדיג די רוהע פון די, וואָס זיינען צופרידען פון דעם שטיק.





## קאזעריא׳ס אטענטאט אויף דעם פרעזידענט קארנא.

די הינריכטונג פון עמיל האַנרי האָט געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק אויף די פאַריזער בעפעלקערונג. איבערראַשט דערפון איז קיינער ניט געווען, ווי עס איז געווען דער פאַל נאָך דער פעראורטהיילונג פון אָגיסט וואַיאַן. וואַיאַן׳ס פעראורטהיילונג און הינריכטונג האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקען פראָטעסט אין ווייטע קרייזען פון דער פראַנצויזישער בעפעלקערונג, דערפאַר וואָס ער האָט קיינעם ניט געטויטעט און ניט געוואָלט טויטען, ווי ער אַליין האָט ערקלעהרט. עמיל האַנרי האָט געטויטעט און געוואָלט טויטען, און דערפאַר האָט דער טויטעס־אורטהייל קיינעם ניט איבערראַשט. און דאָך האָט די נאַכריכט פון זיין הינריכטונג געמאַכט אַ געפעהרליכען איינדרוק אין אַלע קרייזען פון דער פאַריזער געזעלשאַפט, דען אַלע האָבען געפיהלט די אונזעהבאַרע געפאַהר פון נייע טעראָריסטישע אַקטען. עמיל האַנרי׳ס רעדע האָט די בורזשואַזיע מעהר טעראָריזירט ווי זיינע טהאַטען. זיינע ווערטער האָבען געווירקט ווי אַן אייזקאַלטע האַנד, וועלכע לייגט זיך פלוצלינג אויף די הערצער פון די צוהערער. די קאַלטע און שניידענדע לאָגיק, אויף וועלכע ער האָט געגרינדעט זיין שרעקליכע אָנקלאַגע געגען די פערברעכען פון דער בורזשואַזיע, האָט געמאַכט אַ טיעפערען איינדרוק ווי דער ערגסטער רעוואָלוציאָנערער פאַנאַטיזמוס וואָלט געווען אימשטאַנד עס צו טהון.

די פאָליציי האָט געאַרבייט טאָג און נאַכט. גאַנצע אַרמעען פון שפיאָנען האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דער בעוואַכונג פון די אַנאַרכיסטען. אַלע פערזאַמלונגען זיינען אונטערדריקט געוואָרען,

מען האָט קאָנפֿיסצירט די אַנאַרכיסטישע צייטונגען און בראָשורען, אָבער דאָס אַלעס האָט די הערשענדע קלאַסע ניט געקענט בערוהיגען, זי האָט געפֿיהלט די אונמעכטיגקייט פֿון אַלע דיזע מאַסרעגלען.

נאָך דער הינריכטונג פֿון וואַיאַן איז סאַדי קאַרנאָ, דער פּרעזידענט פֿון דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק אָפֿט געוואָרענט געוואָרען פֿאַר אַן אַטענטאַט אויף זיין פּערזאָן. די פּאָליטישע פּאָליציי האָט איהם בעגלייט אויף שריט און טריט, אום צו פֿערהינדערן יעדע אַטאַקע אויף זיין פּערזאָן. מען האָט זיך שטאַרק גערעכענט מיט דער וואַהרשיינליכקייט פֿון אַן אַטענטאַט, דען קאַרנאָ׳ס שטעלונג אין דער אַפֿערע וואַיאַן איז געווען אַזוי אונמענשליך און גרויזאַם, אַז מאַנכע צייטונגען, ווי צ. ב. ש. די „פּאַרטיע אוּאווריע” האָבען דירעקט פּראָפֿעצייט אַן אַטענטאַט אויף דעם פּרעזידענט. אָבער נאָך האַנרי׳ס טהאַט האָבען מאַנכע געגלויבט, אַז דער טעראָריזמוס פֿון די אַנאַרכיסטען געהט זיך אויסקלייבען אַנדערע אָפּפֿער.

פּלוצלינג, אַם 24טען יוני 1894, פּונקט אַ מאָנאַט נאָך דער הינריכטונג פֿון עמיל האַנרי, איז גאַנץ פֿראַנקרייך, די גאַנצע וועלט איבערראַשט געוואָרען דורך די נאַכריכט, אַז סאַדי קאַרנאָ איז דערשטאָכען געוואָרען אין ליאָן. דיזע נאַכריכט האָט געמאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק אויף די הערשענדע און רעגירענדע קלאַסען אין פֿראַנקרייך, זי האָט געוואָרפֿען אַ מורא אויף די גאַנצע בורזשואַזע געזעלשאַפֿט, און אָבוואָהל יעדער איינער איז פֿון אָנפֿאַנג אָן פֿעסט איבערצייגט געווען, אַז דער אַטענטאַט איז אויסגעפֿיהרט געוואָרען פֿון אַן אַנאַרכיסט, האָט מען דאָך ערשט אַם דריטען טאָג נאָך דעם אַטענטאַט צוגעגעבען אין דער פּרעסע, אַז דער אַטענטעטער איז אַן אַנאַרכיסט. דאָס וואָרט אַנאַרכיזמוס איז געלעגען ווי אַ שווערע לאַסט אויף אַלע הערצער, אָבער מען האָט פּשוט ניט געהאַט דעם מוטה עס אַרויסצורײדען.

אַלעס וואָס די ערשטע טעלעגראַמען האָבען בעריכטעט איז געוועזן דער פֿאַקט, אַז דער פּרעזידענט איז ערמאָרדעט געוואָרען פֿון אַן איטאַליענער. פֿיעלע צייטונגען האָבען זאָגאַר פֿערזוכט צו

ערקלעהרען דיזע טהאַט אַלס די פֿאָלגע פֿון די בלוטיגע פּאַסי־רונגען אין אייג־מאָר. אין דיזע קליינע פֿראַנצויזישע שטעדטעל האָט מיט אַ קורצע צייט בעפֿאָר שטאַטגעפֿונען אַ בלוטיגער קאַמפּף צווישען אונוויסענדע פֿראַנצויזישע און איטאַליענישע אַרבייטער, דורך וועלכען אייניגע איטאַליענער זיינען געטויטעט געוואָרען. און דערפֿאַר האָבען די צייטונגען בעריכטעט, אַז דער אַטענטעטער פֿון ליאָן האָט געוואָלט נעהמען ראַכע פֿאַר זיינע ערמאָרדעטע לאַנדסלייט. אָבער דיזע נאַכריכט איז איבעראַל זעהר סקעפּטיש אויפֿגענומען געוואָרען, און אַם דריטען טאָג נאָך דעם אַטענטאַט האָט זיך ענדליך דורכגעבראָכען די וואַהרהייט: די פּרעסע האָט רעפּאָרטירט אַז דער אַטענטעטער איז אַ יונגער איטאַליענישער אַנאַרכיסט, וועלכער האָט ערקלעהרט פֿאַר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער, אַז ער האָט געוואָלט נעהמען ראַכע פֿאַר די הינריכטונג פֿון אָגיסט וואַיאַן און עמיל האַנרי.

דאָס אַטענטאַט האָט זיך אָבגעשפּיעלט אויף אַזאַ מין שטייגער: אין ליאָן האָט שטאַטגעפֿונען אַ גרויסע אויסשטעלונג און דער פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק איז ספּעציעל געקומען קיין ליאָן איהר צו עפֿענען. די הערשענדע קלאַסע האָט צו דיזען צוועק אַראַנזשירט אַ גאַנצען יום טוב, אַזוי ווי דאָס איז שטענדיג דער פֿאַל ביי עהנליכע געלעגענהייטען. מען האָט אויסגעאַרבייט אַ גאַנצען פּראָגראַם און ווען דער פּרעזידענט איז געפֿאָהרען אין זיין קאַרעטע דורך די רי דע לאַ רעפּיבליק, האָבען איהם ערוואַרטעט טויזענדער צושויער און געשריען הוראַ. אויסער דעם פּרעזידענט זיינען אין דער קאַרעטע נאָך געזעסען דריי אַנדערע פּערזאָנען, דער בירגערמייסטער פֿון ליאָן און צוויי גענעראַלען. די קאַרעטע איז אַרומגערינגעלט געווען מיט קאַוואַלעריסטען און פֿון צאָהלרייכע אַגענטען פֿון דער פּאָליטישער פּאָליציי.

פלוצלינג האָט זיך אַ יונגער מאַן דורכגעבראָכען אַ וועג צו דער קאַרעטע. אין זיין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ שטיק פּאַפּיר, אונטער וועלכען ער האָט בעהאַלטען אַ שאַרפֿען קינזשאַל. שנעל ווי דער בליץ איז ער אַרויפֿגעשפּרונגען אויף דער קאַרעטע און האָט דעם פּרעזידענט זיין מעסער אַריינגעשטעקט אין ברוסט מיט

זיין גאַנצער קראַפֿט, אויסרופֿענדיג דערביי: „עס לעבע די רעוואָ־לוציאָן!" די גאַנצע טהאַט איז אויסגעפֿיהרט געוואָרען אין איינִיגע סעקונדען. מען האָט אפילו ניט בעמערקט, אַז קאַרנאָ איז פֿערוואונדעט געוואָרען, און דער יונגער אַטענטעטער איז אויף גיך אַראָבגעשפּרונגען פֿון דער קאַרעטע, אַריבערגעלאָפֿען די גאַס און וואָלט זיכער פֿון קיינעם ניט צוריקגעהאַלטען געוואָרען, ווען ער וואָלט זיך ניט אַליין אַרויסגעגעבען, אויסשרייענדיג „וויוו ל'אַנאַרשיע!"

ערשט דאַן איז מען געוואָרען אויפֿמערקזאַם, און שנעל ווי דער בליץ האָט זיך פֿערשפּרייט די נאַכריכט, אַז מען האָט געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף דעם פּרעזידענט. דער אַטענטעטער איז נאַטירליך באַלד אַרעסטירט געוואָרען, און די פּאָליציי האָט איהם געמוזט שיצען פֿאַר די אַטאַקען פֿון דעם פּאַטריאָטישען פעבעל, וועלכער בעהערשט אימער די גאַסען ביי אַזעלכע געלע־גענהייטען.

מען האָט דעם פּרעזידענט זאָפֿאָרט טראַנספּאָרטירט אין אַ הויז, די דאָקטוירים האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אָבער זייער קונסט איז געווען אומזיסט. די וואונד איז געווען 16 סאַנ־טימעטער טיעף און מיט דריי שטונדען שפּעטער איז סאַדי קאַרנאָ געשטאָרבען.

די אויפֿרעגונג איז געווען אַ געוואַלטיגע, דען דיזעס מאָל האָט דער טעראָריסטישער אַקט דירעקט געטראָפֿען דעם קאָפּ פֿון דער רעפּובליק און די טהאַט אַלס אַזעלכע איז געווען פֿון דער גרעסטער פּאָליטישער בעדייטונג. די פּאַטריאָטישע פּרעסע האָט נאַטירליך בעאַרבייט די זאָגענאַנטע עפֿענטליכע מיינונג מיט אַלע מיטלען. זי האָט פֿערעפֿענטליכט די ערגסטע ליגענס און פֿערלוימדונגען, ערפֿונדען לעבערליכע בעריכטען פֿון אַנאַרכיסטישע קאָנספּיראַציעס א. ז. וו., און ווען מען האָט אַ קוק געטהאָן אין די קאַפּיטאַליסטישע צייטונגען, האָט מען געקענט גלויבען, אַז גאַנץ פֿראַנקרייך שווימט אין אַ ים פֿון טרערען, און אַלע הערצער זיינען אָנגעפֿילט מיט שמערץ און טרויער, דערפֿאַר וואָס די „רעפּובליק האָט פֿערלאָרען איהר ערשטען בירגער."

אין דער ווירקליכקייט איז די גאַנצע געשיכטע ניט מעהר

געוועזן ווי אַ קאָמעדיע, דען די גרויסע מאַסע פֿון די פֿראַנצויזישע אַרבייטער האָבען איבערהויפּט ניט געהאַט קיין סימפּאַטהיע צו קאַרנאָ און זיינע שטאַאַטס-מענער, וועלכע זיינען אַזוי שרעקליך קאָמפּראָמיטירט געוואָרען דורך די פּאַנאַמאַ-אַפֿערע. און אויסער-דעם האָט די גרויזאַמע הינריכטונג פֿון וואַיאַן פֿערניכטעט דעם לעצטען רעסט פֿון פּאָפּולאַריטעט, וועלכע קאַרנאָ האָט פֿילייכט נאָך געהאַט ביי די מאַסען. ווי גרויס עס איז געוועזן דער נאַציאָנאַלער טרויער, דאָס איז בעוויזען געוואָרען דורך די דוצענדער פּראָצעסען, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען נאָך דעם ליאָנער אַטענטאַט געגען אַזעלכע פּערזאָנען, וועלכע זיינען געוועזן גענוג אונפֿאָרזיכטיג עפֿענטליך אויסצודריקען זייער סימפּאַטהיע מיט דער טהאַט אין ליאָן.

אויך די צאָהלרייכע נעקראָלאָגען און לעבענס-בעשרייבונגען, וועלכע די בעצאָהלטע אַגענטען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע האָבען פֿערעפֿענטליכט איבער סאַדי קאַרנאָ און אין וועלכע מען האָט איהם פֿאָרגעשטעלט אַלס אַן אויסערגעוועהנליכען כאַראַקטער, אַ געניאַלען שטאַאַטס-מאַן א. ז. וו. זיינען מעהר ניט געוועזן ווי אַן עקעלהאַפֿטער היפּאָקריטישער שווינדעל. דיזעלבע צייטונגען, וועלכע האָבען פֿריהער קאַרנאָ אַטאַקירט יעדען טאָג און איהם פֿאָרגעוואָרפֿען די ערגסטע זאַכען, האָבען איהם נאָך זיין טויט פֿאָרגעשטעלט אַלס אַן אמת'ן מלאך, אַ מענש, וועלכער איז געוועזן די פֿערקערפּערונג פֿון פּאָליטישער עהרליכקייט און אויפֿריכטיגקייט א.ז.וו.

אין דער ווירקליכקייט איז קאַרנאָ געוועזן אַ גאַנץ מיטעלמעסיגער כאַראַקטער, אַ געטרייער דיענער פֿון דער הערשענדער קלאַסע, וועלכער האָט זיך שטענדיג אונטערוואָרפֿען צו איהרע בעשליסע. גראַדע די וואַיאַן-אַפֿערע האָט אונז אַם דייטליכסטען בעוויזען, אַז קאַרנאָ איז ניט מעהר געוועזן ווי אַ פּראָסטער אויטאָמאַט פֿון דער בורזשואַזיע. צו ריידען פֿון זיינע פֿעהיגקייטען אַלס דיפּלאָמאַט און שטאַאַטס-מאַן, איז איינפֿאַך לעכערליך, דערפֿאַר וויל ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט אַזעלכע פֿעהיגקייטען. גראַדע זיין אונפֿעהיגקייט איז געוועזן די אורזאַכע, וואַרום מען האָט איהם

געוועהלט אַלס פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק. ווען די פּרעזידענט־שאַפֿטס־וואַהלען האָבען נעמליך שטאַטגעפֿונען, האָט מען אַלגעמיין געגלויבט, אַז דער רעאַקציאָנער פֿערע וועט ווערן פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק. דיזע נאַכריכט האָט אַרויסגערופֿען אַ שרעקליכע אויפֿרעגונג צווישען דער פֿראַנצויזישער אַרבייטער־בעפֿעלקערונג און די בלאַנקיסטען און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען האָבען בעשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַן אויפֿשטאַנד אין פּאַריז, אויב מען וועט אָננעהמען די וואַהל פֿון פֿערע'ן. אין דיזער פּערלעגענהייט האָט דער סענאַט אויסגעקליבען קאַרנאָ אַלס פּרעזידענט, וועלכער איז גאַנץ אונבעקאַנט געווען, און פֿון וועלכען מען האָט נאָר געוואוסט, אַז זיין זיידע האָט געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן.

סאַדי קאַרנאָ איז געווען אַ מיטעלמעסיגער גייסט און אַ מיטעלמעסיגער כאַראַקטער, אַ ריכטיגער טיפּ פֿון אַ בורזשואַזען קרעמער. אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט זיכער קיינעם ניט געקומען אויף'ן געדאַנק צו מאַכען אַן אַטענטאַט אויף איהם, אָבער ער איז געווען דער פּרעזידענט פֿון דער רעפּובליק, דער העכסטער רעפּרעזענטאַנט פֿון דער הערשענדער קלאַסע, און דורך זיין סאָציאַלע שטעלונג האָט ער אַליין גענומען אויף זיך די פֿער־אַנטוואָרטליכקייט פֿאַר אַלע פֿערברעכען פֿון דער בורזשואַזיע, פֿאָלגליך האָט ער געמוזט טראָגען די „קאָנסעקווענצען פֿון זיין האַנדווערק". מען דערצעהלט פֿון דעם איטאַליענישען קעניג הומבערט, וועלכער איז געפֿאַלען דורך די האַנד פֿון דעם אַנאַר־כיסט געטאַנאָ ברעשי, אַז ער האָט אַמאָל געזאָגט צו אייניגע זשורנאַליסטען די כאַראַקטעריסטישע ווערטער, אַז אַן אַטענטאַט בעלאַנגט צום קעניגליכען האַנדווערק. אויך קאַרנאָ האָט געמוזט לערנען דיזע וואַהרהייט, וועלכע האָט איהם אין דערזעלבער צייט געקאָסט דאָס לעבען.

* * *

נאָך דעם ליאָנער אַטענטאַט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ שרעק־ליכע רעאַקציאָן אין גאַנץ פֿראַנקרייך, וועלכע האָט געפֿונען איהר אויסדרוק אין דער וואַהל פֿון קאַזימיר פּעריע אַלס פּרעזידענט

פֿון דער רעפּובליק. אַלע אַנאַרכיסטישע צייטונגען זיינען אונטערדריקט געוואָרען. די בעסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון דעם אַנאַרכיזמוס האָט מען אַרעסטירט. דאָס רעאַקציאָנערע מיניסטעריום דיפּואי האָט אויסגעאַרבייט איינע פֿון די שענדליכסטע אויסנאַהמע־געזעצע געגען די אַנאַרכיסטען. לויט דיזען געזעץ איז יעדע אַנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציאָן בעטראַכטעט געוואָרען אַלס אַן "Association de malfaiteur„ אַ געזעלשאַפֿט פֿון פֿערברעכער. דורך דיזעס געזעץ איז יעדע עפֿענטליכע פּראָפּאַגאַנדאַ געווען אונמעגליך. אין דערזעלבער צייט האָט דאָס געזעץ אויך פֿערבאָטען דער פּרעסע צו פֿערעפֿענטליכען די פֿערטהיידיגונגסרעדען פֿון אָנגעקלאָגטע אַנאַרכיסטען.

נאָר הויפּטזעכליך האָט מען געוואָלט טרעפֿען די וויכטיגסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון'ם אַנאַרכיזמוס. דערפֿאַר האָט מען אַרעסטירט מענער ווי סעבאַסטיאַן פֿאָר, זשאַן גראַוו, קאָנסטאַן מאַטען, מאַטהאַ, כאַסטאַר און פֿיעלע אַנדערע און אָרגאַניזירט דעם בעריהמטען פּראָצעס פֿון די דרייסיג, פֿון וועלכען מיר וועלען נאָך שפּעטער רעדען. עס איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז קאַזימיר פּעריע, דיפּואי און די גאַנצע רעאַקציאָנערע קליק האָבען געהאַט די פֿעסטע אַבזיכט צו שיקען דיזע מענער אויף די „טרוקענע גיליאָטינע" פֿון קאַיען, און ווען דיזער פּלאַן איז ניט אויסגעפֿיהרט געוואָרען, איז עס זיכער ניט געווען זייער שולד.

עס איז געווען אַ שרעקליכע צייט, אָבער די פֿראַנצויזישע אַנאַרכיסטען האָבען זיך ניט אָבגעשראָקען פֿאַר די ווילדע מאַסרעגלען פֿון זייערע פֿיינד, און ווען מען האָט זיי פֿערהינדערט צו אַגיטירען, אין דער עפֿענטליכקייט, האָבען זיי אָנגעפֿיהרט אַ געהיימע פּראָפּאַגאַנדאַ, ביז זיי האָבען ענדליך דורכגעבראָכען די געזעצליכע בעשטימונגען פֿון זייערע געגנער און זיך ווידער עראָבערט זייער פּלאַץ אין דער עפֿענטליכקייט. די רעאַקציאָנערע געזעצע געגען די אַנאַרכיסטען, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון פּעריע און דיפּואי, עקזיסטירען נאָך היינט צו טאָג, אָבער זיי זיינען ניט מעהר ווי אַ טויטער בוכשטאַב. מען האָט שוין עטליכע מאָל פֿערזוכט זיי אָבצושאַפֿען,

אָבער אַלע פֿערזוכע זיינען ביז יעצט דורכגעפֿאַלען, דערפֿאַר וואָס זאָגאַר זאָגענאַנטע סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטען האָבען געשטימט געגען דער אַבשאַפֿונג, צוליעב „טאַקטישע אורזאַכען".

* * *

ווער איז געוועזן דער אַטענטעטער פֿון ליאָן? עס איז געוועזן אַ יונגער איטאַליענישער אַנאַרכיסט מיט'ן נאָמען סאַנטאָ-דזשעראָ-נימאָ קאַזעריאָ. קאַזעריאָ איז געבאָרען געוואָרען אין 1873 אין מאָטאַ-וויסקאָנטי, אַ קליין שטעדטעל אין נאָרד-איטאַליען. זיין פֿאַמיליע איז געוועזן זעהר אַ פֿרומע, און קיינער פֿון זיינע ברידער האָט זיך ווען עס איז בעשעפֿטיגט מיט רעוואָלוציאָנערע אידעען. אַלס קינד איז קאַזעריאָ געוועזן זעהר שעהן; ביי די רעליגיעזע פּראָצעסיאָנען האָט מען איהם אָפֿט פֿערקליידעט אַלס דעם הייליגען יאָהאַנעס, און עס איז געוועזן די העכסטע פֿרייד פֿאַר זיין מוטער, ווען זי האָט געזעהן דעם קליינעם סאַנטאָ אין דער פּראָצעסיאָן, פֿיהרענדיג אַ ווייסע שעפּסעלע לעבען זיך. די אָרעמע מוטער האָט זיך זיכער דאַן ניט פֿאָרגעשטעלט די בלוטיגע ענדע פֿון איהר קינד. אָבער דאָס לעבען איז גרויזאַם און ברוטאַל אין זיינע ערשיינונגען און צושטעהרט אונזערע שעהנסטע חלומות. קאַזעריאָ איז געוואָרען עלטער. מען האָט איהם אַוועקגעגעבען צו אַ בעקער אין מילאַן, אום ער זאָל זיך דאָרטען אויסלערנען די בעקעריי. אין דער גרויסער שטאָדט האָט דאָס לעבען אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער פֿאַר דעם יונגען מאַן. ער האָט געזעהן דאָס עלענד און די ליידען פֿון זיינע ברידער און זיין יונג האַרץ האָט מיטגעפֿיהלט זייערע שמערצען, דען קאַזעריאָ איז שטענדיג געוועזן אַ גוטער קאַמעראַד און אַ מענש, וועמענס גע־פֿיהלען עס זיינען בעריהרט געוואָרען פֿון דער קלענסטער קליי־ניגקייט. אין דער גרויסער שטאָדט האָט ער געזעהן דעם אונ־טערשייד צווישען אַרמוטה און רייכטהום דייטליכער און שאַרפֿער ווי אין דערהיים אין זיין שטעדטעל, וואו די קלאַסען-אונטער-שיידונגען האָבען זיך נאָך ניט אַזוי ברוטאַל מאַניפֿעסטירט. און אַלס אַ יונגער מענש מיט עדעלע און ריינע געפֿיהלען האָט אויך ער זיך געשטעלט די פֿראַגע: וואַרום איז דאָס אַזוי? ווען ער איז

אַלט געווען 18 יאָהר, האָט ער זיך בעקענט מיט די אַנאַרכיס־טישע אידעען, וועלכע ער האָט אויפֿגענומען מיט דעם גאַנצען פֿייער פֿון דער ערשטער בעגייסטערונג. ער האָט גענומען אַן אַקטיווען אַנטהייל אין דער בעוועגונג, און אין אַפּריל 1892 איז ער אַרעסטירט געוואָרען, ווייל ער האָט צוטהיילט אַנאַרכיסטישע פּראָקלאַמאַציעס צווישען די סאָלדאַטען. אין 1893 האָט ער פֿער־לאָזען מילאַן און איז אַוועק נאָך דער שווייץ, ווייל ער האָט ניט געוואָלט ווערען אַ סאָלדאַט. פֿון דער שווייץ איז ער שפּעטער אַוועק נאָך פֿראַנקרייך, וואו ער האָט געאַרבייט אין פֿערשידענע שטעדט.

עס איז דאַן גראַדע געווען די פּעריאָדע פֿון די ערגסטע פֿערפֿאָלגונגען, די צייט פֿון די היגריכטונגען פֿון וואַיאַן און האַנרי. אויף אַ כאַראַקטער ווי קאַזעריאָ האָבען דיזע פּאַסירונגען געמוזט מאַכען אַ שטאַרקען איינדרוק, און ביסלעכווייז האָט זיך ביי איהם ענטוויקעלט דער געדאַנק צו בעגעהן אַ טהאַט; נאָך דער היגריכטונג פֿון עמיל האַנרי איז דיזער געדאַנק ביי איהם געוואָרען אַ בעשלוס, און ווען ער האָט געלעזען אין די צייטונ־גען, אַז קאַרנאָ וועט זיין אין ליאָן, האָט ער בעשלאָסען ביי זיך איהם צו טויטען. ער האָט זיכער קיינעם ניט דערצעהלט, וואָס ער דיינקט צו טהאָן, נאָר ער האָט אַליין געמאַכט זיין פּלאַן און איהם אויסגעפֿיהרט. קאַזעריאָ האָט דאַן געאַרבייט אין שטעדטעל סעט. אַם 23טען יוני האָט ער פֿערלאָזען די שטאָדט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פֿריהער נאָך געקויפֿט אַ קינזשאַל פֿאַר 5 פֿראַנק און איז געפֿאָהרען נאָך מאָנטפּעליע, טאַראַסקאָן און וויען. אין יעדע פֿון דיזע שטעדט האָט ער זיך אויפֿגעהאַלטען אַ קורצע צייט, אום צו בעזוכען אַ פּאָר פֿריינד זיינע. פֿון וויען ביז ליאָן איז ער געגאַנגען צו פֿוס. אויף דעם וועג האָט ער געקויפֿט אַ צייטונג מיט דעם פּראָגראַם פֿון דער פּראָצעסיאָן אין ליאָן. באַלד ווי ער איז אָנגעקומען אין דער שטאָדט, האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבייט. ער איז געגאַנגען מיט דער מאַסע נאָך דעם צענטער פֿון דער שטאָדט און האָט רוהיג געוואַרט, ביז עס איז אָנגעקומען די קאַרעטע פֿון דעם פּרעזידענט און מיט אַן אויסערגעוועהנליכער

ענערגיע האָט ער אויסגעפֿיהרט זיין טהאַט אין מיטען גאַס, אַרומ-
גערינגעלט פֿון זעלנער, פּאָליציסטען און שפּיאָנען.

און דיזע העלדישע ענערגיע האָט איהם קיינמאָל ניט פֿער-
לאָזען. ביז צום לעצטען אויגענבליק איז ער געבליבען שטאַרק
און מוטהיג און איז געשטאָרבען מיט דערזעלבער קאַלטבלוטיג-
קייט, וועלכע ער האָט בעוויזען, אויספֿיהרענדיג זיין טהאַט.





# קאַזעריאָ'ס פּראָצעס.

---

אַם 2טען אויגוסט 1894 האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער פּראָצעס געגען קאַזעריאָ אין ליאָן. די געריכטס-געביידע האָט אויסגעזעהן ווי אַ בעלאַגערטע פֿעסטונג, אַרומגערינגעלט פֿון פּאָליציסטען און זשאַנדאַרמען. אונצעהלבאַרע שפּיאָנען פֿון דער פּאָליטישער פּאָליציי האָבען בעוואַכט אַלע טהירען און די אַרומיגע גאַסען, און די מיטגלידער פֿון דעם געריכט, הויפּטזעכליך דער פּראָקוראָר און דער פּרעזידענט, זיינען שטענדיג בעגלייט געוואָרען פֿון אַ גאַנצע גוואַרדע פֿון געהיימע אַגענטען. דערזעלבער צושטאַנד האָט געהערשט אין געריכטס-זאַל, אָבוואָהל די אודיענץ איז געווען זעהר אַ בעשריינקטע, צוליעב די נייע אויסנאַהמע-געזעצע, וועלכע זיינען צום ערשטען מאָל אָנגעווענדעט געוואָרען אין דעם פּראָצעס געגען קאַזעריאָ.

אום 9 אוהר אין דער פֿריה איז קאַזעריאָ אַריינגעפֿיהרט געוואָרען אין זאַל פֿון צוויי זשאַנדאַרמען און באַלד נאָכדעם האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די פֿערהאַנדלונג. דער געריכטס-פּרעזידענט ברעיאַק האָט ערעפֿענט די זיצונג מיט אַ לאַנגע רעדע, וועלכע האָט געזאָלט אילוסטרירען די אויסערגעוועהנליכע טהאַט. נאָכדעם איז פֿאָרגעלעזען געוואָרען די אָנקלאַגע, וועלכע האָט ענטהאַלטען אַלע איינצעלהייטען פֿון דעם אַטענטאַט אין ליאָן און אין דער־זעלבער צייט אַ קורצען איבערבליק איבער קאַזעריאָ'ס פֿערגאַנגענהייט. נאָכדעם ווי דער עפֿענטליכער אָנקלעגער האָט געענדיגט זיין פֿאָרלעזונג האָט זיך דער פּרעזידענט געווענדעט צו קאַזעריאָ מיט די פֿאָלגענדע ווערטער:

„קאַזוריאַ, איהר זייט געבאָרען געוואָרען אין 1873. אייער פאָטער איז געווען אַ שיפער אין מאָנטאַ־וויסקאָנטי און איז געשטאָרבען אין 1887. אייער פאַמיליע וואוינט נאָך יעצט אין איטאַליען; איינער פון אייערע ברידער איז אַ שיינקער, דער צווייטער אַ בעדינטער און דער דריטער אַ שיפער... איידער איך געה אייך שטעלען פערשיעדענע פראַגען, איז נויטוועגדיג, איהר זאָלט מיר ענטפערן, צי איהר האָט ווען עס איז געליטען פון גייסטיגע קראַנקהייטען. האָט איהר אימער געהאַט אַ פאָלקאָמענע קאָנטראָלע איבער אייערע פעהיגקייטען, און זייט איהר קיינמאָל ניט געווען וואַהנזיניג? דאָס געזעץ פאָדערט נעמליך, אַז אַן אָנגעקלאָגטער זאָל זיין פאָלשטענדיג פעראַנטוואָרטליך פאַר זיינע טהאַטען אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיי בעגאַנגען."

„איך בין פאָלקאָמען נאָרמאַל און אין יעדער בעציהונג פעראַנטוואָרטליך פאַר מיינע האַנדלונגען", האָט קאַזוריאַ געענט־פערט.

„מען זאָגט, אַז אַ פעטער אייערער איז געשטאָרבען אין דול־הויז?"

„איך ווייס ניט דערפון, אַלענפאַלס בין איך אַליין קלאָהר און ווייס, וואָס איך האָב געטהאָן."

„אייער פאָטער איז געווען אַן עפילעפטיקער. ער האָט בעקומען דיזע קראַנקהייט דורך מורא, אין דער צייט, ווען די עסטרייכער האָבען עראָבערט דאָס לאַנד. נאָר גייסטיג קראַנק איז ער ניט געווען."

„מיין פאָטער האָט שטענדיג געאַרבייט אויף'ן וואַסער."

„איהר האָט בעזוכט אַ פאָלקס־שולע, נאָר ווי עס ווייזט אויס זייט איהר ניט געווען קיין גוטער שילער, דען איהר האָט קיינמאָל ניט געוואונען קיין פרייז. דאָס איז, פערשטעהט זיך, קיין פערברעכען."

„אויב איך וואָלט געהאַט אַ בעסערע ערציהונג, וואָלט איך אפשר געווען אַ בעסערער שילער," האָט קאַזוריאַ געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

דער פרעזידענט דאָט דאַן נאָך אַמאָל פאָרגעשטעלט די

שרעקליכע טהאַט און דעם גוטען כאַראַקטער פֿון דעם טויטען פרעזידענט און האָט דאַן ערקלעהרט ווי אַזוי קאַזעריאָ איז געוואָרען אַן אַנאַרכיסט.

„אייער פֿאַמיליע האָט אייך געוואָלט פֿערהינדערן צו ווערן אַן אַנאַרכיסט. איהר האָט זיך דערפֿאַר צוקריגט מיט זיי."

„איך ליעב נאָך היינט מיין מוטער און מיין פֿאַמיליע, אָבער איך האָב מיר ניט געקענט אונטערוואַרפֿען צו זייערע פֿאָראורטהיילען. און אויסערדעם גיט עס נאָך אויסער דער פֿאַמיליע, וועלכע גרינדעט זיך אויף פערזענליכע אינטערעסען, די גרויסע פֿאַמיליע פֿון דער מענשהייט."

דער פרעזידענט ערקלעהרט, אַז קאַזעריאָ, זייענדיג אין מילאַן, האָט שטענדיג פֿערקעהרט מיט אַנאַרכיסטען און גיט אָן מעהרערע נעמען. דאַן װענדעט ער זיך ווידער צו קאַזעריאָ:

„גיט איהר צו, אַז איהר האָט געהאַט בעציהונגען צו דיזע פערזאָנען?"

„ווען איך וואָלט זיי אפילו געקענט, וואָלט איך אייך אויך ניט געזאָגט."

„אָבער די אונטערזוכונג האָט עס דאָך בעוויזען."

„די פאָליציי האָט עס געזאָגט; אָבער איך בין ניט קיין פאָליציסט."

„די פאָליציי דאַרף טהאָן איהר אַרבייט."

„און איך די מיינינגע."

דער פרעזידענט ערקלעהרט דאַן די געשוואָרענע ווי אַזוי קאַזעריאָ איז אין 1892 צום ערשטען מאָל אַרעסטירט און פֿערורטהיילט געוואָרען אין מילאַן וועגען אַנאַרכיסטישער פראָפּאַגאַנדאַ אונטער די סאָלדאַטען. נאָך דעם װענדעט ער זיך ווידער צו דעם אָנגעקלאָגטען מיט די ווערטער:

„איהר האָט פֿערלאָזען איטאַליען אין דעם מאָמענט, ווען איהר האָט געזאָלט דיענען דעם קעניג; נאָך דעם ווי איהר האָט אָבגעלייקענט די פֿאַמיליע, האָט איהר אויך אָבגעלייקענט אייער פֿאָטערלאַנד."

„מיין פֿאָטערלאַנד איז די גאַנצע וועלט."

דער פּרעזידענט האָט דאַן דערצעהלט ווי קאַזעריאָ איז געקומען קיין פראַנקרייך, אין וואָס פאַר פלעצער ער האָט געאַרבייט, און אַז ער האָט זיך איבעראַל בעקענט מיט די אַנאַרכיסטען. אָבער קאַזעריאָ האָט אָבגעלייקענט יעדע בעהויפּטונג, וועלכע האָט זיך בעצויגען אויף בעשטימטע פּערזאָנען.

„ווען איהר זייט געקומען דעם ערשטען מאָל קיין ליאָן, האָבען אייך אייערע גענאָסען גוט אויפגענומען. איהר זייט דאַן געוועזען ביי אַ פרוי מאַריע, וועלכע איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען די „מוטער פון די אַנאַרכיסטען.“ איהר האָט געהאַט פריינדשאַפטליכע בעציהונגען צו אַלע גענאָסען אין ליאָן.“

„עס פערשטעהט זיך, אַז איך האָב ניט געקענט האָבען קיינע בעציהונגען צו דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. איך האָב שטענדיג פערקעהרט צווישען אַרבייטער.“

„פון ליאָן זייט איהר געגאַנגען נאָך וויען. אויך דאָרטען האָט איהר פערקעהרט מיט אַנאַרכיסטען, הויפּטזעכליך מיט דעלאַיע, איינעם פון די הערויסגעבער פון'ם „פער פענאַר“, און מיט אַ געוויסען פאָר, אַ באַרבער?“

„ניין!“

„אָבער איהר זייט דאָך געוועזען ביי איהם און האָט זיך געלאָזט שערען די האָר, איידער איהר זייט געגאַנגען ערמאָרדען דעם פּרעזידענט.“

„איך האָב דאָך ניט געקענט געהן צו אַ בעקער, ער זאָל מיר שערען די האָר. איך בין געגאַנגען צו איהם, דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ באַרבער.“

„פון וויען זייט איהר געגאַנגען קיין סעט, וואו עס געפינט זיך אַן אַנאַרכיסטישער צענטער. איהר זייט דאָרט געווען גאַנץ ווי אין דער היים.“

„יאָ!“

„אפשר האָט איהר זיך דאָרט בעקענט מיט אַ געוויסען לאַקראָאַ?“

„איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל, אַז איך מאַך ניט די אַרבייט פון דער פּאָליציי.“

„אין סעט זייט איהר געווען דער פיהרער פון אַן אַנאַרכיס־טישער גרופע. אַלע האָבען אייך געקענט, און ווען איהר זייט געלעגען פאַר אַ קורצע צייט אין האָספּיטאַל, זיינען אַלע געקומען אייך זעהען."

„דאָס איז ניט ריכטיג!"

„אייערע פריינדע האָבען אייך געבראַכט אין האָספּיטאַל פאָטאָגראַפיעס פון ראַוואַשאָל און פאַליאַס, אויף וועלכע עס זיינען געשטאַנען די ווערטער: „געשטאָרבען פאַר דער אַנאַרכיע!" דער מייסטער, ביי וועלכען איהר האָט געאַרבייט אין סעט דערצעהלט אויך, אַז עס האָט שטאַטגעפונען אַ קליינע עקספּלאָזיאָן אין זיין באַק־אויוועז, ווען איהר האָט דאָרט געאַרבייט."

„דאָס איז געווען פון די גרינגע האָלץ", האָט קאַזעריאָ געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

„אַם 23טען יוני האָט איהר פערלאָזען אייער מייסטער און זייט געגאַנגען צו אייער פריינד סאָרעל. דאָרטען האָט איהר גענומען די אַדרעסע פון לאַבאָריע אין מאָנפעליע. נאָך דעם האָט איהר געקויפט אייער קינזשאַל."

„יאָ, אין אַ באַזאַר אין דער רי דע קאַסערן. איך האָב דער־פאַר בעצאָהלט פינף פראַנק."

דער פרעזידענט צייגט די געשוואָרענע דעם קינזשאַל, וועלכע בעטראַכטען איהם מיט אַ מורא'דיגער אויפמערקזאַמקייט. דאַן ווענדעט ער זיך ווידער צו קאַזעריאָ און פאָדערט איהם אויף צו דערצעהלען די איינצעלהייטען פון זיין רייזע נאָך ליאָן.

קאַזעריאָ האָט געענטפערט ווי פאָלגט: „איך האָב פערלאָזען סעט אַ פערטעל נאָך דריי און בין אַוועק נאָך מאָנטפעליע. דאָרטען האָב איך געזעהן דעם גענאָסע לאַבאָריע. מיר האָבען צוזאַמען געפריהשטיקט און באַלד דערנאָך בין איך אַוועק נאָך טאַראַסקאָן. איך בין געפאָהרען צוזאַמען מיט צוויי זשאַנדאַרמען. פון טאַראַסקאָן נאָך אַוויניאָן בין איך געפאָהרען ערשטע קלאַסע, דערפאַר ווייל עס האָט ניט געגעבען קיין אַנדער קלאַסע. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, און די בורזשואַס האָבען מיר גרויס אָנגעקוקט, דערפאַר וואָס מיינע קליידער זיינען געווען

פֿון אַן אַרבייטער. אין אַוויניאָן האָב איך פֿערבראַכט צוויי שטונדען. אויף דעם וועג צום וואַקזאַאַל האָב איך מיר געקויפֿט פֿאַר צוויי סו ברויט ביי אַ בעקער און בין אַוועק נאָך וויען. דאָרט האָב איך געקויפֿט אַ צייטונג. איך האָב אויסגעשניטען דעם פּראָגראַם פֿון'ם פֿעסט אין ליאָן און מיט דעם רעסט האָב איך איינגעוויקעלט מיין קינזשאַל."

„וועמען האָט איהר געזעהן אין וויען?"

„אַ פֿריינד, וועלכער האָט געהאַט די אַדרעס פֿון מיין ברודער."

„איהר האָט זיך אויך געזעהן מיט אייער גענאָסע פֿאָר און פֿיעלע אַנדערע אַנאַרכיסטען."

„יאָ, איך האָב געזעהן איניגע פֿריינדע. זיי האָבען מיר געוואָלט פֿערשאַפֿען אַרבייט אין וויען, נאָר איך האָב זיי ערקלעהרט, אַז איך געה זוכען אַרבייט אין ליאָן."

קאַזעריאָ דערצעהלט דאַן נאָך די איינצעלהייטען פֿון זיין רייזע פֿון וויען נאָך ליאָן, וועלכע ער האָט געמאַכט צו פֿוס. ביי דיזער געלעגענהייט שלאָגט איהם דער פּרעזידענט איבער די רייד:

„און זעהענדיג דיזע פֿרידליכע מענשען האָט עס אייך ניט געמאַכט אויפֿגעבען אייער פּלאַן?" — „ניין!" האָט קאַזעריאָ רוהיג געענטפֿערט. — „און האָט איהר זיך ניט דערמאָנט, אַז דער 24סטער יוני איז געווען דער יאָהרצייט פֿון דער שלאַכט פֿון סאָלפֿערינאָ, וואו פֿראַנצויזיש און איטאַליעניש בלוט האָט זיך אויסגעמישט?" — „דער קריעג פֿון די רעגירונגען האָט פֿאַר מיר קיין ווערטה ניט." — „האָט דען דער געדאַנק ניט אויף אייך געווירקט, אַז פֿראַנקרייך האָט אייך גאַסטפֿריינדליך אויפֿגענומען, אייך געגעבען אַרבייט און איהר האָט אונז געבראַכט דערפֿאַר ראַבע און טרויער? איז דען די אַנאַרכיסטישע אידעע ביי אייך געווען אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט דערשטיקט אין אייך דיזע אַלע געפֿיהלען?"

„איך האָב נאָר געהאַט איין ציעל — אויסצופֿיהרען מיין אַקט."

קאַזעריאָ בעשרייבט דאַן די איינצעלהייטען פֿון דעם אַטענטאַט.

„איך בין געשטאַנען אין דער צווייטער רייהע פֿון די צושויער. ווען די עקיפּאַזשע פֿון דעם פּרעזידענט איז ענדליך אָנגעקומען, האָב איך צוויי יונגע לייט, וועלכע זיינען געשטאַנען פֿאַר מיר, געשליידערט אָן אַ זייט, און אַרויפֿשפּרינגענדיג אויף דער קאַרעטע האָב איך דעם פּרעזידענט אַריינגעשטעקט מיין קינזשאַל אין דער ברוסט, ביז מיין האַנד האָט בעריהרט זיינע קליידער, שרייענדיג דערביי: „עס לעבע די רעוואָלוציאָן!"

„יאָ, די וואונד איז געווען 16 סאַנטימעטער טיעף. נאָר דערצעהלט ווייטער."

„ער האָט מיר געקוקט גלייך אין די אויגען. איך בין אַראָבגעשפּרונגען און איך וואָלט געקאָנט בעקוועם אַנטלויפֿען, ווען איך וואָלט ניט געשריען: וויוו ל'אַנאַרשיע."

„האָט דען דער בליק פֿון דעם פּרעזידענט גאָר קיין איינדרוק ניט געמאַכט אויף אייך?"

„קיינעם ניט!"

„וואו האָט איהר איהם געוואָלט טרעפֿען?"

„דירעקט אין האַרצען אַריין!"

„נאָר אייער האַנד איז ניט געווען גאַנץ זיכער, האָט איהר געזאָגט אין דער אונטערזוכונג?"

„יאָ, אַביסעל האָב איך פֿערפֿעהלט דעם ציעל."

„אייער געשריי: „וויוו ל'אַנאַרשיע!" האָט אייך פֿערראַטהען".

קאַזעריאָ האָט אַ קניטש געטהאָן מיט די פּלייצעס און געשוויגען. דער פּרעזידענט האָט דאַן איבערגעגעבען די בעריכטע פֿון די דאָקטוירים, וועלכע האָבען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו ראַטעווען דאָס לעבען פֿון קאַרנאָ, נאָר קיין מענשליכע האַנד איז מעהר ניט אימשטאַנדע געווען צו העלפֿען. נאָך דעם האָט זיך פֿאָרטגעזעצט די אייגענטליכע פֿערהאַנדלונג.

„איהר זייט אַן אַנאַרכיסט, אייער מיינונג וועגען דער געזעלשאַפֿט איז אַ דעסטרוקטיווע, איהר זייט אַ פֿיינד פֿון אַלע פֿיהרענדע שטאַאַטס-מענער און האָט געשוואָרען מויט צו דער בורזשואַזיע",

האָט דער פּרעזידענט געזאָגט. „איהר האָט סימפּאַטיזירט מיט עמיל האַנרי, נאָר איהר זייט ניט איינשטימיג געווען, אַז ער האָט געשליידערט זיין באָמבע אין אַ קאַפֿע".

„ס'איז ריכטיג!"

„איהר האָט אַמאָל געזאָגט פֿאַר אַנדערע מענשען: אָרעמער וואַיאַן, מען האָט איהם ערמאָרדעט, אָבוואָהל ער האָט קיינעם ניט געטויטעט. און איהר האָט אָפֿטמאָל ווידערהאָלט: קיין זאַך וועט מיר ניט אָבהאַלטען, ניט פֿאָטער און מוטער, איך וועל זיך אויסקלייבען אַ גרויסען קאָפּ... איינמאָל האָט איהר ערקלעהרט, אַז ווען איהר וועט צוריקקומען קיין איטאַליען, וועט איהר טויטען דעם פּאַפּסט און דעם קעניג".

„ניט ביידע מיט אַמאָל", האָט קאַזעריאָ געענטפֿערט מיט אַן איראָנישען שמייכעל, „דען מען טרעפֿט זיי קיינמאָל ניט אָן צוזאַמען".

„זייט איהר ניט געווען אַן אַגענט פֿון אַן אַנאַרכיסטישע קאָנספּיראַציע, וועלכע האָט אייך געגעבען געלד?"

„ניין, איך האָב אַליין געדיינקט און געהאַנדעלט!"

„אָבער טראָץ דעם גיט עס אַ געוויסע פֿערבינדונג צווישען די אַנאַרכיסטען, אום צו נעהמען ראַכע פֿאַר דעם טויט פֿון ראַוואַשאָל, וואַיאַן און האַנרי. סאַדי קאַרנאָ און זיין פֿאַמיליע האָבען אַליין ערהאַלטען צאָהלרייכע בריעף, אין וועלכע מען האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז מען וועט נעהמען ראַכע. זיינען דיזע בריעף דען ניט געשריבען געוואָרען פֿון אייערע פֿיהרער?"

„מיר האָבען ניט קיינע פֿיהרער און מיר געהאָרכען קיינעם ניט. מיין טהאַט איז געווען דער לאָגישער רעזולטאַט פֿון מיין פּערזענליכער איניציאַטיווע."

„נאָך אַ פֿראַגע האָב איך אייך צו שטעלען. באַלד נאָך דעם טויט פֿון דעם פּרעזידענט האָט מאַדאַם קאַרנאָ ערהאַלטען אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון ראַוואַשאָל'ן מיט די ווערטער: „איהר האָט גוט בעצאָהלט פֿאַר איהם". ווייסט איהר, ווער עס האָט געשיקט דיזע פֿאָטאָגראַפֿיע?"

„איך ווייס פֿון קיין זאַך ניט. אַלעס וואָס איך קען אייך זאָגען איז, אַז איך האָב געהאַנדעלט ריין אינדיווידועל".

„איך בין פֿאַרטיג מיט מיינע פֿראַגען צו אייך", האָט דער פּרעזידענט געזאָגט נאָך אַ פּויזע. „נאָר איין זאַך וואָלט איך אייך נאָך געוואָלט פֿרעגען. איהר אַנערקענט ניט קיינע מענשליכע געזעצע, אָבער איהר לייקענט ניט אָב דאָס העכסטע געזעץ, וועלכעס הייסט: דו זאָלסט ניט טויטען! ווען אַ ריכטער פֿעראורטהיילט אימיצען צום טויט, טהוט ער עס, נאָכדעם ווי ער האָט אונטערזוכט אַלע איינצעלהייטען, דיסקוטירט אַלע פֿראַגען און ווענדעט אָן אַלע נויטווענדיגע פֿאָרמאַליטעטען. און איהר, אַ אינגעל פֿון איין און צוואַנציג יאָהר, מאַכט אייך אין דערזעלבער צייט צום ריכטער, אָנקלעגער און הייגקער."

דיזע ווערטער האָבען קאָזוריאָ שטאַרק אויפֿגערעגט. „און די רעגירונגען?" האָט ער געשריהען, „טויטען זיי דען ניט מיליאָנען מענשען? איך בין יונג, ערשט איין און צוואַנציג יאָהר אַלט, און דערפֿאַר רופֿט איהר מיר אַ אינגעל. אָבער אַזעלכע אינגלאַך זיינען גאַנץ גוט פֿאַר אייך, ווען איהר שפּאַרט זיי אַריין אין אייערע קאַזאַרמען און הייסט זיי טויטען אויף דעם בעפֿעהל פֿון דער רעגירונג, פֿאַרוואָס רופֿט איהר ניט אינגלאַך אַלע יונגע לייט, וועלכע פֿאָרמירען אייערע אַרמעען, מיט וועלכע איהר שטאָלצירט אַזוי פֿיעל?"

„אָבער איהר האָט ניט נאָר געטויטעט דעם פֿיהרער פֿון שטאַאַט, זאָנדערן אויך דעם בעסטען מאַן און פֿאַמיליען־פֿאָטער."

„פֿאַמיליען־פֿאָטער? וויפֿיעל אַזעלכע פֿאָטערס טויטעט איהר יעדען טאָג דורך עלענד און נויטה? און איז דען וואָיאַן אויך ניט געווען אַ פֿאַמיליען־פֿאָטער? האָט ער דען ניט געהאַט אַ פֿרוי און אַ קינד? און האָט עמיל האַנרי ניט געהאַט אַן אַלטע מוטער און אַ ברודער?"

די וויטערע פֿערהאַנדלונג פֿון דעם פּראָצעס איז געווען ווייניג אינטערעסאַנט. פֿערשידענע דאָקטוירים האָבען אָבגעגעבען זייערע ערקלעהרונגען איבער די וואונד פֿון דעם פּרעזידענט און די מיטלען, וועלכע מען האָט אָנגעווענדעט צו ראַטעווען זיין

לעבען. דיביידע העכערע אָפיצירען, וועלכע זיינען געפאָהרען מיט קאַרנאָ אין דערזעלבער קאַרעטע, ווען דער אַטענטאַט האָט שטאַטגעפונען, האָבען ערקלעהרט, אַז די טהאַט איז בעגאַנגען געוואָרען אַזוי גיך און קאַלטבלוטיג, אַז קיינער האָט אפילו ניט גע'חלום'ט אין ערשטען מאָמענט, אַז עס האַנדעלט זיך אום אַן אַטענטאַט. דער שעף פון דער פאָליציי האָט אונטערשטיצט דיזע ערקלעהרונגען, און אַלע האָבען געמוזט צוגעבען, אַז די בעסטע מאַסרעגלען האָבען ניט קיין ווערטה, אַזוי לאַנג ווי אַ מענש איז פאַרטיג ביי זיך צו אָפּפערן זיין לעבען, אום צו פערניכטען דאָס לעבען פון אַ צווייטען.

אייניגע פון די עדות זיינען געווען צושויער ביי דער פראָצעסיאָן און האָבען קאַזעריאָ אַרעסטירט נאָך דעם אַטענטאַט. קאַזעריאָ רופט זיי צו: „אַ גליק פאַר אייך, אַז איך האָב אַוועקגעוואָרפען מיין קינזשאַל נאָך דער טהאַט, אויב ניט וואָלט איך זיכער דערשטאָכען יעדען איינציגען, וועלכער וואָלט זיך דערוועגט צוצוריהרען צו מיר!"

דער לעצטער עדות איז געווען אַ סאָלדאַט, אַ געוויסער לעבלאַן, וועלכער איז דירעקט בעצאָהלט געוואָרען פון דער פאָליציי פאַר זיינע ערקלעהרונגען. שוין דער אויסערליכער אויסזעהן פון דיזען שופט האָט בעוויזען, אַז ער בעלאַנגט צו יענער נידעריגער סאָרט מענשען, וועלכע זיינען פעהיג צו בעגעהן די ערגסטע שענדליכקייטען פאַר אַ פאָר פראַנק. לעבלאַן איז געלעגען צוזאַמען מיט קאַזעריאָ אין האָספּיטאַל אין סעט, וואו זיי האָבען זיך בעקענט איינער מיט דעם אַנדערן. דיזע בעקאַנטשאַפט איז זיכער ניט געווען קיין אינטימע, דען קאַזעריאָ איז אין אַלגעמיין געווען אַ שטילער אַ צוריקגעהאַלטענער כאַראַקטער. טראָץ דעם האָט לעבלאַן דערצעהלט די לעכערליכסטע געשיכטען פון אַ גרויסען אַנאַרכיסטישען קאָמפּלאָט און האָט בעהויפּטעט, אַז קאַזעריאָ האָט איהם אַליין ערקלעהרט, אַז די אַנאַרכיסטען וואַרפען גורל, אום אויסצוקלייבען דעם יעניגען, וועלכער זאָל ערמאָרדען דעם פּרעזידענט.

קאַזעריאָ האָט פּראָטעסטירט מיט דער גרעסטער ענערגיע

געגען דיזע בעהויפּטונג: „איך האָב קיינמאָל ניט גערעדט מיט דיזען מאַן איבער אַזעלכע זאַכען", האָט ער געזאָגט. „מיר אַנאַר־כיסטען זיינען ניט קיין סאָלדאַטען, וועלכע מען קלייבט אויס פֿאַר אַ געוויסען צוועק. יעדער איינציגער פֿון אונז איז פֿאָלקאָ־מען פֿריי און טראָגט אַליין די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר זיינע האַנדלונגען!"

די אַלע געשיכטען, וועלכע לעבלאַן האָט דערצעהלט און דער עקעלהאַפֿטער איינדרוק פֿון זיין פּערזאָן האָבען אפילו ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק אויף די געשוואָרענע, און דער פּראָ־קוראָר האָט אַליין פֿערשטאַנען, אַז ער קען זיך ניט בענוצען מיט זיינע ערקלעהרונגען. יעדער איינער האָט געפֿיהלט, אַז לעבלאַן איז אַן אַגענט פֿון דער פּאָליציי און נאָך דערצו זעהר אַ שלעכטער.

לעבלאַן איז געווען דער לעצטער עדות. נאָך איהם האָט דער פּראָקוראָר גענומען דאָס וואָרט. זיין אויפֿגאַבע איז געווען אַ לייכטע, דען קיינער האָט ניט געצווייפֿעלט, וואָס עס וועט זיין דער רעזולטאַט פֿון דעם פּראָצעס. ווען ער האָט געפֿאָדערט דעם קאָפּ פֿון דעם יונגען אַנאַרכיסט, האָט קאַזעריאָ איראָניש גע־שמייכעלט און געמאַכט אַ גלייכגילטיגע בעוועגונג מיט דער האַנד.

קאַזעריאָ'ס אַדוואָקאַט, אַ געוויסער דיברעו, האָט געשפּילט אַ לעכערליכע ראָלע אין דעם גאַנצען פּראָצעס. זיין פֿערטהיי־דיגונגס־רעדע איז כמעט ניט מעהר געווען ווי אַן ענטשולדיגונג, פֿאַר וואָס ער האָט איבערהויפּט פֿערטהיידיגט אַ מענש ווי קאַ־זעריאָ. עס איז אינטערעסאַנט צו בעמערקען, אַז אין גאַנץ ליאָן האָט זיך ניט געפֿונען קיין איינציגער אַדוואָקאַט, וועלכער האָט פֿרייוויליג געוואָלט אָננעהמען די פֿערטהיידיגונג; אָבער אַזוי ווי דאָס פֿראַנצויזישע געזעץ פֿאָדערט, אַז יעדער אָנגעקלאָגטער מוז האָבען אַ פֿערטהיידיגער, האָט מען אַליין אויסגעקליבען דיברעו'ן.

קאַזעריאָ האָט עטליכע מאָל אונטערבראָכען די רעדע פֿון זיין אַדוואָקאַט און פּראָטעסטירט געגען זיינע בעהויפּטונגען, און

דער פרעזידענט האָט איהם זאָגאַר געסטראַשעט, אַז ער וועט איהם לאָזען אַרויספיהרען, אויב ער וועט זיך ניט האַלטען רוהיג.

ענדליך איז פאַר קאַזעריאָ געקומען דער מאָמענט אָבצוגעבען זיין אייגענע ערקלעהרונג, וועלכע ער האָט פאָרגעלעזען אין איטאַליעניש, און וועלכע איז דאַן איבערזעצט געוואָרען אין פראַנצויזיש. דיזע ערקלעהרונג לויטעט ווי פאָלגט:

* * *

מיינע העררן געשוואָרענע!

ווען איך נעהם יעצט דאָס וואָרט, איז עס ניט אום מיך צו פערטהיידיגען, זאָנדערן אויסשליסליך אום צו געבען אַן ערקלעהרונג פון מיין טהאַט.

נאָך זייענדיג אַ קינד, האָב איך שוין בעגריפען, דאָס אונזער געזעלשאַפט איז שלעכט אָרגאַניזירט און פול מיט אונגערעכטיגקייט. איך האָב געזעהן ווי אונגליקליכע מענשען פערברינגען זייער גאַנצען לעבען אין עלענד און נויט, ווי טויזענדער פון זיי בעגעהען זעלבסטמאָרד פון שמערץ און פערצווייפלונג, איבערלאָזענדיג זייערע פרויען און קינדער אין די שרעקליכסטע אומשטענדען. טויזענדער און טויזענדער אַרבייטער געהען אַרום ליידיג, זוכענדיג אַרבייט און ברויט, אָבער קיינער וויל זיי ניט בעשעפטיגען. אָרעמע פאַמיליען זיינען געצוואונגען צו בעטלען אַ שטיקעל ברויט, ציטערנדיג פון קעלט און ליידענדיג פון די גרויזאַמסטע און אונמענשליכסטע בעדינגונגען פון אַ פערלאָרענעם דאַזיין. הונגעריגע קינדערלאַך שרייען פון ווייטאָג און זייערע אונגליקליכע מוטערס ווייסען ניט פון וואַנען צו נעהמען אַ שטיקעל ברויט, כדי צו בעפרידיגען זייערע נויטווענדיגסטע בעדערפנישע. גאַנצע פאַמיליען ווערען רואינירט און גאַנצע גענעראַציאָנען פון בעטלערס און פערברעכער ענטוויקלען זיך אונטער דעם גרויזאַמען יאָך פון אַן אונגערעכטע סאָציאַלע אָרדנונג.

איך האָב פערלאָזען מיין היימאַטה, וואו איך האָב אָפט געזעהן, ווי קליינע מיידלאַך פון 8 און 10 יאָהר אַלט זיינען געצוואונגען געוועזן צו אַרבייטען 15 שטונדען אַ טאָג פאַר אַ לוין פון 20 סאַנטים (2 פענס). עלטערע מיידלאַך פון 18 און 20 יאָהר

אַרבייטען נאָך לענגערע שטונדען פֿאַר אַ פּרייז צום לעבען צו ווייניג, צום שטאַרבען צו פֿיעל. און אַזעלכע צושטענדע עקזיס-טירען ניט נאָר אין איטאַליען. אין אַלע לענדער אַרבייטען די פּראָלעטאַריער לאַנגע שטונדען און פֿערדינען קוים פֿאַר דאָס טרוקענע שטיקעל ברויט. און אין דערזעלבער צייט שאַפֿען זיי מיליאָנען און מיליאָנען פֿאַר זייערע עקספּלאָאַטאַטאָרס. אין איטאַליען האָבען די מייסטע פֿון זיי ניט מעהר ווי ברויט און וואַסער און אַ ביסעל רייז פֿאַר זייער טעגליכע שפּייז. ווען זיי ווערען אַלט 30 אָדער 40 יאָהר, קענען זיי מעהר ניט ריהרען קיין האַנד און געהען שטאַרבען אין ערגעץ אַ האָספּיטאַל; און אין דערזעלבער צייט לײדען זיי ניט נאָר פֿון דער שווערער אַרבייט און שלעכטער נאַהרונג, נאָר זיי מוזען אויך דורכמאַכען די פֿער-שידענסטע קראַנקהייטען, וועלכע זיינען די אונפֿערמיידליכע פֿאָלגען פֿון זייערע שרעקליכע עקאָנאָמישע לעבענס בעדינגונגען.

דאָס אַלעס האָב איך געזעהן און איך האָב נאָכגעדיינקט ווענען די אורזאַכען פֿון אַזאַ גרויזאַמען צושטאַנד. אַ גרויסע צאָהל מענשען האַלטען אין איין הונגערן און לײדען מיט זייערע קינדער, און טראָץ דעם גיט עס אין די שטעדט גענוג ברויט און גענוג קליידער. איך האָב געזעהן די גרויסע מאַגאַזינען אָנגעפּאַקט מיט וואַרעמע קליידער, שיך און אַלע סאָרטען לעבענס-מיטעל, מיט וועלכע מען וואָלט געקענט בעפֿרידיגען די בעדירפֿנישען פֿון אַלע-מען. און פֿון דער צווייטער זייט האָב איך דערזעהן טויזענדער ליידיגגעהער, וועלכע האָבען קיינמאָל אין זייער לעבען ניט אַריינגעלייגט קיין פֿינגער אין קאַלטע וואַסער; זיי לעבען פֿון דעם בלוט פֿון די אַרבייטער, זיי פֿערפֿיהרען די פֿרויען און טעכטער פֿון פֿאָלק, זיי בעזיצען גרויסע הייזער און פּאַלאַצען מיט 40 און 50 צימער און פֿערד און דינער, מיט איין וואָרט, זיי האָבען אַלעס, וואָס עס מאַכט דאָס לעבען אַנגענעהם און שעהן.

אַך, וויפֿיעל האָב איך ניט געליטען, זעהענדיג דיזע טרויע-ריגע ערשיינונגען פֿון אַ שלעכטען און אונגערעכטען סיסטעם. און אָפֿט האָב איך געזאָגט צו מיר אַליין: „די, וועלכע קלייבען

אָן פֿערמעגענס און רייכטהימער, זיי זיינען די אייגענטליכע פֿער-
אורזאַכער פֿון דער סאָציאַלער אונגלייכהייט."

זייענדיג נאָך אַ קינד, האָט מען מיך געלערנט, אַז יעדער מענש דאַרף ליעבען זיין פֿאָטערלאַנד. אָבער ווען איך האָב געזעהן, ווי טויזענדער און טויזענדער אַרבייטער זיינען געצוואונגען צו פֿערלאָזען זייער היימאַטה, איבערלאָזענדיג זייערע עלטערן און קינדער אין נויט און עלענד, האָב איך פֿערשטאַנען, אַז פֿאַר די אַרבייטער עקזיסטירט ניט קיין פֿאָטערלאַנד. אונזער פֿאָטערלאַנד איז די גאַנצע וועלט. די, וועלכע פּריידיגען שטענדיג די ליעבע צום פֿאָטערלאַנד, דעם פּאַטריאָטיזמוס, טהוען עס דערפֿאַר, ווייל זיי געפֿינען דאָרט די מיטלען צו לעבען, פּונקט ווי די פֿויגעל פֿערטהיידיגען זייערע נעסטער, דערפֿאַר וואָס זיי געפֿינען זיך דאָרט בעקוועם און אַנגענעהם.

אַמאָל האָב איך געגלויבט אין אַ גאָט, אָבער ווען איך האָב אָנגעפֿאַנגען צו פֿערשטעהן די אונגערעכטיגקייטען צווישען די מענשען, האָב איך בעגריפֿען, אַז דער מענש אַליין האָט בעשאַפֿען גאָט, און אַז די, וועלכע פֿערשפּרייטען דעם גלויבען אין אַ גן עדן און גיהנום, טהוען עס דערפֿאַר, וואָס זיי זיינען פֿעראינטערעסירט אין דעם; זיי האַלטען דאָס פֿאָלק אין אונוויסענהייט, כּדי אויפֿצוהאַלטען ביי די מאַסען דעם רעספּעקט פֿאַר זייער אייגענטהום.

אָט אַזוי בין איך געוואָרען אַן אַנאַרכיסט.

אַם 1טען מאַי 1891, ווען די אַרבייטער פֿון דער גאַנצער וועלט האָבען אויסגעדריקט זייערע פֿאָדערונגען, האָבען אַלע רעגירונגען, מאָנאַרכיסטישע און רעפּובליקאַנישע, זיי געענטפֿערט מיט ביקסען און געפֿענגניסע, פֿיעל אַרבייטער זיינען דאַן געטויטעט און פֿערוואונדעט געוואָרען, נאָך מעהר פֿון זיי האָט מען אַריינגעוואָרפֿען אין די געפֿענגניסע. אין דיזער צייט בין איך געוואָרען אַן אַנאַרכיסט, דען די אידעען פֿון'ם אַנאַרכיזמוס זיינען אַם בעסטען געווען אין אָנקלאַנג מיט מיינע אייגענע אידעען און אַנשויאונגען. נור צווישען די אַנאַרכיסטען האָב איך געפֿונען גוטע

און ערנסטע מענשען, וועלכע האָבען געוואוסט ווי צו האנדלען פאַר די אינטערעסען פון די אַרבייטער.

איך האָב אָנגעפאַנגען צו מאַכען אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנ-דאַ און באַלד האָב איך זיך גענומען צו דער טהאַט.

איך בין ניט לאַנג געווען אין פראַנקרייך, אָבער דאָך גענוג לאַנג אום זיך צו איבערצייגען, דאָס אַלע רעגירונגען זיינען דיזעלבע. איך האָב געזעהן די אָרעמע קוילען-גרעבער אין נאָרד-פראַנקרייך, וועלכע זיינען אַזוי שלעכט בעצאָהלט, אַז זיי זיינען ניט אימשטאַנד צו ערנעהרען זייערע פאַמיליען. איך האָב געזעהן ווי זיי האָבען געסטרייקט דריי מאָנאַט צייט געגען זייערע אויס-בייטער, ביז וואַנען דער הונגער האָט זיי ענדליך געצוואונגען ווידער צוריקצוגעהן צו דער אַרבייט אונטער די אַלטע בעדינ-גונגען. די רעגירונג האָט ניט גענומען דעם קלענסטען אינטער-רעס אין דיזע טויזענדער אַרבייטער, זי האָט זיך בעסער בעשעפ-טיגט מיט דעם אַראַנזשירען גרויסע ימים טובים, אום צו פייערן די רוסיש-פראַנצויזישע אַליאַנץ. מען האָט גערעדט פון נייע שטייערן און אָבגאַבען, אום צו בעקומען די נויטווענדיגע מיליָ-אָנען, וועלכע די ימים טובים האָבען געקאָסט, און די, וועלכע האָבען פערקויפט זייערע געוויסענס צו דער בורזשואזיע, די זשורנאַליסטען, האָבען געשריבען אין זייערע צייטונגען גרויסע אַרטיקלען, אום צו בעווייזען, אַז די אַליאַנץ צווישען פראַנקרייך און רוסלאַנד וועט ברייגנען די פראַנצויזישע אַרבייטער אַ גרויָ-סען נוצען. אָבער מיר אַרבייטער לעבען נאָך אַלס אין דעם זעל-בען עלענד און זיינען געצוואונגען צו בעצאָהלען נייע אָבגאַבען, אום צו דעקען די אויסגאַבען פון אונזערע רעגירער. ווען מיר פרעגען פאַר אַרבייט און ברויט, ענטפערט מען אונז מיט פולווער און בליי פונקט ווי עס איז ניט לאַנג צוריק געווען דער פאַל מיט די קוילען-גרעבער אין נאָרד-פראַנקרייך און די פעלד-אַר-בייטער אין סיציליען און פיעלע אַנדערע פלעצער.

ניט לאַנג צוריק האָט וואַיאַן געשליידערט אַ באָמבע אין פראַנצויזישען פאַרלאַמענט, אום צו פראָטעסטירען געגען די היינטיגע געזעלשאַפט. ער האָט קיינעם ניט געטויטעט, זאָנדערן

נאָר פערוואונדעט עטליכע פערזאָן; אָבער די יוריסטישע פער-טרעטער פון דער בורזשואַזיע האָבען איהם טראָץ דעם פער-אורטהיילט צום טויט. און ניט זייענדיג צופרידען מיט דער פערניכטונג פון דעם וואָס איז געוועז שולדיג, האָט מען זיך אַרויפגעוואָרפען אויף די אַנאַרכיסטען אין אַלגעמיין. הונדערטער פון אונז זיינען אַרעסטירט געוואָרען, ניט דערפאַר וואָס זיי האָ-בען געהאַט די קלענסטע בעציהונגען צו וואַיאַן'ן, נאָר דערפאַר וואָס זיי האָבען בעזוכט אַנאַרכיסטישע פערזאַמלונגען. די רעגי-רונג האָט זיך ניט געזאָרגט וועגען זייערע פרויען און קינדער, עס האָט איהר ווייניג אינטערעסירט, אַז די אַרעסטירטע זיינען ניט די איינציגע, וועלכע ליידען, און דאָס זייערע קינדער פאָ-דערן ברויט. אונזער נאָבעלע בורזשואַזע געזעלשאַפט האָט זיך ווייניג וואָס געקימערט וועגען דיזע אונשולדיגע קינדער, וועלכע זיינען נאָך אונבעקאַנט מיט די געזעלשאַפטליכע צושטענדע און געווים ניט פעראַנטוואָרטליך פאַר די איבערציינגונג פון זייערע עלטערן.

מען האָט געעפענט די בריעף, אונטערדריקט פערזאַמלונגע און זיך בענוצט מיט די ברוטאַלסטע מיטלען געגען אונז זאָגאַר נאָך היינט אַרעסטירט מען הונדערטער אַנאַרכיסטען, דערפאַר וואָס זיי האָבען אַמאָל געשריבען אַן אַרטיקעל אין אַ ציימונג אָדער אויסגעדריקט איינינע אידעען אין דער עפענטליכקייט.

וואָס זאָלען מיר אַנאַרכיסטען טהאָן, ווען די רעגירונג בע-נוצט זיך געגען אונז מיט ביקסען, קייטען און געפענגנים? זאָלען מיר רוהיג זיצען אין דערהיים, אום צו פערזיכערן אונזער לעבען? זאָלען מיר אָבלייקענען די אידעען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך די פולע וואַהרהייט? ניין, און טויזענד מאָל ניין! מיר וועלען ענטפערן די רעגירער מיט דינאַמיט און באָמבעס, מיט שטאָהל און אייזען. מיט איין וואָרט, מיר וועלען טהאָן אונזער בעסט, צו פערניכטען די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע און אַלע רעגירענדע קלאַסען.

עמיל האַנרי האָט געשליידערט אַ באָמבע אין אַ קאַפע, איך האָב פאָרגעצויגען זיך צו בענוצען מיט'ן קינושאַל.

איהר, מיינע הערצן געשוואָרענע, זייט די פֿערטרעטער פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט! אויב עס פֿערוועלט זיך אייך צו נעהמען מיין קאָפּ, נעהמט איהם! אָבער רעדט זיך קיינמאָל ניט איין, אַז מיט דעם וועט איהר דערשטיקען די אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ. זייט פֿאָרזיכטיג, דען וואָס פֿאַר אַ זריעה איהר וועט פֿערזייען, אַזעלכע פֿריכטע וועט איהר האָבען! די רעגי־רונגען האָבען אָנגעפֿאַנגען צו מאַכען מערטירער. דיינקט אָן די אַנאַרכיסטען, וועלכע איהר האָט געהאַנגען אין טשיקאַגאָ, גאַ־ראָטירט אין כערעס, דערשאָסען אין באַרצעלאָנאַ און גיליאָטי־נירט אין פּאַריז. די לעצטע ווערטער פֿון דיזע אַלע מענער זיינען געוועזען: „טויט צו דער בורזשואַזיע!" און דיזע ווערטער קלינגען דורך אַלע לענדער און געפֿינען אַן עכאָ אין די הערצער פֿון מיליאָנען אַרבייטער אין די שטעדט און דערפֿער. דיזע מאַסען פֿאַנגען בּיסלעכווייז אָן צו בעגרייפֿען, אַז מען האָט זיי געטוישט, אַז אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבען נאָר איין ציעל: צו בע־פֿרידיגען דעם פערזענליכען עהרגייץ פֿון איינציגע פּערזאָנען און זיי צו פֿערשאַפֿען אַ פּלאַץ אַלס דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט אָדער אין די שטאָדט-פֿערוואַלטונגען. די מאַסע הויבט אָן צו בעגרייפֿען, אַז עס גיט נאָר איין מיטעל צו ערשאָבערן איהרע רעכטע און צו פֿערניכטען די טיראַניי פֿון דער בורזשואַזיע—די געוואַלטזאַמע רעוואָלוציאָן! ווען דיזע שטונדע וועט קומען, דאַן וועלען די אַרבייטער ניט לענגער שטאַרבען פֿון הונגער און עלענד אָדער בעגעהן זעלבסטמאָרד, זיי וועלען ניט מעהר שמאַכטען לאַנגע יאָהרען אין די געפֿענגניסע אָדער שטאַרבען אויף דעם גאַלגאַן, אויף דער גאַראָטע אָדער אונטער דעם מעסער פֿון דער גיליאָטינע; פֿערקעהרט, דאַן וועלען די קאַפּיטאַליסטען, די קעניגע, פּרעזידענטען, סענאַטאָרען, ריכטער און אַלע אַנ־דערע אונטערדריקער אונטערגעהן דורך די מאַכט פֿון די קעמפפֿענדע מאַסען, אין דעם שטורם פֿון דער סאָציאַלער רע־וואָלוציאָן!

* * *

נאָך דיזער רעדע האָבען זיך די געשוואָרענע צוריק גע־

צויגען. זייער גאַנצע בעראַטהונג האָט ניט מעהר גענומען ווי צוואַנציג מינוטען צייט. די אויגען פֿון אַלעמען האָבען זיך גע־ריכטעט אויף קאַזעריאָ, ווען דער פּרעזידענט האָט אויסגעשפּראָ־כען דעם טויטעס־אורטהייל, אָבער דער יונגער אַנאַרכיסט איז געבליבען רוהיג און קאַלט, אין זיין געזיכט האָט זיך זאָגאַר אָבגעשפּיגעלט אַ געוויסע גלייכגילטיגקייט ווי ביי אַ מענשען, וועלכער איז פֿאַרטיג מיט זיך אַליין און בעריייט צו טראָגען די פֿולע קאָנזעקווענצען פֿאַר זיינע האַנדלונגען. פֿאַר איהם איז דער טויט ניט געווען קיין איבעררעשונג, ער האָט איהם ערוואַרטעט, און דערפֿאַר איז ער געווען רוהיג און קאַלט.

ווען דער פּרעזידענט האָט געשלאָסען די זיצונג און די זשאַנדאַרמען האָבען אַרויסגעפֿיהרט קאַזעריאָ, האָט ער געשריהען: „מוטה, קאַמעראַדען! עס לעבע די אַנאַרכיע!"

דאָס איז געווען די ענדע פֿון דיזעם אונפֿערגעסליכען פּראָצעס.





# קאזעריא׳ס טויט.

---

אַם 16טען אויגוסט 1894 איז קאַזעריאָ געזעצליך ערמאָרדעט געוואָרען אין ליאָן. די גאַנצע צייט, פֿון זיין פֿעראורטהיילונג ביז דער היגריכטונג, איז ער געווען זעהר רוהיג און געלאַסען. ער האָט פֿיעל געלעזען, און קיינער האָט ניט געקענט אָנזעהן אויף איהם, אַז דאָס איז אַ מענש, וועלכער ערוואַרטעט יעדען טאָג דעם טויט.

אַרום 4 אַזייגער אין דער פֿריה זיינען דער פראָקוראָר, דער היינקער און צוויי פֿון זיינע מיטהעלפֿער אַריין אין קאַזעריאָ׳ס צעלע, איהם אָנזאָגען, אַז זיין לעצטע שטונדע איז געקומען. קאַזעריאָ איז געשלאָפֿען זעהר פֿעסט און עס האָט גענומען אַ געוויסע צייט, איידער ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף. ווען ער איז ענדליך געקומען צו זיך און דער פראָקוראָר האָט איהם געזאָגט: „האָט מוטה, קאַזעריאָ, אייער צייט איז געקומען!" האָט אַ לייכטער ציטער דורכגענומען זיין קערפּער, אָבער זיין געזיכט און אַלע זיינע בעוועגונגען זיינען געווען רוהיג און קאַלטבלוטיג. מען האָט איהם געפֿרעגט, אויב ער וויל טרינקען אַ שטאַרקע זאַך, אום לייכטער צו שטאַרבען; אָבער ער האָט צוערשט גאָרניט געענטפֿערט אויף דיזע פֿראַגע, און ווען מען האָט איהם נאָך אַמאָל געפֿרעגט, האָט ער געזאָגט: „איך פֿאָדער קיין זאַך ניט. איך בין פֿאַרטיג!" וועהרענד דער היינקער האָט איהם אָבגעשאָרען די האָר, האָט דער פראָקוראָר געזאָגט צו איהם:

„אפשר זאָל איך רופֿען אַ פּריסטער פֿאַר אייך? ער וועט אייך מאַכען מוטה צו שטאַרבען.“

אָבער קאַזעריאָ האָט רוהיג געענטפֿערט: „איך דאַנק אייך זעהר, נאָר איך דאַרף ניט אייער גלח. איך האָב אַליין גענוג מוטה צו שטאַרבען“.

„אפשר האָט איהר נאָך עפּעס צו זאָגען, איידער איהר שטאַרבט?“ האָט איהם דער אונטערזוכונגס־ריכטער אַ פֿרעג געטהאָן.

„ניין, כ׳האָב אייך קיין זאַך ניט צו זאָגען“, האָט קאַזעריאָ רוהיג געענטפֿערט. און נאָך אַ פּויזע האָט ער צוגעזעצט: „איין זאַך וועל איך אייך יאָ בעטען. איך האָב נעכטען אָנגעשריבען אַ בריעף צו מיין מוטער, און איך וויל, אַז איהר זאָלט איהם שיקען צו איהר“.

„גוט“, האָט דער פּראָקוראָר געענטפֿערט, „מיר וועלען עס זיכער טהאָן, נאָר האָט איהר ווירקליך קיין זאַך ניט צו זאָגען, איידער איהר שטאַרבט?“

קאַזעריאָ האָט אַ קנייטש געטהאָן מיט די אַקסלען און געענטפֿערט: „איין זאַך וואָלט איך אייך יאָ געבעטען — לאָזט מיר צופֿרידען מיט אייערע פֿראַגען!“

„אפשר ווילט איהר נאָך זעהען אייער אַדוואָקאַט?“ האָט געפֿרעגט דער אונטערזוכונגס־ריכטער.

„ניין, איך דאַרף איהם ניט, וואָס פֿאַר אַ נוצען קען ער מיר ברייגגען!“

אָבער די אינקוויזיטאָרען האָבען ניט אָבגעלאָזט זייער אָפּפֿער ביז צום לעצטען מאָמענט, אום פֿילייכט דאָך נאָך אַרויסצושלעפּען פֿון איהם אַ פּאָר ווערטער.

„בעגרייפֿט איהר דען גאָר ניט, וואָס פֿאַר שרעקליכע שמער־צען איהר האָט פֿעראורזאַכט אייער אַלטער מוטער?“ האָט דער פּראָקוראָר ווייטער געפֿרעגט.

קאַזעריאָ האָט שטענדיג געליעבט זיין מוטער מיט זיינע בעסטע און הייליגסטע געפֿיהלען. צאָהלרייכע בריעף, וועלכע ער האָט געשריבען צו איהר, און פֿון וועלכע איינגע זיינען פֿאָרגע־

לעזען געוואָרען ביים פּראָצעס, האָבען געצייגט, וואָס דער יונגער טעראָריסט האָט געפֿיהלט צו זיין מוטער. און דערפֿאַר האָט די ברוטאַליטעט פֿון דיזער פֿראַגע זעהר שטאַרק געווירקט אויף איהם. ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט זיין אַלטע מוטער אין איהר גאַנצער פֿערצווייפֿלונג, און דיזער געדאַנק האָט איהם געמאַכט ווייך און טרויעריג פֿאַר אַ מאָמענט. אין זיינע אויגען האָבען זיך בעוויזען טרערען; „איך האָף, אַז איהר וועט איהר אָבגעבען מיין בריעף", האָט ער געזאָגט און פֿון זיין שטימע האָט זיך אַרויסגעהערט דער אינערליכער שמערץ. אָבער דיזעס געפֿיהל האָט איהם נור דורכ־גענומען פֿאַר אַ מאָמענט, נאָכדעם האָט ער באַלד ווידער אַרויס־געצייגט זיין אַלטע קאַלטבלוטיגקייט און זיין פֿעראַכטונג פֿאַר'ן טויט.

„קומט, איך בין פֿאַרטיג צו שטאַרבען!" האָט ער געזאָגט מיט אַ פֿעסטער און ענטשלאָסענער שטימע. רוהיג און שטאָלץ איז ער געגאַנגען צווישען זיינע הענקער צו דער גיליאָטינע. ווען ער האָט דערזעהן דאָס מעסער, האָט ער מעהר קיין אויג ניט אַראָבגענומען פֿון דעם בלישטשענדען שטאָהל. איידער ער איז אַרויפֿגעשטיגען די עטליכע טרעפּען, האָט ער אויסגעשריהען: „מוטה, גענאָסען! עס לעבע די אַנאַרכיע!"

מיט איניגע סעקונדען שפּעטער איז זיין קאָפּ געפֿאַלען אונטער דעם מעסער פֿון דער גיליאָטינע.

אַזוי האָט קאַזעריאָ בעצאָהלט זיין טהאַט מיט זיין אייגענעם לעבען. זיין מוטה, זיין ענטשלאָסענהייט, זיין פּערזענליכע גוטסקייט און ריינקייט, זיין העלדישע טהאַט, זיין ערקלעהרונג פֿאַר'ן געריכט און זיין טויט אויף דער גיליאָטינע האָבען זיכער געוואונען פֿיעל אָנהייננגער פֿאַר דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג. אין די ראָמאַנישע לענדער איז זיין נאָמען אויף אייביג פֿערבונדען מיט דער געשיכטע פֿון דעם קעמפּפֿענדען און ליידענדען פּראָלעטאַריאַט, און דער בעריהמטער אַנאַרכיסטישער דיכטער פּיעטראָ גאָרי אין איטאַליען האָט איהם געווידמעט איינע פֿון זיינע שעהנסטע און הערליכסטע ליעדער.

* * *

זעהר אינטערעסאַנט איז געווען די שטעלונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרעסע צו דעם אַטענטאַט אין ליאָן. פֿיעלע סאָצ. דעמ. צייטונגען האָבען אַרויסגעצייגט אַזאַ נידעריגע האַלטונג, וועלכע האָט זאָגאַר נאָך אַריבערגעשטיגען די האַלטונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע.

מען קען האָבען פֿערשידענע אַנזיכטען איבער דעם ווערטה און די בעדייטונג פֿון אַזעלכע טהאַטען, אָבער יעדער עהרליכער מענש וועט צוגעבען, אַז אַ מענש, וועלכער גיט אַוועק זיין אייגענעם לעבען פֿאַר זיין אינערליכסטע און הייליגסטע איבערצייגונג, פֿערדינט די אַכטונג און דעם רעספּעקט פֿון אַלעמען, אונגעאַכטעט ווי מען זאָל ניט אורטהיילען זיין טהאַט און דעם נוצען אָדער שאָדען, וועלכע זי קען ברייננגען פֿאַר אַ בעוועגונג. איבערהויפּט וואָלט מען אייגענטליך געדאַרפֿט ערוואַרטען, דאָס אַ פּאַרטיי, וועלכע גלויבט אַזוי שטאַרק אין די אייזערנע געזעצמעסיגקייט פֿון די היסטאָרישע פּאַסירונגען, זאָל אָם וויינינגסטענס פֿערזוכען צו ערקלעהרען אַזעלכע טהאַטען און די אומשטענדען, וועלכע האָבען זיי אַרויסגערופֿען. אָבער דיזעלבע פּאַרטיי, וועלכע געפֿינט זאָגאַר פֿאַר דאָס געוועהנליכסטע פֿערברעכען און פֿאַר די עגאָאיסטישסטע און ברוטאַלסטע האַנדלונגען אין דעם היינטיגען געזעלשאַפֿטס־לעבען אַן ערקלעהרונג, האָט ניט נאָר די טהאַט פֿון קאַזעריאָ איינשטימיג פֿערדאַמט, נאָר פֿיעלע פֿון איהרע „פֿיהרענדע גייס־טער“ האָבען זאָגאַר דעם יונגען אַטענטעטער פּערזענליך בעשמוצט און פֿערלוימדעט.

עס האָט זעלטען געטראָפֿען, דאָס אַ פּאַרטיי, וועלכע שטאָלצירט ביי יעדער געלעגענהייט מיט איהר פּאָליטישען ראַדיקאַליזם, זאָל זיך בענעהמען אַזוי פֿייג און נידעריג אין אַ מאָמענט, ווען די רעאַקציאָן האָט זיך איבעראַל גענומען צו דער אַרבייט צו פֿערפֿאָלגען די אַנאַרכיסטען.

איינינגע ציטאַטען פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרעסע פֿון יענער פּעריאָדע וועלען דעם לעזער אָם דייטליכסטען אילוסטרירען אונזער בעהויפּטונג.

די "Justice", דער אָרגאַן פֿון דער סאָצ. דעמ. פֿעדעראַציאָן אין ענגלאַנד, האָט געשריבען איבער דעם אַטענטאַט ווי פֿאָלגט:

„מיר בעדויערן פֿון טיעפֿען הארצען, וואָס דער פּרעזידענט קאַרנאָ איז ערמאָרדעט געוואָרען פֿון אַן אַנאַרכיסטישען שופֿט. מיר סימפּאַטיזירען מיט דעם פֿראַנצויזישען פֿאָלק, וועלכעם האָט פֿערלוירען דעם העכסטען בירגער זיינעם דורך אַ געמיינעם און אונמאָטיווירטעם פֿערברעכען. מיר האָבען שטענדיג געבראַנד־מאַרקט די אַנאַרכיסטען אַלס פֿערברעכערישע משוגעים און ערקלעהרט, וואָס עס וועט זיין דער סוף פֿון זייערע אידעען. מיר ווייסען, אַז אַזעלכע טהאַטען ווי די, וועלכע איז בעגאַנגען געוואָרען אין ליאָן, וועלען פֿערשטאַרקערן די רעאַקציאָן און שעדיגען דעם סאָציאַליזמוס..."

די „בודאַפּעסטער פֿאָלקס־שטימע", דער אָרגאַן פֿון דער אונגאַרישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געשריבען אויף אַזאַ מין אַרט:

„אַזעלכע מערדערייען, וועלכע זיינען אין דער לעצטער צייט פֿאָרגעקומען אין די זיד־וועסטליכע שטאַאַטען פֿון אייראָפּאַ, הויפּטזעכליך אין פֿראַנקרייך, בריינגען ניט דעם קלענסטען נוצען פֿאַר די פֿערבעסערונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט און זיינען גאַנץ געמיינע און אָבשייליכע פֿערברעכען. די פֿרייע ענטוויקלונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דאָס איינציגע מיטעל צו בעפֿרייען די געזעלשאַפֿט פֿון די שענדליכע אַנאַרכיסטישע מערדערייען."

דער „גריטליאַנער", דער צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער שווייצערישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, האָט ערקלעהרט:

„די ערמאָרדונג פֿון דעם פּרעזידענט פֿון דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק איז אַ שענדליכעם פֿערברעכען. עס איז די טהאַט פֿון אַ וואַהנזיניגען פֿאַנאַטיקער און פֿאַנאַטיקער זיינען שטענדיג געפֿעהרליכע מענשען. אַ זיכערעס מיטעל געגען אַזעלכע אינדיווידוען גיט עס ניט. זיי ענטוויקלען זיך אַם בעסטען אין אַ צייט פֿון עקאָנאָמישער און מאָראַלישער פֿערפֿוילטקייט. עס זיינען זומפּ־פֿלאַנצען."

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין איטאַליען האָט

אַרויסגעלאָזט אַ בעזונדערן מאַניפֿעסט, אין וועלכען עס געפֿינען זיך די פֿאָלגענדע ווערטער:

„צו רעוואָלטירען אָהן אַ שום געדאַנק און ניט צו פֿרעגען צי די צושויער אין אַ טהעאַטער ווערן צוריסען פֿון אַ באָמבע, צו ערמאָרדען אַ מענשען איז אַ טהאַט פֿון באַרבאַרען, וועלכע זיינען אַראָב פֿון זינען. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי זעהט אין דיזע אַקטען ניט מעהר ווי אַ מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון דער בורזשואַזער אַנשויאונג."

פֿון די ערקלעהרונגען, וועלכע די סאָצ. דעמ. פּרעסע אין דייטשלאַנד האָט אָבגעגעבען, ווועלען מיר שוין בעסער גאָר ניט ריידען, דען זיי שטייגען זאָגאַר אַריבער די ערגסטע פֿערלוימדונגען פֿון דער רעאַקציאָנערער פּרעסע.

נאָר גאַנץ ווייניגע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צייטונגען האָבען פֿערזוכט צו ערקלעהרען די טהאַט פֿון ליאָן און די פּסיכאָלאָגישע אורזאַכען, וועלכע האָבען קאַזעריאָ געמאַכט צו בעגעהן דיזע טהאַט.

דער איטאַליענישער סאָציאַל־דעמאָקראַט טוראַטי איז געווען איינער פֿון די ווייניגע, וועלכע האָבען אַם וויינינגסטענס דעם מוטה געהאַט צו פּראָטעסטירען געגען די פֿערלוימדונגען פֿון דער רעאַקציאָן און געמאַכט אַן עהרליכען פֿערזוך צו ערקלעהרען קאַזעריאָ'ס טהאַט, אָבוואָהל ער איז שטענדיג געווען דער שטאַרק־סטער געגנער פֿון יעדען טעראָריסטישען אַקט.

טוראַטי האָט אין דער "Critica sociale" פֿערעפֿענטליכט אַן אַרטיקעל איבער דעם אַטענטאַט אין ליאָן, אין וועלכען ער האָט געמאַכט די פֿאָלגענדע אינטערעסאַנטע בעמערקונג, וועלכע איז אין דערזעלבער צייט אויך ביאָגראַפֿיש וויכטיג, אום צו אורטהיילען איבער דעם כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט פֿון קאַזעריאָ. ער זאָגט:

„מען דערצעהלט אונז, אַז די אַנאַרכיסטען רעספּעקטירען ניט זייער פֿאָטערלאַנד... מיר האָבען קאַזעריאָ פּערזענליך געקענט, דען אין מילאַן איז ער אָפֿטמאָל געקומען אין אונזערע פֿערזאַמ־לונגען, צוזאַמען מיט אַנדערע אַנאַרכיסטען, אום אונז צו בעקעמפֿפֿען. ער איז ניט געווען אַזוי ליידענשאַפֿטליך און אויפֿגערעגט ווי

מאַנכע פֿון זיינע קאַמעראַדען. פֿערקעהרט, ער איז געווען אַ רוהיגער מענש, וועלכער האָט ליעב געהאַט איבערצודיינקען יעדע זאַך. גערעדט האָט ער זעהר ווייניג, און אַלע, וואָס האָבען איהם געקענט, האָבען געוואוסט, אַז ער איז געווען אַן ערנסטער און פֿלייסיגער יונגער מאַן, וועלכער האָט שטענדיג געאַרבייט פֿאַר זיין לעבען.

„אויב עס וואָלט זיך אונז איינגעגעבען, איהם צו בעפֿרייען פֿון זיינע פֿאַלשע פּאָליטישע אַנשויאונגען, וואָלט ער זיכער געוואָרען איינער פֿון די אונזעריגע. אָבער די פּאָליציי האָט עס ניט געוואָלט דערלאָזען. מען האָט איהם איבעראַל געבראַנדמאַרקט אַלס אַ מענש, וועלכער רייצט אויף די מאַסען; שפּיאָנען האָבען איהם פֿערפֿאָלגט אויף יעדען טריט, וועלכען ער האָט געמאַכט, און די מייסטערס האָבען איהם צולעצט מעהר קיין אַרבייט ניט געגעבען, אָבוואָהל אַלע זיינען געווען צופֿרידען פֿון איהם. אַזוי האָט מען איהם צולעצט געצוואונגען פֿרייוויליג צו פֿערלאָזען זיין פֿאָטערלאַנד. עס איז געווען די פּאָליציי, וועלכע האָט געמאַכט פֿון קאַזעריאָ אַ פֿאַנאַטיקער און אַן אָפּפֿער פֿאַר דער גיליאָטינע."

מיר זיינען געוויס ניט איינשטימיג מיט דיזער אַנשויאונג, אָבער טוראַטי'ס אַרטיקעל איז אַם וויינינגסטענס געווען אַן עהר־ליכער פֿערזוך צו אורטהיילען איבער קאַזעריאָ און זיין טהאַט. און דיזע האַנדלונג פֿערדינט דערפֿאַר, מיר זאָלען איהר ספּעציעל דערמאָהנען, ווייל זי איז געווען אַן אויסנאַהמע אין דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרעסע.

עס איז נאָך וויכטיג צו בעמערקען, אַז די שטעלונג פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרעסע צו די אַטענטאַטען פֿון ראַוואַשאָל, וואַיאַן, האַנרי און די טעראָריסטישע טהאַטען פֿון אַנאַרכיסטען אין אַנדערע לענדער איז שטענדיג געווען דיזעלבע, יאָ, אין מאַנכע פֿעלע איז איהר שטעלונג געווען נאָך ערגער ווי עס איז געווען דער פֿאַל צו דעם אַטענטאַט אין ליאָן. אַ ביישפּיעל דערפֿאַר איז געווען די ערקלעהרונג פֿון ליעבקנעכט אין דעם בערלינער „פֿאָר־ווערטס", דעם צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער

פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, אין בעצוג אויף ראַוואַשאָל און זיינע טהאַטען. ליעבקנעכט האָט נעמליך דירעקט בעהויפּטעט, אַז ראַוואַשאָל איז געווען אַ בעצאָהלטער שפּיאָן פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, און ער האָט דיזע בעהויפּטונג זאָגאַר נאָך ווידערהאָלט, ווען ראַוואַשאָל'ס קאָפּ איז געפאַלען אונטער דעם מעסער פון דער גיליאָטינע.

מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט און מיר ווידערהאָלען עס נאָך אַמאָל, אַז מען קען בעטראַכטען אַזעלכע טהאַטען פון פערשידענע זייטען, מען קען האָבען פערשידענע מיינונגען איבער זייער נוצען און זייער בעדייטונג, אָבער די געמיינסטע האַנדלונג, וועלכע אַ מענש קען נאָר בעגעהן, איז די נידעריגע און פייגע פערדעכטיגונג, וועלכע בעהויפּטעט אָהן אַ שום בעווייז, דאָס אַ מאַן, וועלכער שטאַרבט פאַר זיין איבערצייגונג, איז אַ בעצאָהלטער אַגענט פון דער רעגירונג. און דיזע שענדליכע טאַקטיק פון פערלוימדונג איז אָנגעווענדעט געוואָרען אין דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרעסע אין דייטשלאַנד און אין פיעלע צייטונגען פון דערזעלבער פּאַרטיי אין אַנדערע לענדער. די צוקינפטיגע היסטאָריקער פון דער סאָציאַלער בעוועגונג וועלען זיכער ניט פערגעסען אָבצוגעבען אַ גערעכטען אורטהייל איבער דיזע טרויעריגע און סיסטעמאַטישע פערלוימדער־טאַקטיק פון אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט שטענדיג פּרעטענדירט צו זיין אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער פּאַרטיי.

אַמילקאַרע טשיפּריאַני, דער בעקאַנטער איטאַליענישער רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט שוין אַזוי אָפט פערגאָסען זיין בלוט פאַר דער סאָציאַלער בעפרייאונג און געשמאַכטעט לאַנגע יאָהרען אין די געפענגניסע פון דער טיראַניי, האָט אָבגעגעבען אַן ערקלעהרונג איבער קאַזעריאָ'ס טהאַט, וועלכע טרעפט ניט בלויז די בורזשואַזע, נאָר אין דערזעלבער צייט אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרעסע, דערפאַר וואָס זי האָט גענומען אַן אַנטהייל אין דעם אַלגעמיינעם פערדאַמונגס־געשריי פון דער רעאַקציאָן.

די דאָזיגע ערקלעהרונג, וועלכע איז אין דערזעלבער צייט אַ וויכטיגער היסטאָרישער דאָקומענט, לויטעט ווי פאָלגט:

„אין דער צייט, ווען איך בין געווען אין פראַנקרייך, האָט די בורזשואַזע פּרעסע צוגעשריבען צו מיר געוויסע מיינונגען און בעמערקונגען איבער די טהאַט פון קאַזעריאָ, וועלכע זיינען אין גאַנצען ניט אין אָנקלאַנג מיט דער וואַהרהייט.

„מעגליך, אַז די פּאָליציי האָט מיר געוואָלט אונטערשטעלען אַ פּיסעל און מיך געוואָלט צווינגען אָבצוגעבען אַזאַ ערקלעהרונג, וועלכע זאָל איהר געבען די מעגליכקייט מיך צו אַרעסטירען און צו ווערן פּטור פון מיר.

„איך האָב פּראָטעסטירט אין דער „פּעטיט רעפּיבליק", נאָר מיין פּראָטעסט איז געהאַלטען געווען זעהר פּאָרזיכטיג, אום ניט אַרויסצורופען מיין אַרעסטירונג.

„איצטער, ווען איך קען רעדען אָפען און פריי, ניט ריזיקי-רענדיג דערמיט מיך אַליין איבערצוגעבען אין די הענד פון דער ווילדער בורזשואַזער רעאַקציאָן, ערקלעהר איך, אַז נאָך מיין מיינונג נאָך איז די טהאַט פון קאַזעריאָ געווען אַ בעדייטענדע פּאָליטישע טהאַט; מען קען דיסקוטירען איבער די פּראַקטישע ניצליכקייט פון דיזען אַקט, אויב מען וויל, אָבער קיינער קען ניט אָבלייקענען, אַז עס זיינען געווען די נאָבעלסטע מאָראַלישע געפיהלען, וועלכע האָבען אינספּירירט קאַזעריאָ און וועלכע האָבען איהם געשטעלט גלייך צו די גרעסטע מערטירער פאַר די זאַך פון דער אונטער-דריקטער מענשהייט.

„דיזעלבע בורזשואַזיע, וועלכע זינגט גאַנצע לויב-ליעדער און בויט מאָנומענטען פאַר מענער ווי אָרסיני, אַדזשעסילאַאָ מילאַנאָ און אַנדערע מערטירער פון דער היינטיגער אָרדנונג, מאַכט זיך אַליין לעכערליך, אָנרופענדיג קאַזעריאָ אַ מערדער און זעהענדיג אין דערזעלבער צייט, אַז ער איז געשטאָרבען פאַר דאָס פּאָלק און ניט אום צו שאַפען אַ וועג פאַר נייע אונטערדריקונגען."

* * *

אַז די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט אין יענער צייט געהעצט מיט אַלע מעגליכקייטען געגען דעם אַנאַרכיזמוס און זיינע פּראָ-פּאַגאַנדיסטען, פערשטעהט זיך פון זעלבסט. די פּרעס-קאָזאַקען

פֿון דעם היינטיגען סיסטעם האָבען געמאַכט די אונמענשליכסטע און באַרבאַרישסטע פֿאָרשלעגע ווי צו פֿערניכטען די אַנאַרכיסטען. דער איטאַליענישער זשורנאַליסט באַנדי, איינער פֿון די רעאַקציאָנערסטע און נידעריגסטע באַנדיטען אין דער גאַנצער זשורנאַליסטישער וועלט, וועלכער האָט רעדאַקטירט צוויי צייטונגען אין ליוואָרנאָ "La Gazetta Livornese", און "Il Telegrafo" האָט געפֿאָדערט אין זיינע צייטונגען, אַז מען זאָל ווידער איינפֿיהרען די קערפּערליכע בעשטראָפֿונג פֿאַר אַנאַרכיסטישע פֿערברעכער. אָבער דיזער פֿאָרשלאַג איז אין דערזעלבער צייט געווען זיין טויטעס-אורטהייל, דען אַם 1-טען יולי, דעמזעלבען טאָג ווען קאַרנאָ איז בעגראָבען געוואָרען, איז באַנדי דערשטאָכען געוואָרען אין ליוואָרנאָ.

* * *

אין פֿראַנקרייך האָט די רעאַקציאָן געמאַכט די גרעסטע אָנשטריינגונגען צו פֿערניכטען די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג, אָבער אָבוואָהל זי האָט אונטערדריקט די גאַנצע אַנאַרכיסטישע פּרעסע און אַרעסטירט די פֿעהיגסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען, איז זי ניט אימשטאַנדע געווען אויסצופֿיהרען איהר פּלאַן. קאַזעריאָ'ס רעדע פֿאַר'ן געריכט, וועלכע די פּרעסע האָט ניט געדאַרפֿט פֿערעפֿענטליכען, צוליעב די נייע אויסנאַהמע-געזעצע געגען די אַנאַרכיסטען, איז טראָץ דעם פֿערשפּרייט געוואָרען אין פֿיעלע טויזענדער עקזעמפּלאַרען. פּוזשע, דער רעדאַקטאָר פֿון דעם „פּער פּענאַר", האָט זיין צייטונג אַרויסגעגעבען אין לאָנדאָן, און פֿון דאָרטען האָט מען איהר געהיים אַריבערגעבראַכט נאָך פֿראַנקרייך, וואו זי האָט געפֿונען אַ גוטע אויפֿנאַהמע ביי די אַרבייטער.

דער בעריהמטער „פּראָצעס פֿון די 30" איז געווען דער עפּילאָג פֿון דער טעראָריסטישער פּעריאָדע אין פֿראַנקרייך, וועלכע האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט די אַטענטאַטען פֿון ראַוואַשאָל און געענדיגט מיט דער הינריכטונג פֿון סאַדי קאַרנאָ. דיזער פּראָצעס איז פֿאַר דעם אַנאַרכיזמוס געווען דער בעדייטענסטער פּראָפּאַגאַנדיסטישער ערפֿאָלג; און אין דערזעלבער צייט אַ טויטעס-אורטהייל פֿאַר די ברוטאַלע רעאַקציאָן אונטער דער הערשאַפֿט

פֿון קאַזימיר פעריע. די געשיכטע פֿון דעם „פּראָצעס פֿון די 30" וועט זיין דער אינהאַלט פֿון אונזער נעכסטען קאַפּיטעל און אין דערזעלבער צייט דער שלוס פֿון אונזערע היסטאָרישע אָבהאַנד־לונגען איבער יענער אינטערעסאַנטער און אָפּפֿעררייכער פעריאָדע אין דער געשיכטע פֿון דעם פֿראַנצויזישען אַנאַרכיזמוס.





# דער פראַצעס פֿון די דרייסיג.

אונטער די פאָליטישע פראָצעסען, וועלכע האָבען מעהר אָדער ווייניגער אַרויסגערופֿען די עפֿענטליכע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער פֿראַנצויזישער געזעלשאַפֿט זייט דער פראָקלאַמאַציאָן פֿון דער דריטער רעפובליק, איז דער פראָצעס פֿון די דרייסיג געווען דער אינטערעסאַנטעסטער, און, וואָס אָנבעלאַנגט זיינע פאָלגען, דער בעדייטענדסטער.

זייט דעם גרויסען פראָצעס געגען די מיטגלידער פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן", וועלכער האָט נאָך שטאַטגעפֿונען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון נאַפאָלעאָן דעם דריטען, האָט פֿראַנקרייך ניט מעהר געהאַט אַזאַ פראָצעס. די ביידע פראָצעסען האָבען געהאַט אַ געוויסע עהנליכקייט איינער מיט'ן אַנדערען. זיי זיינען ביידע סיסטעמאַטיש און פלאַנמעסיג אָרגאַניזירט געוואָרען פֿון דער רעאַקציאָן, די אָנקלאַגע איז מעהר אָדער ווייניגער געווען דיזעלבע, די פערזאָנען, וועלכע זיינען געשטאַנען פֿאַר'ן געריכט, זיינען בעקאַנט און בעליעבט געווען אין דער גאַנצער פֿראַנצויזישער אַרבייטער־וועלט. די בעריהמטע רעדע פֿון דעם בוכבינדער וואַרלען, דעם גרעסטען פראָפאַגאַנדיסט פֿון דער פֿראַנצויזישער סעקציאָן פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלע", וועלכער איז אין דעם אויפֿשטאַנד פֿון דער פאַריזער קאָמונע אויף אַ שרעקליכען אופן ערמאָרדעט געוואָרען פֿון זיינע היינקער, האָט געהאַט דיזעלבע ווירקונג ווי די אויסגעצייכענטע רעדען פֿון סעבאַסטיאַן פֿאָר אין דעם פראָצעס פֿון די דרייסיג, און דער רעזולטאַט פֿון ביידע פראָצעסען איז געווען דערזעלבער

— אַ מאָראַלישע נידערלאַגע פֿון דער רעאַקציאָן און אַ פֿאָל-
שטענדיגער זיעג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג.

דער פּראָצעס פֿון די דרייסיג איז געווען דער דירעקטער רעזולטאַט פֿון די אויסנאַהמע-געזעצע פֿון'ם 28טען יולי 1894. די אייגענטליכע אַבזיכט פֿון דעם רעאַקציאָנערען קאָמפּלאָט, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון קאַזימיר פּעריע און דיפּואי, איז געווען די פֿערניכטונג פֿון אַלע בעקאַנטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון'ם אַנאַרכיזמוס אין פֿראַנקרייך.

זייט די ערשטע אַטענטאַטען פֿון ראַוואַשאָל ביז צו דער הינריכטונג פֿון סאַדי קאַרנאָ האָט די פּאָליציי אַרעסטירט טויזענדער מענשען אין אַלע טהיילען פֿון פֿראַנקרייך, אָבער דער רעזולטאַט פֿון דיזע אַלע פֿערפֿאָלגונגען איז געווען אַזוי מאָגער, אַז די פֿערטרעטער פֿון דער זאָגענאַנטער עפֿענטליכער זיכערהייט האָבען זיך אַליין געמוזט שעמען. קיין איינציגעס מאָל איז די פּאָליציי אימשטאַנדע געווען צו פֿערהינדערן אַן אַטענטאַט, אָבוואָהל זי האָט אָרגאַניזירט גאַנצע אַרמעען פֿון שפּיאָנען געגען די אַנאַרכיסטען. די רעגירונג האָט אויסגעגעבען געוואַלטיגע סומען געלד פֿאַר די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געהיימער פּאָליטישער פּאָליציי, מען האָט אַרעסטירט רעכטס און לינקס, אָבער פּונקט די, וועלכע מען האָט געוואָלט טרעפֿען, האָט מען קיינמאָל ניט געטראָפֿען.

די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט איהרע לעזער דערצעהלט יעדען טאָג פֿון גרויסע אַנאַרכיסטישע קאָנספּיראַציעס, פֿון אַ געוואַלטיגער אָרגאַניזאַציאָן פֿון אַנאַרכיסטישע פֿערברעכער, וועלכע שרעקען זיך ניט אָב פֿאַר קיין זאַך אין דער וועלט, אום אויסצופֿיטרען זייערע שרעקליכע פּלענער. זי האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיה צו פֿערדרעהען די וואַהרהייט, און ווען אייניגע פֿערנינפֿטיגע צייטונגען האָבען געשריבען, אַז די אַלע טהאַטען, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען, זיינען געווען די פֿרייוויליגע אַקטען פֿון איינצעלנע פּערזאָנען, וועלכע האָבען געהאַנדעלט אויף זייער אייגענע פֿעראַנטוואָרטליכקייט, האָט מען זיך אויסגעלאַכט פֿון זיי. און דאָך איז דיזע בעהויפּטונג געווען פֿאָלקאָמען ריכטיג; די מעהרסטע פֿון די

טעראָריסטען זיינען גאַנץ וויינינ בעקאַנט געווען אין דער עפֿענטליכער בעוועגונג. און דאָס איז אויך געווען די אורזאַכע, פֿאַר וואָס די פּאָליציי האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין ערפֿאָלג מיט איהרע פֿערפֿאָלגונגען. אָבער ווען די וויינינע בירגערליכע ציימונגען, וועלכע האָבען ניט פֿערלאָרען דעם קאָפּ אין דעם אַלגעמיינעם כאַאָס, האָבען פֿערטרעטען אַזעלכע אַנזיכטען, האָט די רעאַקציאָנערע פּרעסע זיי אַטאַקירט אויף דעם ערגסטען אופֿן און ערקלעהרט, אַז די אַלע טהאַטען זיינען געווען די אַרבייט פֿון אַ גרויסער אַנאַרכיסטישער קאָנספּיראַציע.

נאָר דיזע לעבערליכע לעגענדע, וועלכע די פֿערטהיידיגער פֿון דעם איצטיגען סיסטעם האָבען אַליין ערפֿונדען און פֿערזוכט צו פֿערשפּרייטען ווי וויים מעגליך, איז צולעצט געוואָרען אַ געפֿאַהר פֿאַר זיי אַליין. אפילו צווישען די, וועלכע זיינען פֿריהער איינשטימיג געווען מיט דעם אונטערדריקונגס־סיסטעם געגען די אַנאַרכיסטען, האָבען זיך אויפֿגעהויבען שטימען, וועלכע האָבען ערקלעהרט: אויב עס איזווירקליך ריכטיג, וואָס די אָפּיציעלע פּרעסע בעהויפּ־טעט, אַז עס עקזיסטירט יאָ אַ גרויסע אַנאַרכיסטישע קאָנספּיראַציע, דאַן בעווייזט עס נאָר איין זאַך, אַז די קאָנספּיראַטאָרען זיינען פֿיעל פֿעהיגער און מעכטיגער ווי די פּאָליציי. די אַלע אַרעסטירונגען פֿון אונשולדיגע פּערזאָנען האָבען נאָר אַרויסגערופֿען דעם האַס און אַלגעמיינע פֿעראַכטונג געגען די טאַקטיק פֿון דער רעגי־רונג; זיי האָבען דאַדורך נאָך פֿערגרעסערט די עפֿענטליכע אונ־צופֿרידענהייט און געשאַפֿען אַ גינסטיגען צושטאַנד פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ.

דיזע שטימען זיינען מיט דער צייט געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט שוין אָנגעפֿאַנגען זיך עפֿענטליך אויסצולאַכען פֿון אַלע מאַסרעגלען פֿון דער רעגירונג. אין די וויץ־בלעטער האָט מען געבראַכט טויזענדער פֿערשידענע קאַריקאַטורען פֿון קאַזימיר פּעריע, דעם ניי־געוואָרענעם פּרעזידענט, פֿון דיפּואי דעם מי־ניסטער־פּרעזידענט און אַלע אַנדערע בעקאַנטע פֿיהרער פֿון דער רעאַקציאָן. און אין קיין לאַנד איז אָבלאַכען פֿון אַ געוויסע פּער־זאָן אָדער פֿון אַ געוויסע זאַך ניט אַזוי געפֿעהרליך ווי אין

פֿראַנקרייך. „לעבערליכקייט טויטעט!" זאָגט דער פֿראַנצויז, און מאַנכער פֿון די פֿיהרענדע גייסטער אין פֿראַנקרייך האָט שוין געפֿיהלט דורך אייגענע ערפֿאַהרונג די וואַהרהייט פֿון דיזע ווער-טער. דער עפֿענטליכער שפּאָט, דאָס נאַטירליכע קינד פֿון דעם פֿראַנצויזישען גייסט, האָט קאַזימיר פּעריע געצוואונגען צו רעזיג-נירען אַלס פּרעזידענט פֿון דער פֿראַנצויזישער רעפּובליק, נאָך דעם ווי ער איז קוים געווען זיבען מאָנאַט אין זיין שטעלונג.

די רעאַקציאָנערע רעגירונג האָט באַלד פֿערשטאַנען, אַז זי דאַרף עפּעס טהאָן, אום אָבצושוואַכען די געפֿעהרליכע שטימונג. אָט דערפֿאַר האָט זי אָרגאַניזירט די אַרעסטירונג פֿון די וויכ-טיגסטע און בעדייטענסטע אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען און האָט פֿאָרבערייטעט דעם „פּראָצעס פֿון די דרייסיג". פֿאַר די דרייסיג אַנאַרכיסטען איז די לאגע אין אָנפֿאַנג געווען זעהר געפֿעהרליך. די גאַנצע רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט פֿערשפּרייט די נאַכריכט, אַז די רעגירונג האָט ענדליך ענטדעקט די גאַנצע אַנאַרכיסטישע קאָנספּיראַציע, פֿערקויפֿטע זשורנאַליסטען האָבען רעפּאָרטירט די וואַהנזיניגסטע איינצעלהייטען וועגען דער פֿער-שווערונג, און קיינער האָט זיי ניט געקענט ענטפֿערן, דען די אַנאַרכיסטישע פּרעסע איז געווען אונטערדריקט, און די אָפּאָזי-ציאָנעלע בירגערליכע און סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט פּשוט מורא געהאַט צו זאָגען דעם אמת, איבערהויפּט, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אום אַנאַרכיסטען.

די טאַקטיק פֿון דער רעגירונג איז געווען גאַנץ קלוג. זי האָט געוואוסט, אַז אַ גרויסער טהייל פֿון דער בעפֿעלקערונג איז געגען די אויסנאַהמע-געזעצע, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען גוט פֿער-שטאַנען, אַז די אַנאַרכיסטען וועלען נאָר זיין די ערשטע אָפּפֿערס פֿון דיזע געזעצע; נאָר מען וועט זיך ביי זיי ניט אָבשטעלען און וועט זוכען ווייטערע אָפּפֿערס אין די רייהען פֿון יעדער פּראָגרע-סיווער בעוועגונג.

דורך דעם פּראָצעס פֿון די דרייסיג האָט די רעגירונג גע-וואָלט בעווייזען די נויטווענדיגקייט פֿון דיזען שענדליכען אַטענ-טאַט אויף די פּאָליטישע רעכטע און פֿרייהייטען פֿון'ם פֿראַנצויז-

זישען פֿאָלק. „איהר זעהט", האָבען געזאָגט די רעאַקציאָנערען, „ווען מיר וואָלטען ניט געהאַט די נייע געזעצע, וואָלטען מיר קיינמאָל ניט אויסגעפֿונען די שרעקליכע פֿערשווערונג". און מיט דיזען אַרגומענט האָט מען געדיינקט צו פֿערשטאָפּען די מיילער פֿון דער אָפּאָזיציאָן.

אָבער די רעגירונג האָט נאָך געהאַט אַן אַנדער אַבזיכט— זי האָט געוואָלט פֿערניכטען דעם אַנאַרכיזמוס דורך די פֿערניכטונג פֿון זיינע פֿעהיגסטע פּראָפּאַגאַנדיסטען. זי האָט געוואָלט טרעפֿען מיט איין קלאַפּ דעם קאָפּ פֿון דער בעוועגונג, האָפֿענדיג דורך דעם צו פֿערניכטען די גאַנצע בעוועגונג.

עס איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז די טעראָריסטישע אַקטען האָבען געוואָרפֿען אַ שרעק אויף די הערשענדע קלאַסע אין פֿראַנקרייך, אָבער עס איז אויך זיכער, אַז דער דיינקענדער טהייל פֿון דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע האָט זעהר גוט פֿערשטאַנען, אַז די טעראָריסטישע אַקטען בילדען ניט די אייגענטליכע געפֿאַהר, זאָנדערן די אידעע, די פּראָפּאַגאַנדאַ פֿון'ם אַנאַרכיזמוס, מיט איין וואָרט די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג. כמעט יעדע פּאָליטישע פּאַרטיי האָט געהאַט געוויסע אָנהייגער, וועלכע האָבען זיך בענוצט מיט דעם טעראָריזמוס, אפילו די קלעריקאַלע און קאָנסערוואַטיווע פּאַרטייען, אָבער טראָץ דעם זיינען די פֿערפֿאָלגונגען געגען זיי ניט געווען אַזוי שרעקליך ווי געגען די אַנאַרכיסטען. די אורזאַכע איז לייכט צו ערקלעהרען. די פֿערטרעטער פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט ווייסען גאַנץ גוט, אַז די טעראָריסטישע אַקטען זיינען די אַרבייט פֿון איינצעלנע עקסטרעמע אינדיווידוען, וועלכע זיינען פֿאַרטיג אַוועקצוגעבען זייער לעבען פֿאַר דאָס, וואָס זייער אינערליכע איבערצייגונג האַלט פֿאַר גוט און גערעכט; נאָר דיזע מענשען בילדען נאָר אַ גאַנץ קליינעם טהייל אין דער געזעלשאַפֿט, און פֿאָלגליך טרעפֿען זייערע אַקטען נאָר איינצעלנע פֿערטרעטער פֿון דעם היינטיגען סיסטעם. אָבער די אייגענטליכע געפֿאַהר ליגט אין דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ, אין דער סיסטעמאַטישער צושטעהרונג פֿון אַלע פֿונדאַמענטען, אויף וועלכע די היינטיגע געזעלשאַפֿט גרינדעט זיך. די אַנאַר-

כיסטישע פראָפּאַגאַנדאַ פֿערניכטעט דעם רעספּעקט פֿאַר די אַלטע טראַדיציאָנען, איהר שאַרפֿע און שניידענדע קריטיק ריכטעט זיך געגען אַלע אינסטיטוציאָנען פֿון דער בירגערליכער געזעלשאַפֿט, געגען אַלע מאָראַלישע בעגריפֿע און פֿאָרשטעלונגען, וועלכע ביל-דען די גייסטיגע גרונדלאַגע פֿון דעם היינטיגען סאָציאַלען רע-זשים, זי פֿערניכטעט די שקלאַפֿישע געדולד פֿון די מאַסען און ענטוויקעלט אין זייערע הערצער רעבעלישע געפֿיהלען און רעוואָ-לוציאָנערע אינסטינקטען, און דאָס איז די אייגענטליכע געפֿאַהר פֿון'ם אַנאַרכיזמוס פֿאַר דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט.

דער שטאַאַטס-פּראָקוראָר בילאָ, איינער פֿון די ביטערסטע געגנער פֿון דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג, דערזעלבער בילאָ, וועלכער האָט שטענדיג געפֿאָדערט די ברוטאַלסטע און גרויזאַמ-סטע שטראָפֿען פֿאַר אָנגעקלאָגטע אַנאַרכיסטען, דערזעלבער בילאָ, וועלכער האָט אין אַלע פּראָצעסען געגען די פּאַריזער אַנאַרכיס-טען געשפּילט דיזעלבע ברוטאַלע ראָלע פֿון אַ הייגקער, און אויף וועלכען ראַוואַשאָל האָט געמאַכט איינעם פֿון זיינע באָמבען-אַטענטאַטען,—דערזעלבער בילאָ האָט אַליין קלאָהר און דייטליך ערקלעהרט אין דעם פּראָצעס געגען זשאַן גראַוו און זיין בוך „די אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפֿט און די אַנאַרכיע", אַז די טהעאָרע-טיקער פֿון דעם אַנאַרכיזמוס זיינען די אייגענטליכע פֿערברעכער, די אינטעלעקטועלע פֿעראורזאַכער פֿון די אַנאַרכיסטישע אַטענ-טאַטען.

אָט דערפֿאַר האָט די רעאַקציאָנערע רעגירונג יעצט פֿער-זוכט אויסצונוצען די געלעגענהייט, אום צו פֿערניכטען די גייס-טיגע קרעפֿטע פֿון דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג אין פֿראַנקרייך. אויב זי וואָלט געהאַט די מעגליכקייט, וואָלט זי זיכער געשיקט די „דרייסיג" צו דער גיליאָטינע, אָבער ווייל דאָס איז אונמעג-ליך געווען, האָט מען פֿערזוכט פּטור צו ווערען פֿון זיי אויף אַן אַנדער אַרט.

די נייע געזעצע האָבען דער רעגירונג געגעבען די מעגליכ-קייט צו פֿערשיקען אַלע אונבעקוועמע עלעמענטען נאָך קאַיען, אויף די „טרוקענע גיליאָטינע", ווי מען רופֿט עס אין פֿראַנקרייך,

דען דער מערדערישער קלימאַט פֿון דיזען לאַנד ערפֿילט פונקט אַזוי גוט דעם וואונש פֿון דער רעגירונג ווי די גיליאָטינע פֿון מאָנסיע דייבלער. דאָס זעלבע געזעץ האָט אויך פֿערבאָטען די פובליקאַציאָן פֿון די פֿערטהיידיגונגס-רעדען פֿון אָנגעקלאָגטע אַנאַרכיסטען; מען האָט איינפֿאַך פֿעראורטהיילט און די שטימע פֿון די אָנגעקלאָגטע איז דערשטיקט געוואָרען, דאָס איז זיכער געווען בעקוועם פֿאַר די רעגירונג און אין דערזעלבער צייט זעהר געפֿעהרליך פֿאַר די אַנאַרכיסטען.

דער פראָצעס פֿון די דרייסיג איז געווען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי אַ רעאַקציאָנערער קאָמפּלאָט. די רעגירונג האָט געוואָלט פֿעראורטהיילען דיזע מענער, וואָס עס זאָל איהר ניט קאָסטען, און מיט רעכט האָט ראָשפֿאָר געשריבען אין זיין צייטונג אַ טאָג בעפֿאָר דעם פראָצעס, אַז די דרייסיג זיינען שוין פֿער-אורטהיילט געוואָרען, נאָך איידער דער פראָצעס האָט זיך אָנגע-פֿאַנגען, און אַז אין קאַיען זיינען שוין פֿאַרטיג דרייסיג נייע קברים פֿאַר די אָפּפֿער פֿון אַ שענדליכען אויסנאַהמע-געזעץ.

אָבער די רעגירונג איז נאָך ניט געווען צופֿרידען מיט דיזע מאַסרעגלען, זי האָט דעם פראָצעס געגעבען אין די הענד פֿון דעם שטאַאַטס-פּראָקוראָר בילאָ, און אין בילאָ׳ס ווערטער-בוך האָט דאָס וואָרט „אונשולדיג" קיינמאָל ניט עקזיסטירט. בילאָ האָט באַלד אין אָנפֿאַנג געמאַכט אַ געפֿעהרליכען טריק. ער האָט פֿערבונדען דעם פראָצעס געגען די אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנ-דיסטען מיט אַן אָנקלאַגע געגען עלף פערזאָנען, וועלכע זיינען אַרעסטירט געוואָרען אַלס זאָגענאַנטע „עקספּראָפּריאַטאָרס". איינעגע פֿון זיי האָבען זיך גערופֿען אַנאַרכיסטען, אָבער די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג האָט מיט זיי ניט געהאַט וואָס צו טהאָן. זיי האָבען „עקספּראָפּריאירט" אויף זייער אייגענע רעכנונג און פֿאַר זייערע אייגענע אינטערעסען. דער פּראָקוראָר האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דיזע פערזאָנען האָבען גיט געהאַט די קלענסטע פֿערבינדונג מיט מענער ווי זשאַן גראַוו, סעבאַסטיאַן פֿאָר, קאָנ-סטאַן מאַרטען און אַנדערע, אָבער בילאָ האָט מיט אַבזיכט פֿער-איינינגט דעם פראָצעס פֿון די „עקספּראָפּריאַטאָרס" מיט דעם

פּראָצעס פֿון די אַנאַרכיסטען, כדי צו פֿערפֿיהרען די עפֿענטליכע מיינונג און צו פֿערהינדערן, אַז זיין שענדליכע אינקוויזיטאָרישע אַרבייט זאָל ניט אַרויסרופֿען קיין עפֿענטליכען פּראָטעסט:

אָנגעקלאָגט זיינען געווען די פֿאָלגענדע פערזאָנען:

זשאַן גראַוו, שריפֿטשטעלער, רעדאַקטאָר פֿון „לאַ רעוואָלט"; זשוליען לעדראָ, שריפֿטשטעלער; פּאָל בערנאַר, קויפֿמאַן; אַלבערט טראַנקור, מעכאַניקער; ראַאול שאַמבאָן, ליטאָגראַף; פּאָל רעקלו, אינזשענער; עמיל פּוזשע, רעדאַקטאָר פֿון „פּער פּענאַר"; קאָנ־סטאַן מאַרטען, זשורנאַליסט; פֿראַנסאָאַ דיפּראַ, שניידער; אַלעק-סאַנדער קאָהען, זשורנאַליסט; פּיער דאַרעסי; פֿראַנסאָאַ סובריע, קאַפֿע־ברענער; זשאָרזש ברינע, טישלער; שאַרל שאַטעל, שריפֿטשטעלער; זשיל פֿענעאָן, זשורנאַליסט; אַרמאַנד מאַטהאַ, זשורנאַליסט; גוסטאַוו אַניעלי, קינסטלער; גאַבריעל ביאָן, שריפֿט-זעצער; סעבאַסטיאַן פֿאָר; זשאָזעף מאָלמערע; עליזע באַסטאַר, מעכאַניקער; פֿיליפּ אָרטיז; אָרסיני בערטאָני; פּאָל טשעריקאָטי; לואי בעלאָטי; פֿראַנסאָאַ ליעזשאָאַ; אַנטאָנעטע קאַזאָל; מאַריאַ זאַניני; וויקטאָרין בעלאָטי; אָנעט טשעריקאָטי.

פֿינף פֿון די אָנגעקלאָגטע זיינען געווען אין אויסלאַנד, ווען דער פּראָצעס האָט שטאַטגעפֿונען, נעמליך א. קאָהען, פּאָל רעקלו, קאָנסטאַן מאַרטען, דיפּראַ און עמיל פּוזשע.

די רעגירונג האָט געמאַכט די בעסטע פֿאָרבערייטונגען פֿאַר דעם פּראָצעס.

באַלד נאָך די אַרעסטירונגען איז אַלעס געווען שטיל, עס איז געווען קורץ נאָך דעם אַטענטאַט אין ליאָן, די רעאַקציאָן איז געווען שטאַרק און מעכטיג און פֿיעלע האָבען געשוויגען, וועלכע וואָלטען אונטער אַנדערע אומשטענדען פֿילייכט יאָ געזאָגט אַ וואָרט צו גונסטען די אַרעסטירטע. די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט יעדען טאָג ערפֿונדען נייע ליגענס, אום אויפֿצוהעצען די עפֿענט־ליכע מיינונג געגען די אָנגעקלאָגטע; אָבער זי האָט זיך צולעצט פֿערלוירען אין אַזעלכע ווידערשפּרעכונגען, אַז דאָס פּובליקום איז ענדליך געוואָרען אויפמערקזאַם, און די ערשטע שטימען פֿון פּראָטעסט האָבען זיך דייטליך אַרויסגעהערט. די אָפּאָזיציאָנעלע

פּרעסע האָט אָנגעהויבען זיך צו בעשעפֿטיגען מיט דער פֿראַגע, און צולעצט האָט זיך אויפֿגעהויבען אַן אַלגעמיינער פּראָטעסט געגען די פֿינסטערע קאָנספּיראַציע פֿון דער רעאַקציאָן, וועלכער איז נאָך פֿערשטאַרקערט געוואָרען דורך די אונפֿעהיגקייט און פֿערלעגענהייט פֿון די אַטאַקירטע.

מען האָט עפֿענטליך געשטעלט די פֿראַגע: וועט מען ערלויבען צו פֿערעפֿענטליכען די רעדען פֿון די אָנגעקלאָגטע, אָדער וועט מען אָנווענדען דאָס נייע געזעץ און דערשטיקען זייערע שטימען? די רעאַקציאָנערע פּרעסע איז געווען גענוג אונפֿאָרזיכטיג צו ענטפֿערן אויף דיזע פֿראַגע. אָבער איהר האַלטונג איז געווען אַן אונבעשטימטע, מען האָט אַרויסגעפֿיהלט די אונזיכערהייט, און דיזע אונענטשלאָסענהייט האָט נאָך פֿערשטאַרקערט די מאַכט פֿון דער אָפּאָזיציאָן. אייניגע אָפֿיציעלע צייטונגען האָבען בעריכטעט, אַז די רעגירונג וועט ניט פֿערהינדערן די פּובליקאַציאָן פֿון די רעדען פֿון די אָנגעקלאָגטע מיט דער אויסנאַהמע פֿון זשאַן גראַוו'ס און סעבאַסטיאַן פֿאָר'ס רעדען. אָבער דיזע ערקלעהרונג האָט די לאַגע געמאַכט נאָך ערגער. מען האָט די פֿערטרעטער פֿון דער רעגירונג עפֿענטליך געבראַנדמאַרקט אַלס פֿייגלינגע, וועלכע ציטערן פֿאַר די ווערטער פֿון צוויי מענער. די פּאָליטישע סאַטי־רישע פּרעסע האָט אויסגעגאָסען איהר גאַנצען שפּאָט אויף די מאַכער פֿון דעם פּראָצעס, און די רעאַקציאָן האָט שוין פֿערלאָרען דעם האַלבען שפּיעל, נאָך איידער דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען. דאָס איז געווען די שטימונג בעפֿאָר דעם פּראָצעס. די רעאַקציאָן האָט נאָר נאָך געהאַט איין מיטעל — מוטה און און ענערגיע, אום צו געווינען איהר שפּיעל, אָבער איהרע פֿערטרעטער האָבען אויך דאָס ניט געהאַט, און די איינציגע רעטונג, אויף וועלכע די רעגירונג האָט נאָך געהאָפֿט, איז געווען די נידערטרעכטיגקייט פֿון דעם שטאַאַטס־פּראָקוראָר בילאָ. אָבער אויך דיזע האָפֿנונג איז געווען אומזיסט, דען ווי גרויס דאָס אינקוויזיטאָרישע טאַלאַנט פֿון בילאָ איז ניט געווען, האָט ער דאָך ניט געקענט קאָנקורירען מיט דעם מוטה און דער אינטעליגענץ פֿון די אָנגעקלאָגטע אַנאַרכיסטען.

אַם 6טען אויגוסט 1894, פֿיער טעג נאָך דער פֿעראורטהיילונג פֿון סאַנטאָ קאַזעריאָ, האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער פּראָצעס פֿון די דרייסיג, אויף וועלכען גאַנץ פּאַריז האָט געוואַרט מיט אַזויפֿיעל אונגעדולדיגקייט.

אַזוי ווי ביי אַלע אַנדערע אַנאַרכיסטישע פּראָצעסען, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען אין יענער אויסערגעוועהנליכער פּעריאָדע, איז אויך דיזעס מאָל דער יוסטיץ־פּאַלאַסט געוועזען בעלאַגערט מיט פּאָליציי און שפּיאָנען. עס איז ניט בלויז געוועזען די מורא, וועלכע האָט אין יענער שטורמעדיגער צייט דורכגענומען די הערשענדע קלאַסע אין פֿראַנקרייך, נאָר מען האָט אין דערזעלבער צייט אויך געוואָלט צייגען דער עפֿענטליכקייט, וואָס פֿאַר געפֿעהרליכע פֿערברעכער עס שטעהען היינט פֿאַר'ן געריכט.

דאָס בילד אין געריכטס־זאַאַל איז געוועזען אויסערגעוועהנליך אינטערעסאַנט. יעדער פֿון די אָנגעקלאָגטע איז געוועזען אַ בעזונדערער טיפּ, און שוין דער אויסערליכער אויסזעהן פֿון די מייסטע אָנגעקלאָגטע האָט געצייגט, אַז דיזע מענער זיינען ניט קיינע דורכשניטס־מענשען. אַלע אָנגעקלאָגטע זיינען געוועזען רוהיג און קאַלט, ביי מאַנכע האָט זיך זאָגאַר אָבגעשפּיגעלט אַ געוויסע גלייכגילטיגקייט, פּונקט ווי זיי וואָלטען גאָר ניט פֿעראינטערעסירט געוועזען אין דער גאַנצער אַפֿערע.

דער פּרעזידענט האָט ערעפֿענט די זיצונג מיט אַ לענגערע איינלייטונג איבער דיזען אויסערגעוועהנליכען פּראָצעס. די פֿאָרמולירונג פֿון דער אָנקלאַגע האָט פֿערנומען אַ לאַנגע צייט, דען די דאָקומענטען זיינען געוועזען צאָהלרייך, און דער מאַנגעל אין פּאָזיטיווע טהאַטזאַכען האָט געמוזט פֿערדעקט ווערן דורך כאָפּיסטישע בעהויפּטונגען און וואָרט־שפּילערייען.

אין דעם בעשולדיגונגס־אַקט איז ערקלעהרט געוואָרען, אַז די אָנגעקלאָגטע האָבען פֿאָרמירט אַ געזעלשאַפֿט מיט דעם צוועק צו בעגעהן פֿערברעכען געגען פּערזאָנען און די עפֿענטליכע זיכערהייט. פּאָל רעקלו, אַ פּלימעניק פֿון עליזע רעקלו, איז געוועזען דער „פֿינאַנץ־מיניסטער” פֿון דער אַנאַרכיסטישער פּאַרטיי. ער

האָט וואַיאַן'ן געגעבען דאָס געלד פֿאַר זיין אַטענטאַט אויף די דעפּוטאַטען אין פֿראַנצויזישען פּאַרלאַמענט.

זשאַן גראַוו האָט פֿערהערליכט אַלע טעראָריסטישע אַקטען אין זיין צייטונג „לאַ רעוואָלט” און איז געווען דער אונדירעקטער פֿעראורזאַכער פֿון די אַנאַרכיסטישע אַטענטאַטען. זיין צייטונג האָט פֿערבונדען די איינצעלנע אַנאַרכיסטישע גרופּען און זיי פֿעדערירט איינע מיט די אַנדערע; אויסערדעם האָט גראַוו בעגאַנגען דאָס שרעקליכע פֿערברעכען צו שרייבען אַ בוך אונטער דעם נאָמען „די אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפֿט און די אַנאַרכיע”, אין וועלכען ער האָט אַטאַקירט די הייליגסטע אינסטיטוציאָנען פֿון דער פֿראַנצויזישער געזעלשאַפֿט. זשאַן גראַוו איז אפילו שוין פֿעראורטהיילט געוואָרען צו צוויי יאָהר געפֿענגניס וועגען זיין בוך, אָבער פֿון דעסטוועגען האָט העררר בילאָ זיך נאָך אַ מאָל בענוצט מיט דעמזעלבען אַרגומענט, אום אויסצופֿיהרען זיינע פֿינסטערע פּלענער.

סעבאַסטיאַן פֿאָר, האָט די אָנקלאַגע ערקלעהרט ווייטער, האָט אָרגאַניזירט די אַנאַרכיסטען אין די פּראָווינצען. דער אַנאַרכיסט לעאָטהיע, וועלכער האָט פֿערזוכט צו ערמאָרדען דעם סערבישען אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, האָט געשריבען אַ בריעף אָן פֿאָר, זיצענדיג אין געפֿענגניס; אויסערדעם האָט פֿאָר געשיקט 5 פֿראַנק צו וואַיאַן, ווען ער איז געזעסען אין געפֿענגניס, ערוואַרטענדיג זיין אורטהייל. דאָס אַלעס זיינען בעווייזע, אַז פֿאָר איז ניט נאָר געווען איינשטימיג מיט די אַטענטאַטען, נאָר ער האָט אויך געהאַט דירעקטע בעציהונגען צו די טעראָריסטען.

מאַטהאַ איז בעקאַנט געווען מיט עמיל האַנרי און איז געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פֿון דער אַנאַרכיסטישער צייטונג „אַנ־דעהאָר.”

פֿענעאָן האָט געשריבען אַרטיקלען פֿאַר אַנאַרכיסטישע צייטונגען אין דערזעלבער צייט, ווען ער איז בעשעפֿטיגט געווען אין דעם פֿראַנצויזישען קריעגס־מיניסטעריום. אויך ער איז בעקאַנט געווען מיט עמיל האַנרי און מיט דעם עקספּראָפּריאַטאָר אָרטיז; אויסערדעם האָט מען ביי איהם געפֿונען איינינע פֿערדעכטיגע אינסטרומענטען און אַ קליין פֿלעשעל קוועק-זילבער.

עהנליך האָבען געלויטעט די אָנקלאַגען געגען אַלע איבעריגע אָנגעקלאָגטע. אויסערדעם האָט די אָנקלאַגע נאָך געלעגט אַ בע־זונדערן געוויכט אויף די טהאַטזאַכע, אַז די מייסטע אָנגעקלאָגטע בעלאַנגען צו דער אינטעליגענץ, בעהויפּטענדיג אַז דיזע סאָרט אַנאַרכיסטען איז נאָך פיעל געפעהרליכער ווי די פּראָפּאַגאַנדיס־טען דער טהאַט, דערפאַר וואָס זיי צושטעהרען דעם רעספּעקט פאַר די געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציאָנען צווישען די מענשען און ענטוויקלען דירעקט די אַטענטעטער, וועלכע שטיצען זיך אויף זייערע לעהרען.

דער פּראָקוראָר האָט זעהר גוט געוואוסט, אַז די מייסטע פון די אָנגעקלאָגטע זיינען געווען זעהר ווייניג בעקאַנט איינע מיט די אַנדערע. מאַנכע פון זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט געזעהן, אָבער דיזער פאַקט האָט געשפּילט אַ קליינע ראָלע, די אָנגע־קלאָגטע האָבען געהאַט די זעלבע אידעען און אַנשויאונגען, און ווייל די אויסנאַהמע־געזעצע האָבען ערקלעהרט דיזע אידעען אַלס אַ פערברעכען, פאָלגליך זיינען אַלע מענשען, וועלכע האָבען פערטהיידיגט דיזע אידעען, געווען פערברעכער, קאָנספּיראַטאָרס געגען דער געזעלשאַפט; און דאָס איז געווען אַלעס, וואָס אַזאַ געשיקטער מאַן ווי מאָנסיע בילאָ האָט געדאַרפט.

אָבער הערר בילאָ האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די זאַך וועט ניט אָבגעהן אַזוי גלאַט. ער און די רעגירונג האָבען הויפּט־זעכליך מורא געהאַט פאַר זשאַן גראַוו און סעבאַסטיאַן פאָר. זיי האָבען געוואוסט, אַז דיזע ביידע מענער וועלען זיין אימשטאַנד צו בראַנדמאַרקען די גאַנצע אינקוויזיטאָרישע מעטהאָדע פון דעם פּראָצעס און דערפאַר איז געווען די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון דעם פּראָקוראָר צו דערשטיקען זייערע ווערטער פאַר דער עפענט־ליכקייט. מיט די איבעריגע אָנגעקלאָגטע האָט מען געדיינקט אויסצוקומען. די זאַך איז געווען זעהר איינפאַך. דער פּראָקוראָר האָט בעשלאָסען זיך צוערשט צו נעהמען צו גראַוו'ן און פאָר'ן. דורך דאָס נייע געזעץ האָט ער געקענט פערהינדערן, אַז די פּרעסע זאָל פערעפענטליכען די ערקלעהרונגען פון די ביידע מענער פאַר'ן געריכט. נאָך דעם האָט ער געדיינקט זיך צו נעה־

מען צו די איבעריגע אָנגעקלאָגטע און צולעצט צו די „עקספּראָ-פּריאַטאָרס". זייערע ערקלעהרונגען האָט מען יאָ געוואָלט פֿערעפֿענטליכען, כדי צו בעאיינפֿלוסען די עפֿענטליכע מיינונג געגען די אָנגעקלאָגטע. אויף אַזאַ מין אַרט וואָלט דער פּראָצעס אין גאַנצען פֿערלאָרען זיין פּאָליטישען כאַראַקטער און וואָלט בעקומען פֿאַר דער עפֿענטליכקייט דעם כאַראַקטער פֿון אַ פּראָצעס געגען אַ באַנדע גנבים.

אויב דעם פּראָקוראָר וואָלט זיך איינגעגעבען אויסצופֿיהרען דיזען פּלאַן, וואָלטען אַלע אָנגעקלאָגטע פֿעראורטהיילט און פֿערשיקט געוואָרען קיין קאַיען, אויף די „טרוקענע גיליאָטינע".

נאָר די רעגירונג האָט אַליין פֿערראַטהען איהר אַבזיכט. הערר בילאָ איז זיכער געווען אַ געטרייער הונד פֿון דער רעאַקציאָן, אָבער זיין יוריסטישע געשיקטליכקייט איז ניט געווען אַזוי גרויס ווי זיין נידערטרעכטיגקייט, און מענער ווי סעבאַסטיאַן פֿאָר און זשאַן גראַוו זיינען ניט געווען קיינע קינדער, זאָנדערן שטאַרקע מוטהיגע כאַראַקטערע, וועלכע זיינען ענטשלאָסען געווען צו פֿערטהיידיגען זייער פֿרייהייט און די פֿרייהייט פֿון זייערע איבעריגע גענאָסען מיט דער גרעסטער ענערגיע ביז צום ביטערן סוף.

גלייך נאָך דעם ווי דער פּרעזידענט האָט געענדיגט פֿאָרלעזען דעם בעשולדיגונגס-אַקט, האָט זיך אויפֿגעהויבען דער פּראָקוראָר בילאָ און ערקלעהרט: לויט דעם נייען געזעץ פֿון 28טען יולי 1894 שטעל איך דעם אַנטראַג, אַז די פֿערהאַנדלונגען געגען זשאַן גראַוו און סעבאַסטיאַן פֿאָר זאָלען ניט פֿערעפֿענטליכט ווערען אין דער פּרעסע.

סענט אָבאַן, זשאַן גראַוו'ס אַדוואָקאַט, האָט זאָפֿאָרט פּראָטעסטירט געגען דיזען אַנטראַג.

„דער פּראָצעס איז אַן אויסערגעוועהנליכער", האָט ער ערקלעהרט. „מיר האָבען דאָ צו פֿערהאַנדלען אַ סך איינצעלהייטען וועלכע זיינען אין גאַנצען אונבעקאַנט צו דעם פּובליקום און די געשוואָרענע. עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען וויל אָנווענדען אַ געזעץ, וועלכעס האָט זיכער ניט קיין גוטען נאָמען ביים פֿאָלק עס איז אָבער אונבעדינגט נויטווענדיג, אַז דאָס פּובליקום זאָל

זיך בעקענען מיט די איינצעלהייטען פֿון דיזען פּראָצעס און אַליין אָבגעבען זיין אורטהייל. עס האַנדעלט זיך דאָ ניט אום די אַגי־טאַטאָרישע ערקלעהרונגען פֿון אַן אַטענטעטער; זאָנדערן אום מענשען, וועלכע מען האָט עפֿענטליך בעשולדיגט, און וועלכע האָבען די אויפֿגאַבע זיך עפֿענטליך צו פֿערטהיידיגען און צו רעכטפֿערטיגען זייערע איבערצייגונגען. ווילט איהר דערשטיקען דיזעלבע געדאַנקען פֿאַר דער עפֿענטליכקייט, מיט וועלכע דיזע מענער ווילען זיך פֿערטהיידיגען פֿאַר דיזען געריכט? ניין, מיינע הערען, אונטערדריקט ניט זייערע געדאַנקען און ערקלעהרונגען פֿאַר דער עפֿענטליכקייט, און בעגרייפֿט, אַז די פֿערטהיידיגונג מוז שטענדיג זיין פֿריי און עפֿענטליך!"

אָבער דיזער פֿערנינפֿטיגער אַפּעל צו דעם גערעכטיגקייטס־געפֿיהל פֿון די ריכטער און געשוואָרענע איז געווען אומזיסט. דאָס געריכט האָט בעשלאָסען און אָנגענומען דעם אָנטראַג פֿון דעם פּראָקוראָר. די פֿערהאַנדלונגען געגען זשאַן גראַוו און סע־באַסטיאַן פֿאָר זיינען אַלזאָ אונטערדריקט געוואָרען פֿאַר דער עפֿענטליכקייט, קיין צייטונג האָט ניט געבראַכט קיין רעפּאָרט; אָבער די ביטערע בעמערקונגען און די שניידענדע אַטאַקען פֿון דער פּרעסע געגען די היינקער פֿון דעם פֿרייען וואָרט זיינען גע־ווען טויטליכער פֿאַר די מאַכער פֿון דעם פּראָצעס, איידער די שאַרפֿ־זיניגע געדאַנקען פֿון דיביידע אָנגעקלאָגטע. דיזע אַטאַקען זיינען געווען אַזוי שטאַרק, אַז דער פּרעזידענט איז שפּעטער געצוואונ־גען געווען צוצוגעבען, אַז די פּרעסע קען פֿערעפֿענטליכען די רעדען פֿון גראַוו און פֿאָר. דיזעלבע קאָמעדיאַנטען, וועלכע האָ־בען אונטערדריקט די פֿערהאַנדלונגען געגען דיזע ביידע מענער, זיינען שפּעטער געצוואונגען געווען דורך דעם פּראָטעסט פֿון דער עפֿענטליכער מיינונג צו פֿערניכטען זייער אייגענעס ווערק. דאָס איז זיכער געווען די גרעסטע מאָראַלישע נידערלאַגע, וועלכע די אינספּיראַטאָרס פֿון אַ פּראָצעס האָבען ווען געהאַט.

* * *

מאָנסיע דעראַ, דער פּרעזידענט פֿון געריכט, האָט געהאַט אַ שווערע אַרבייט, אַן אַרבייט, וועלכע איז געווען צו שווער פֿאַר

איהם, און וועלכע האָט איהם ניט געבראַכט קיין כבוד. דורך דעם אָנטראַג פון דעם פּראָקוראָר איז די פערהאַנדלונג געגען דיביידע ערשטע אָנגעקלאָגטע ניט פערעפענטליכט געוואָרען אין דער פּרעסע, אָבער גראַוו און פאָר האָבען דעם אָרעמען פּרעזידענט טראָץ דעם אָנגעטהאָן אַזוי פיעל ביטערע צרות, אַז עס איז פּשוט געווען אַ מיטלייד, אויף איהם צו קוקען.

די גאַנצע אָנקלאַגע געגען זשאַן גראַוו האָט זיך קאָנצענטרירט אין די פאָלגענדע בעשולדיגונגען:

זשאַן גראַוו האָט אין 1883 אַרויסגעגעבען אַ בראָשורע אונטער דעם נאָמען: „די געזעלשאַפט אין דעם טאָג נאָך דער רעוואָלוציאָן.‟ אין דיזער בראָשורע (וועלכע איז געשריבען געוואָרען מיט 10 יאָהר צוריק!!!), האָט ער ערקלעהרט, אַז די עפענטליכע פּראָפּאַגאַנדאַ דאַרף זיין אַ שוץ-מיטעל פאַר די קאָנספּיראַטיווע פּראָפּאַגאַנדאַ; אין דערזעלבער צייט האָט זי די אויפגאַבע צו שאַפען מענשען, געלד און אַנדערע מיטלען פאַר טעראָריסטישע אַקטען א.ז.וו.

זשאַן גראַוו האָט געגרינדעט צאָהלרייכע גרופּען און אָרגאַניזאַציאָנען מיט אַנאַרכיסטישע טענדענצען. אין זיין צייטונג האָט ער פערהערליכט די טהאַטען פון וואַיאַן, און לעאָטהיע, עמיל האַנרי'ם פערזוך צו אַטאַקירען די מינען-קאָמפּאַניע פון קאַרמאָ, די עקספּראָפּריאַציעס פון שופּ, פּיני און דיוואַל; ער האָט געמאַכט אין זיין צייטונג אַ סובסקריפּציאָן פאַר פערברעכערישע צוועקען. אין 1893 האָט ער פערעפענטליכט אַ בוך, „די אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפט און די אַנאַרכיע‟, פאַר וועלכעס ער איז פעראורטהיילט געוואָרען צו צוויי יאָהר געפענגניס. דורך דעם בריעף-קאַסטען פון זיין צייטונג האָט ער פערבונדען די אַנאַרכיסטען איינע מיט די אַנדערע. פאָלגליך איז בעוויזען, אַז זשאַן גראַוו האָט קאָנספּירירט פון יאָהרען און יאָהרען מיט געוויסע פּערזאָנען, אום פאָרצובערייטען און צו בעגינסטיגען טעראָריסטישע אַקטען.

„אפשר קענט איהר מיר זאָגען מיט וועמען איך האָב איי־גענטליך קאָנספּירירט?‟ האָט זשאַן גראַוו געפרעגט מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט.

דיזע איינפֿאַכע פֿראַגע האָט דעם פּרעזידענט געבראַכט אין אַ גרויסע פֿערלעגענהייט. ווי אַזוי קען מען גאָר שטעלען אַזאַ לעכערליכע פֿראַגע? מאָנסיע בילאָ האָט שוין פֿאָרבערייטעט אַ נייע אַנקלאַגע. גאַנץ געוויס, אַ מענש, וועלכער שטעלט אַזעלכע פֿראַגען, אַטאַקירט די היילינסטע אינסטיטוציאָנען פֿון דער געזעלשאַפֿט און בעוויזט דערמיט, אַז ער האָט אין זינען צו בעגעהן אַ פֿערברעכען געגען דעם שטאַאַט.

„מיט וועמען האָב איך קאָנספּירירט?" האָט גראַוו נאָך אַמאָל געפֿרעגט. „קענט איהר מיר צייגען די פּערזאָנען?"

די פֿערלעגענהייט פֿון דעם פּרעזידענט ווערט אַלץ גרעסער. ענדליך געפֿינט ער די קראַפֿט צו ענטפֿערן: „דאָס איז ניט וויכטיג!" זאָגט ער. און זיכער איז עס ניט געוועזען וויכטיג פֿאַר דער רעגירונג. וויכטיג איז געוועזען פֿאַר איהר צו פֿעראורטהיילען דיזען מאַן; פֿאַר וואָס — דאָס האָט געהאַט אַ קנאַפּע בעדייטונג. נאָר זשאַן גראַוו האָט זיך איינגערעדט, אַז פֿאַר איהם פּערזענליך איז דאָס יאָ וויכטיג צו וויסען, און ער איז געוועזען גענוג חוצפּה'דיג עס עפֿענטליך צו ערקלעהרען. אַ נייער בעווייז פֿאַר זיין שולד, דען אַ ריכטיגער און געהאָרכזאַמער בירגער איז שטענדיג מיט דערזעלבער מיינונג פֿון זיינע ריכטער.

„ווען האָב איך קאָנספּירירט? וואו האָב איך קאָנספּירירט?" האָט גראַוו ווייטער געפֿרעגט. קיינער האָט איהם ניט געענטפֿערט, דען דאָס אַלעס זיינען ניט געוועזען קיין וויכטיגע פֿראַגען. די אָנקלאַגע האָט בעהויפּטעט, אַז גראַוו האָט יאָ קאָנספּירירט, אָט דאָס איז געוועזען וויכטיג. צו בעווייזען דיזע בעהויפּטונג, איז געוועזען ניט וויכטיג פֿאַר איהר, זאָל זשאַן גראַוו בעווייזען, אַז עס איז ניט ריכטיג.

אַ בעקוועמערע מעטהאָדע צו פֿעראורטהיילען אַ מענשען קען איבערהויפּט ניט אויסגעפֿונען ווערען, און מאַנכער פּראָקוראָר האָט זיכער בעוואונדערט די געשיקטליכקייט פֿון מאָנסיע בילאָ.

אָבער זשאַן גראַוו מאַכט בעמערקונגען, מאַנכע פֿון זיי רופֿען אַרויס אַ שמייכעל אויף די ליפּען פֿון שלעכטע מענשען, מאַנכע זיינען אַזוי שאַרף און בייסענד, אַז זיי צושטעהרען די

גאַנצע שעהנע אַרבייט פֿון דעם פּראָקוראָר און פּרעזידענט. און גראַוו איז אַזוי רוהיג, אַזוי געלאַסען; קיין זאַך רעגט איהם ניט אויף, אַ ריכטיגער פֿילאָזאָף, מען קען באַלד דערקענען, אַז דער מאַן דיינקט, און לויט בילאָ׳ס מיינונג איז דאָס געווען דאָס גע-פֿעהרליכסטע פֿערברעכען, וואָס אַ מענש קען נאָר בעגעהן.

ענדליך ווערט די געשיכטע שוין צו אונבעקוועהם פֿאַר דעם פּרעזידענט, און ער ענדיגט איינפֿאַך די פֿערהאַנדלונג מיט זשאַן גראַוו׳ן. גראַוו איז זעהר פֿערוואונדערט דעריבער, נאָר ער קען זיך ניט העלפֿען, מען הייסט איהם זיך אַוועקזעצען.

יעצט ווענדעט זיך דער פּרעזידענט צו סעבאַסטיאַן פֿאָר. מען קען איהם אָנזעהן, אַז ער איז ניט זעהר צופֿרידען פֿון זיין אַרבייט; נאָר זיין איינציגע האָפֿנונג איז, אַז מען וועט ניט פֿער-עפֿענטליכען די פֿערהאַנדלונגען.

סעבאַסטיאַן פֿאָר, אַזוי בעהויפּטעט די אָנקלאַגע, קומט אַרויס פֿון אַ רייכע פֿאַמיליע און האָט גענאָסען זעהר אַ גוטע ערציהונג. פֿאַר געוועהנליכע מענשען איז דאָס אפילו קיין פֿער-ברעכען, נאָר פֿאַר אַן אַנאַרכיסט איז דאָס שוין אַ בעוויז, אַז ער האָט זיכער ניט קיין גוטען כאַראַקטער און די אַבזיכט אויס-צוקלעהרען עפּעס אַ שענדליכקייט געגען דער געזעלשאַפֿט.

סעבאַסטיאַן פֿאָר, אַזוי בעהויפּטעט די אָנקלאַגע ווייטער, איז אַ זעהר טאַלאַנטפֿאָלער רעדנער, וועלכער האָט פֿערשפּרייט די אַנאַרכיסטישע אידעען אין די פּראָווינצען דורך צאָהלרייכע פֿאָרטרעגע, וועלכע ער האָט געהאַלטען אין גאַנץ פֿראַנקרייך. ער האָט איבעראַל געגרינדעט אַנאַרכיסטישע גרופּען, און אָב-וואָהל זיינע רעדען זיינען געווען פֿריי פֿון רעוואָלוציאָנערע פֿראַ-זען, האָט ער אָבער דאָך געהאַט פֿערבינדונגען מיט די פּראָ-פּאַגאַנדיסטען דער טהאַט. מען האָט ביי איהם געפֿונען 100 ביז 120 אַדרעסען, טייטענטהיילס אַגענטען פֿון דער אַנארכיס-טישער פּרעסע אין פֿראַנקרייך, און דאָס איז פֿאַר די רעגירונג געווען דער בעסטער בעוויז פֿאַר די עקזיסטענץ פֿון אַ געפֿעהר-ליכען אַנאַרכיסטישען קאָמפּלאָט. דער טעראָריסט לעאָטהיע האָט געשריבען צו איהם אַ בריעף, זיצענדיג אין געפֿענגניס; אויך

האָט ער געשיקט 5 פֿראַנק צו וואַיאַן'ן, קורץ נאָך זיין פֿער־אורטהיילונג צום טויט. דאָס איז זיכער געווען אַ גוטער בעוויז, אַז ער האָט גענומען אַן אונדירעקטען אַנטהייל אין די אַטענ־טאַטען. אין 1892 האָט ער אַרויסגעגעבען אַן אַנאַרכיסטישע צייטונג אין מאַרסיע, אין וועלכער ער האָט פֿערהערליכט די אַנאַרכיסטישע אַטענטאַטען אין פֿראַנקרייך און אַנדערע לענדער. אויך איז בעוויזען געוואָרען, אַז פֿאַר איז געווען אַ גוטער פֿריינד פֿון פּאָל רעקלו, וועלכער האָט געגעבען וואַיאַן'ן געלד צו בע־געהן זיין אַטענטאַט. אויסערדעם האָט מען אויך געפֿונען ביי איהם בריעף פֿון פֿאָרטון האַנרי, אַ ברודער פֿון דעם טראַ־ריסט עמיל האַנרי, ס'איז אויך אונבעשטרייטבאַר געווען, אַז פֿאַר איז פּערזענליך בעקאַנט געווען מיט איינִיגע פֿון די אַנגעקלאַגטע. וואָס מעהר האָט מען נאָך געדאַרפֿט, אום צו פֿעראורטהיילען אַ מענשען?

פֿאַר האָט מיט לייכטינקייט אויפֿגעוויזען די אונזיניגקייט פֿון דער גאַנצער אָנקלאַגע, אָבער לויט דעם בעשלוס פֿון דעם געריכט איז די גאַנצע פֿערהאַנדלונג געגען איהם ניט פֿערעפֿענט־ליכט געוואָרען אין דער פּרעסע.

דער נעכסטער אַנגעקלאַגטער איז געווען לעדראַ, און דער פּרעזידענט האָט בעמערקט, אַז פֿון יעצט אָן וועט די פֿערהאַנד־לונג זיין אָן עפֿענטליכע, ד. ה. מען וועט צולאָזען די פֿערטרע־טער פֿון דער פּרעסע. די גאַנצע אָנקלאַגע געגען לעדראַ האָט זיך געגרינדעט אויף דעם פֿאַקט, אַז ער איז געווען דער עקספּעדי־טאָר פֿון „לאַ רעוואָלט", ווען זשאַן גראַוו איז אַרעסטירט געוואָרען.

באַלד ווען דער פּרעזידענט האָט אויסגערופֿען לעדראַ'ס נאָמען, האָט לעדראַ איהם געשטעלט די פֿאָלגענדע פֿראַגע: „איידער איך וועל אייך ענטפֿערן אויף אייערע פֿראַגען, פֿאָדער איך פֿון אייך, איהר זאָלט מיר ערקלעהרען, אויף וואָס פֿאַר אַ געזעץ איהר גרינדעט מיין אַרעסטירונג. איך זיץ יעצט זעקס מאָנאַטען אין געפֿענגניס, און איך וויל וויסען פֿאַר וואָס."

„איהר זייט געווען דער עקספּעדיטאָר פֿון „לאַ רעוואָלט", ווען זשאַן גראַוו איז אַרעסטירט געוואָרען", האָט געענטפֿערט דער

פּרעזידענט. — „הייסט עס, אַז איך בין אָנגעקלאָגט אַלס אַן עקס־פּעדיטאָר פון אַ צייטונג?" האָט לעדראָ ווייטער געפרעגט. „איך האָב קיינמאָל ניט געשריבען אַן אַרטיקעל פאַר דער צייטונג און איך בין קיינמאָל ניט געווען פעראַנטוואָרטליך פאַר דער רע־דאַקציאָן." — „דאָס איז ניט דער פונקט", האָט דער פּרעזידענט גע-ענטפערט, „אָבער איהר האָט געשפּיעלט אַן אינטעלעקטועלע ראָלע."

אַ מיטעל אַלטערליכער אינקוויזיטאָר וואָלט רוים געוואָרען פון שאַנדע, הערענדיג אַזעלכע ווערטער. — „איך פערשטעה ניט אייערע ווערטער", האָט לעדראָ ערקלעהרט — „קענט איהר מיר צייגען אַרטיקלען, וועלכע איך האָב געשריבען? — ניין! בין איך געווען דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג? — ניין! בין איך אָנגעקלאָגט פאַר אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ? — ניין! איך בין אָנגעקלאָגט אַלס אַ „מיטגליד פון אַן אָרגאַניזאַציאָן פון פער-ברעכער", דאָס איז אַלעס." — „איהר האָט פערעפענטליכט אין אייער צייטונג קאָרעספּאָנדענצען און אַנאָנסען פון אַנאַרכיסטישע פערזאַמלונגען!" — „דאָס איז געווען מיין רעכט, אַנדערע פאַר-טייען טהוען דאָסזעלבע!" — „איהר האָט ערהאַלטען געלד פאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ, און איהר האָט געגעבען 5 פראַנק צו וואַיאַן'ס פרוי". — „נו איז וואָס?" — „דאָס איז גענוג, איהר מעגט זיך זעצען."

אין דעם מאָמענט, ווען לעדראָ זעצט זיך ווידער אַנידער, הויבט זיך אויף סעבאַסטיאַן פאָר און ערקלעהרט: „איך פּראָ־טעסטיר געגען די פערעפענטליכונג פון די ווייטערע פערהאַנד-לונגען. אָדער מען זאָל אַלע פערהאַנדלונגען פערעפענטליכען, אָדער גאָר קיינע. איהר האָט אַ געזעץ, וועלכעס גיט אייך די מעגליכקייט צו אונטערדריקען אונזערע ערקלעהרונגען, אָבער דאָס געזעץ גיט אייך קיין רעכט ניט צו מאַכען אַן אונטערשייד צווישען די אָנגעקלאָגטע. איהר זאָגט אַליין, אַז פאַר דעם געזעץ זיינען אַלע מענשען גלייך, פאָלגליך האָט איהר קיין רעכט ניט צו מאַכען אַן אונטערשייד צווישען אונז. איהר האָט מיינע און גראַוו'ס פערהאַנדלונג ניט פערעפענטליכט, פאָלגליך דאַרפט איהר אויך ניט פערעפענטליכען די פערהאַנדלונגען פון די אַנדערע".

אויף אַזאַ זאַך האָבען זיך די אינקוויזיטאָרען גאָר ניט געריכט.

דער פרעזידענט האָט פלוצלינג פערלאָרען די שפּראַך און גע־קוקט אויף דעם פּראָקוראָר. די פאָדערונג פון סעבאַסטיאַן פאָר איז געווען לאָגיש און גערעכט, און דער פרעזידענט איז געווען אין אַ גרויסע פערלעגענהייט. ענדליך האָט ער ערקלעהרט, אַז ער איז ניט מעהר ווי אַ ריכטער און ער האַנדעלט אַזוי ווי דאָס גע־ריכט האָט בעשלאָסען.

דער נעכסטער אָנגעקלאָגטער איז געווען שאַטעל, אַ געוועז־ענער מיטאַרבייטער פון דעם „אַן-דעהאָר" און סעקרעטער פון דער „רעווי אַנאַרשיסט".

„אין דער צייט, ווען איהר זייט געווען דער סעקרעטאַר פון דער „רעווי אַנאַרשיסט", זיינען פערעפענטליכט געוואָרען זעהר שאַרפע אַרטיקלען", האָט געזאָגט דער פרעזידענט. — „יעדער איינער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דאָס וואָס ער שרייבט", האָט שאַטעל נעענטפערט. „צייגט מיר די אַרטיקלען, וועלכע איך האָב געשריבען און מאַכט מיר ניט פעראַנטוואָרטליך פאַר אַנדערע זאַכען. איך בין אַן אינדיווידואַליסט און האָב זיך קיינמאָל ניט אָבגעגעבען מיט גרופּען". — „איהר זייט אָבער דאָך יאָ געווען אין גרופּען". — „אַמאָל, ווען איך בין נאָך געווען גענוג דום, אָבער ניט יעצט. איך האָב ניט די קלענסטע בעציהונגען צו די אַנדערע גענאָסען". — „אָבער איהר זייט דאָך אַן אַנאַרכיסט!" —„געוויס, אָבער וואָס בעווייזט דאָס? ווען איינער איז אַ רע־פּובליקאַנער, מוז ער דערפאַר זיין אַ גענאָסע פון אַלע רעפּוב־ליקאַנער? פאַר אייך בין איך קיין אַנדערער ווי שאַטעל, דאָס איז אַלעס" — דער פרעזידענט האָט דאַן נעגעבען איינינע אויסציגע פון שאַטעל'ס אַרטיקלען און האָט איהם געהייסען זיך אַוועקזעצען.

עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען די פערהאַנדלונגען פון יעדען איינציגען פון די אָנגעקלאָגטע; מען וואָלט געקענט אָנפּי־לען אַ גאַנצעס בוך מיט אַלע דיזע לעכערליכקייטען, אויף וועלכע כמעט אַלע אָנקלאַגען האָבען זיך געגרינדעט. דערפאַר וועלען מיר נאָך דערמאָהנען די כאַראַקטעריסטישסטע פערהאַנדלונגען, וועלכע אילוסטרירען אַם בעסטען דעם גאַנצען פּראָצעס.

העכסט אינטערעסאַנט און קורץ איז געווען די פֿערהאַנד־לונג געגען באַסטאַר, וועלכער איז געווען אַ בעקאַנטער אַנאַר־כיסטישער פּראָפּאַגאַנדיסט. באַסטאַר האָט געאַרבייט ביי פּאָל רעקלו אין וואַראַנזשוויל, און דאָס איז געווען דער איינציגער גרונד פֿון זיין אַרעסטירונג.

„האָט איהר געמאַכט פּראָפּאַגאַנדאַ אין וואַראַנזשוויל?" האָט געפֿרעגט דער פּרעזידענט. — „קיינמאָל ניט!" האָט באַסטאַר געענטפֿערט. — „איהר לייקענט עס אַלוּאַ אַב, אָבער איינער פֿון אייערע פֿריינד האָט אייך געשריבען אַ בריעף, אין וועלכען עס קומען פֿאָר די פֿאָלגענדע ווערטער: „פֿערנאַכלעסיג ניט די פּראָ־פּאַגאַנדאַ. עס לעבע די אַנאַרכיע! מיר וועלען שטאַרבען פֿאַר אונזער אידעאַל, אָבער די בורזשואַזיע וועט מוזען קראַפּירען צו־זאַמען מיט אונז". — „איך האָב דיזען בריעף ערשט געזעהן אין דער אונטערזוכונג, די פּאָליציי האָט איהם קאָנפֿיסקירט אויף דער פּאָסט, און איך בין איבערצייגט, אַז די פּאָליציי האָט איהם אַליין געשריבען." — „איין זאַך איז זיכער, ער איז געשריבען געוואָרען." — ווי גרויסאַרטיג דאָס קלינגט. פּושע, דער בעריהמ־טער פּאָליציי־מיניסטער פֿון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען איז געווען אַ לעהר־אינגעל אין פֿערגלייך מיט די מאַכער פֿון דיזען פּראָצעס.

„אָבער איהר גיט דאָך צו, אַז איהר האָט געפֿריידיגט די אַנאַרכיע?" האָט דער פּרעזידענט ווייטער געפֿרעגט. — „גאַנץ געוויס! דאָס איז געווען מיין רעכט. דאָס וואָרט איז געווען פֿריי און איך בין פֿאַר קיין זאַך ניט פֿערפֿאָלגט געוואָרען". — „ניין, איהר האָט ניט קיין רעכט צו פּריידיגען אַנאַרכיסטישע טהעאָ־ריען!" האָט דער פּרעזידענט געשריען מיט אַן אויפֿגערעגטער שטימע.

לאַגאַס, דער אַדוואָקאַט פֿון באַסטאַר האָט זיך אויפֿגעהויי־בען און געפֿרעגט: „אפשר קענט איהר מיר זאָגען, הערר פּרע־זידענט, פֿאַר וואָס מען האָט אייגענטליך אָנגעקלאָגט באַסטאַר'ן? איך האָב מיר גוט צוגעהערט צו אייערע אַלע ווערטער, אָבער איך האָב ניט געפֿונען דעם קלענסטען אַרגומענט, וועלכער זאָל רעכטפֿערטיגען אַן אָנקלאַגע. איך בין אַן אַדוואָקאַט, און מיין

אויפגאַבע איז צו פֿערטהיידיגען באַסטאַר'ן, אָבער צוערשט מוז איך וויסען, פֿאַר וואָס מען קלאָגט איהם אָן." און באַסטאַר האָט צוגעזעצט צו די ווערטער פֿון זיין אַדוואָקאַט: „אָט דאָס זיינען די בעווייזע דורך וועלכע מען וויל אונז פֿעראורטהיילען צו 20 יאָהר קאַטאָרגע!" — דער פּרעזידענט האָט קיין וואָרט ניט גע־זאָגט און איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער פֿערהאַנדלונג.

איינער פֿון די אינטערעסאַנטעסטע אָנגעקלאָגטע איז געווען פֿענעאָן, אַ קאַלט־בלוטיגער, פֿלעגמאַטישער כאַראַקטער, אַ מאַן מיט אויסערגעוועהנליכע פֿעהיגקייטען און אין דערזועלבער צייט אַ ביטערער סאַטיריקער. פֿענעאָן איז בעשעפֿטיגט געווען אין פֿראַנצויזישען קריעגס־מיניסטעריום. ער האָט געשריבען פֿער־שידענע אַרטיקלען פֿאַר די אַנאַרכיסטישע צייטונג „אַן־דעהאָר". אויך האָט מען געפֿונען ביי איהם אַ פֿלעשעל קוועקזילבער און עטליכע רעהרען, פֿון וועלכע די אָנקלאַגע האָט בעהויפּטעט, אַז זיי זיינען בעשטימט געווען פֿאַר עקספּלאָזיוו־קערפּערס.

„איהר זייט געווען אַ מיטאַרבייטער פֿון „ל'אַן־דעהאָר," האָט געזאָגט דער פּרעזידענט. — „איך האָב געשריבען אַ ביב־ליאָגראַפֿישע נאָטיץ און צוויי אַרטיקלען איבער קונסט און מאַלע־ריי אין דיזער צייטשריפֿט; דאָס איז אַלעס." — „איהר האָט אַלזאָ געשריבען פֿאַר אַ זשורנאַל, וועלכער האָט געהאַט די מיסיאָן צו בעליידיגען אונזער אַרמעע." — „דער „אַן־דעהאָר" האָט איבערהויפּט ניט געהאַט קיין מיסיאָן. יעדער האָט געשריבען, וואָס ער האָט געוואָלט." — „איהר זייט געווען אַן אינטימער פֿריינד פֿון אַלעקסאַנדער קאָהען."*) — „ער איז געווען מיין פֿריינד, נאָר אינטים זיינען מיר ניט געווען." — „איהר זייט אַלזאָ אַ פֿריינד פֿון אַ מענשען, וועלכער האָט געשריבען אין אַ בריעף אַזעלכע

---

*) קאָהען איז געווען אַ האָלענדישער אַנאַרכיסט, וועלכער האָט געלעבט אין פּאַריז און איז שפּעטער אַרויסגעשיקט געוואָרען פֿון פֿראַנקרייך מיט קייטען אויף די הענד און פֿיס. ער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער שריפֿטשטעלער, און זיינע „פֿערברעכען" זיינען געווען דיזעלבע, ווי די פֿון אַלע אַנדערע אָנגעקלאָגטע אין דיזען פּראָצעס.

שענדליכע זאַכען איבער דעם גענעראַל דאָד און דעם מאַרשאַל מאַקמאַהאָן. און אין דערזעלבער צייט זייט איהר געווען בעשעפ־טיגט אין קריעגס־מיניסטעריום." — „דער בריעף איז ניט געווען אַדרעסירט צו מיר, און איך בין ניט פעראַנטוואָרטליך פאַר דאָס, וואָס קאָהען האָט געשריבען." — „איהר זייט אָבער געווען דער פריינד פון אַ מאַן, וועלכער האָט אַטאַקירט די אַרמעע און אָבגעלייקענט די אידעע פון פאָטערלאַנד. איהר זייט אויך געווען אַן אינטימער פריינד פון דעם דייטשען אַנאַרכיסט בערנהאַרד קאַמפפמייער." — „אונזער פריינדשאַפט האָט ניט געקענט זיין אַזוי אינטים, דערפאַר, וואָס איך פערשטעה ניט קיין וואָרט דייטש און ער פערשטעהט ניט קיין פראַנצויזיש." דיזע ווערטער, ווי איבערהויפט פיעלע אַנדערע קאָמישע בעמערקונגען פון פענעאָן האָבען אַרויסגערופען דעם געלעכטער פון פובליקום, הויפטזעכליך, ווען דער אָנגעקלאָגטער האָט דעם פרעזידענט איינמאָל געמאַכט אויפמערקזאַם אויף אַ שפראַך־פעהלער.

ענדליך קומט דער פרעזידענט צו די זאַכען, וועלכע מען האָט געפונען ביי פענעאָן: פענעאָן ערקלעהרט, אַז די רעהרען האָט ער געפונען אין דעם צימער פון זיין פאָטער, ווען ער איז געשטאָרבען. ווען די פערפאָלגונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען האָט ער זיי מיטגענומען אין זיין ביוראָ אין קריעגס־מיניסטעריום, אום ניט צו פערשאַפען זיין מוטער קיין אונאַנגענעהמליכקייטען. — „מען האָט ביי אייך אויך געפונען אַ פלעשעל קוועקזילבער," האָט דער פרעזידענט ווייטער געזאָגט. „ווייסט איהר, אַז דאָס געזעץ פון 1893 בעשטראָפט ניט נאָר יעדען איינציגען, וועלכער האַלט ביי זיך עקספלאָזיוו־שטאָפען, זאָנדערן אויך די יעניגע, וועלכע האַלטען ביי זיך אַזעלכע שטאָפען, מיט וועלכע מען פערפערטיגט עקספלאָזיוו־שטאָפען?" — „אָבער הערר פרעזידענט", זאָגט פע־נעאָן גאַנץ קאַלטבלוטיג, „איהר ווייסט דאָך, אַז קוועקזילבער געברויכט מען אויך צו מאַכען באַראָמעטערס און טעהרמאָמע־טערס." — „אייער ערקלעהרונג איז זעהר אונוואַהרשיינליך, און איך גלויב, אַז אימיצער האָט אייך געגעבען דיזע זאַכען, איהר

זאָלט עס בעהאַלטען פֿאַר איהם, נאָר אייער עהרע ערלויבט אייך ניט צו זאָגען דעם אמת."

נאָך דעם האָט זיך דער פּרעזידענט נאָך בעשעפֿטיגט מיט איין אָנגעקלאָגטען און איז דאַן איבערגעגאַנגען צו די „עקספּראָפּריאַטאָרס". די אינטערעסאַנטעסטע פּערזענליכקייט צווישען זיי איז געוועזען אַ געוויסער אָרטיז, דער פֿיהרער פֿון אַ קליינער געזעלשאַפֿט פֿון מענשען, וועלכע האָבען אָנגעפֿיהרט אַ „פּראַקטישען קריעג געגען דאָס אייגענטהום". אָרטיז איז געוועזען אַן ענערגישער כאַראַקטער, אָבער די אידעען, וועלכע ער האָט פֿערטראָטען, זיינען געוועזען זעהר אונקלאָהר און האָבען זיכער ניט געהאַט צו טהאָן מיט'ן אַנאַרכיזמוס, אָבוואָהל ער איז בעקאַנט געוועזען מיט איינע אַנאַרכיסטען ווי עמיל האַנרי, שופּ און אַנדערע. איינע פֿון די אַנדערע אָנגעקלאָגטע האָבען זיך אויך גערופֿען אַנאַרכיסטען, אָבער עס איז זיכער, אַז זיי האָבען אונטער דיזען וואָרט מעהר ניט פֿערשטאַנען ווי די אינדיווידועלע עקספּראָפּריאַציאָן. אין יענער שטורמישער צייט האָבען זיך געפֿונען אַ סך אַזעלכע עלעמענטען, וועלכע האָבען פֿערטרעטען די אינדיווידועלע עקספּראָפּריאַציאָן. מאַנכע פֿון זיי זיינען זיכער געוועזען עהרליכע און איבערגעבענע מענשען; אָבער די מייסטע זיינען געוועזען וויט פֿון יעדער נאָבעלער אידעע און האָבען נאָר בענוצט דעם אַנאַרכיזמוס אַלס אַ מאַנטעל פֿאַר זייערע פּערזענליכע אינטערעסען. זשאַן גראַוו און כמעט אַלע אַנדערע בעקאַנטע פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון דעם אַנאַרכיזמוס אין פֿראַנקרייך האָבען זיך עפֿענטליך ערקלעהרט געגען אַ מעטהאָדע, וועלכע קען נאָר שאָדען ברייננגען פֿאַר דער בעוועגונג און קאָמפּראָמיטירען דעם אַנאַרכיזמוס ביי די מאַסען. זשאַן גראַוו און זיינע פֿריינדע האָבען דיזעלבע אַנזיכטען אויך פֿערטראָטען אין דיזען פּראָצעס, אָבוואָהל דער פּראָקוראָר האָט געטהאָן אַלעס, וואָס ער האָט נאָר געקענט, אום זיי צו מאַכען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דיזע האַנדלונגען.

אָרטיז און זיינע גענאָסען זיינען געוועזען אָנגעקלאָגט וועגען עטליכע גרויסע גנבות, וועלכע זיי האָבען בעגאַנגען אין **1893**.

די בעווייזע זיינען געווען צו שטארק און צאָהלרייך, אַז עס איז געווען אונמעגליך פאַר די אָבצולייקענען. מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, אַז דער פראָקוראָר האָט נאָך דערפאַר פערבונדען דעם פראָצעס געגען אָרטיז און זיינע גענאָסען מיט דעם פראָצעס פון די איבעריגע אָנגעקלאָגטע, אום די לעצטע אַזוי פיעל ווי נאָר מעגליך צו קאָמפּראָמיטירען. אָבער די ערשטע צוויי טעג פון די פערהאַנדלונגען געגען גראַוו, פאָר און זייערע איבעריגע גענאָסען האָט זיך די רעאַקציאָנערע רעגירונג און די שענדליכע טאַקטיק פון דעם אינקוויזיטאָר בילאָ אַזוי שרעקליך קאָמפּראָמיטירט, אַז דער גאַנצער פּלאַן האָט זיך געענדיגט מיט אַ געפעהרליכען דורכפאַל פון דער רעגירונג. די פערהאַנדלונגען געגען אָרטיז און זיינע גענאָסען האָבען נאָך פערשטאַרקערט דעם אַלגעמיינען אָבשיי געגען דאָס שענדליכע קאָמפּלאָט, וועלכעס די רעאַקציאָנערע האָבען געפּלאַנעוועט, אום צו דערשטיקען יעדע פרייהייטליכע בעוועגונג אין פראַנקרייך.

נאָך די פערהאַנדלונגען געגען די עקספּראָפּריאַטאָרס האָט מען גערופען די עדות, מייסטענטהיילס קאָנסיערזשעס, וועלכע שפּילען אין פראַנקרייך דיזעלבע ראָלע ווי אין רוסלאַנד די דוואָרניקעס, און וועלכע שטעהען כמעט אַלע אים דינסט פון דער פּאָליציי. די בעהויפּטונגען, וועלכע דיזע פערקויפטע נשמות האָבען געמאַכט זיינען געווען אַזוי לעכערליך און אונוואַהרשיינליך, אַז יעדער פערנינפטיגער מענש האָט באַלד געקענט בעמערקען, אַז די גאַנצע געשיכטע איז געווען פאָרבערייטעט און איינשטודירט פון דער פּאָליציי.

אויסער דיזע עדות זיינען ערשינען נאָך איינינע קינסטלער און בעאַמטע פון דעם קריעגס-מיניסטעריום, וועלכע האָבען אָבגעגעבען זייער מיינונג וועגען פענעאָן. קיין נייעס האָבען דיזע ערקלעהרונגען ניט געבראַכט, און דערפאַר איז עס ניט אינטערעסאַנט, מיר זאָלען זיך ווייטער דערמיט בעשעפטיגען. נאָר איין פאַל איז אין דיזער בעציהונג ווערטה צו בעמערקען. קורץ נאָך דער אַרעסטירונג פון די אָנגעקלאָגטע האָט די רעאַקציאָנערע פּרעסע פּובליצירט צאָהלרייכע שמוץ-אַרטיקלען געגען די

אַנגעקלאָגטע. אַ געוויסער עפּאַרבע, איינער פֿון יענע פֿערקויפֿטע פּאָליציי־זשורנאַליסטען, וועלכע זיינען שטענדיג בערייט צו פֿער־עפֿענטליכען די ערגסטע ליגענס און פֿערלוימדונגען, אום צו קאָמפּראָמיטירען עהרליכע מענשען פֿאַר דער עפֿענטליכקייט, האָט פֿערעפֿענטליכט אַ געפֿעהרליכען שמוץ־אַרטיקעל געגען די פּאַרטיי־זער אַנאַרכיסטען און הויפּטזעכליך געגען סעבאַסטיאַן פֿאָר. ווען דיזער עדות איז אויפֿגערופֿען געוואָרען, האָט איהם פֿאָר׳ס אַד־וואָקאַט געשטעלט די פֿראַגע: „האָט איהר פערזענליך געקענט סעבאַסטיאַן פֿאָר, ווען איהר האָט געשריבען דיזען אַרטיקעל?" — „ניין, מיין העררר", האָט דער עדות געענטפֿערט. — „פֿון וואָס פֿאַר אַ קוועלע האָט איהר גענומען אייערע בעהויפּטונגען?" האָט דער אַדוואָקאַט ווייטער געפֿרעגט. ביי דיזע ווערטער האָט זיך דער פּרעזידענט געווענדעט צו דעם עדות און געזאָגט: „איהר זייט ניט געצוואונגען צו ענטפֿערן אויף דיזע פֿראַגע." אָבער דער אַדוואָקאַט האָט איהם געענטפֿערט: „איך האָף, אַז דער עדות וועט ענטפֿערן אויף מיין פֿראַגע." ענדליך האָט דער עדות ערקלעהרט, אַז ער האָט זיין מאַטעריאַל גענומען פֿון דער פּאָליציי. דיזע ערקלעהרונג האָט אַרויסגערופֿען אַ שרעקליכע אויפֿרעגונג, זי האָט געווירקט ווי אַ טויט־קלאַפּ פֿאַר די מאַכער פֿון דעם פּראָצעס, דען זי האָט קלאָהר און דייטליך בעוויזען, אַז די פּאָליציי און די פּרעסע אַרבייטען שטענדיג האַנד אין האַנד. און דאָס איז ניט נאָר דער פֿאַל אין פֿראַנקרייך, זאָנדערן איבעראַל, און די מייסטע פֿון יענע שענדליכע שמוץ־אַרטיקלען, וועלכע ערשיינען פֿון צייט צו צייט אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע, שטאַמען דירעקט אָב פֿון דער פּאָליציי.

ענדליך האָט דער פּראָקוראָר גענומען דאָס וואָרט, אום צו פֿאָדערן די בעשטראָפֿונג פֿון זיינע אָפּפֿער. די לאַגע פֿון מאָנסיע בילאָ איז דעמאָלט ניט געווען קיין גינסטיגע. דער גאַנצער פּראָ־צעס האָט די רעאַקציאָנערע רעגירונג שרעקליך קאָמפּראָמיטירט פֿאַר דער עפֿענטליכקייט, און די לעצטע מאָמענטען פֿון די פֿערהאַנדלונגען געגען די אָנגעקלאָגטע, וועלכע האָבען דייטליך בעוויזען די שמוציגע אַרבייט פֿון דער פּאָליציי און דער פּרעסע,

האָבען איבעראַל אַרויסגערופען אַ געפיהל פון אַ מאָראַלישען עקעל און פעראַכטונג. אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט מען ניט געקענט ערוואַרטען, אַז די סאָפּיסטישע מיטלען, אין וועלכע דער פראָקוראָר איז געווען אַזוי רייך, זאָלען מאַכען וואָס פאַר עס איז איינדרוק אויף די געשוואָרענע, וועלכע זיינען מעהר אָדער וויניגער בעאיינפלוסט געוואָרען פון דער עפענטליכער מיינונג.

די גאַנצע רעדע פון דעם פראָקוראָר איז געווען פוסט און אינהאַלטסלאָז. אַלעס וואָס ער האָט געקענט טהאָן, איז צו בעהויפטען, אַז די טהעאָרעטיקער פון דעם אַנאַרכיזמוס זיינען די אייגענטליכע פעראורזאַכער פון די טעראָריסטישע טהאַטען, פאָלגליך דאַרף מען אַלע אָנגעקלאָגטע פעראורטהיילען, דערפאַר וואָס זיי זיינען פעראַנטוואָרטליך פאַר אַלע אַטענטאַטען, וועלכע האָבען שטאַטגעפונען זייט די לעצטע עטליכע יאָהר צייט. ער האָט אפילו ניט פערזוכט צו בעווייזען, אַז עס האָט יאָ עקזיסטירט אַ פערבינדונג צווישען די אָנגעקלאָגטע, ווי די אָנקלאַגע האָט בעהויפטעט. עס איז געווען די רעדע פון אַ מיטעלאַלטערליכען אינקוויזיטאָר, וועלכער פאָדערט די פעראורטהיילונג פון זיינע אָפּפער, ניט דערפאַר וואָס זיי זיינען שולדיג, זאָנדערן דערפאַר וואָס מען האָט זיי אָנגעקלאָגט.

מאָנסיע בילאָ האָט זאָגאַר אַטאַקירט פערזאָנען, וועלכע זיינען גאָר ניט געווען פערמישט אין דעם פראָצעס. ער האָט אָנגערופען עליזעע רעקלו און בעדויערט, וואָס ער זיצט ניט אויף דער באַנק פון די אָנגעקלאָגטע. נאָר אָם מייסטען האָט ער אַטאַקירט זשאַן גראַוו, סעבאַסטיאַן פאָר, באַסטאַר, בערנאַר און מאַטהאַ. פאַר זיי האָט ער געפאָדערט די שטריינגסטע בעשטראָפונג, וועלכע דאָס געזעץ לאָזט נאָר צו. הערר בילאָ האָט זיך געגעבען די גרעסטע מיה, און ווען ער האָט ניט געהאַט קיין אַרגומענטען, האָט ער אַם וויינִיגסטענס פערזוכט דורך אַקטיאָרישע קונצען צו בעאיינפלוסען דאָס פובליקום און די געשוואָרענע; אָבער אויך דאָס איז געווען אומזיסט, און ווען ער האָט זיך צום שלוס פון זיין רעדע געווענדעט צו די אָנגעקלאָגטע מיט די ווערטער: „איהר זייט אַלע פערברעכער!" האָט ער נאָר געפונען

איין זאַך: אייזקאַלטעס שטילשווייגען און אַלגעמיינע פֿעראַכטונג.

סענט אָבאַן, דער בעריהמטער אַדוואָקאַט פֿון זשאַן גראַוו, וועלכער האָט איהם שוין פֿריהער אַזוי גלענצענד פֿערטהיידיגט, אין זיין פּראָצעס וועגען דעם בוך „די אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפֿט און די אַנאַרכיע,“ האָט צוערשט גענומען דאָס וואָרט נאָך דער רעדע פֿון דעם פּראָקוראָר.

„מיינע העררן! איך וועל דיזעס מאָל ניט האַלטען קיין לאַנגע רעדע; איך וועל זיך ניט בעשעפֿטיגען מיט ליטעראַטור, פֿילאָזאָפֿיע, פּרינציפּען און טהעאָריען. איך האָב ניט די פֿעהיגקייט פֿון דעם פּראָקוראָר, און דערפֿאַר וועל איך אויסשליסליך רעדען פֿון די טרוקענע פֿאַקטען.

דריי שטונדען צייט האָט דער פּראָקוראָר גערעדט געגען זשאַן גראַוו. ער האָט זיך בענוצט מיט אַלע ווערטער, וועלכע די שפּראַכע קען נאָר אויסגעפֿינען, אום צו פֿעררינגערן די אַבסאָלוטע פֿעסטקייט פֿון דער אָנקלאַגע און די פֿערהאַנדלונגען. וואָס האָט איהר פֿאָרגעבראַכט געגען זשאַן גראַוו? איהר האָט ניט קיין איינציגען עדות, קיין איינציגען בעוויז, איהר האָט אפילו קיין אורזאַכע ניט פֿאַר אייערע בעשולדיגונגען. אייער גאַנצער אַרגומענט איז אַ בראָשורע, וועלכע איז אָנגעשריבען געוואָרען אין 1883, מיט עלף יאָהר צוריק, מען האָט כמעט שוין פֿערגעסען דעם נאָמען. איהר האָט גערעדט פֿון פיני, דיוואַל, ראַוואַשאָל, עמיל האַנרי, איהר האָט צוריקגערופֿען די בלוטיגע שאָטענס פֿון די גיליאָטינירטע אין פֿראַנקרייך, דעם שאָטען פֿון פּאַליאַס, וועלכער איז דערשאָסען געוואָרען אין באַרצעלאָנאַ; איהר האָט אַפּעלירט צו אַלע געפֿיהלען, צו שרעק און מיטלייד, נאָר איין זאַך האָט איהר פֿערגעסען, איהר האָט אונז ניט געזאָגט די פֿערברעכען, וועלכע זשאַן גראַוו האָט בעגאַנגען.

צו איינעם האָט מען געזאָגט: „דו האָסט אַוועקגעשיקט אַ בריעף“, צו דעם צווייטען: „דו האָסט ערהאַלטען אַ בריעף!“ ס'איז אמת, דו האָסט קיין זאַך ניט געטהאָן, נאָר דו ביסט געפֿעהרליך, און אין דעם נאָמען פֿון די אַלגעמיינע אינטערעסען איז עס נויטווענדיג צו פֿערגוואַלטיגען די גערעכטיגקייט.

אָבער איך זאָג אייך, אויב איהר ווילט רעטען די געזעל־שאַפט, דאַן ראַטעוועט פריהער די גערעכטיגקייט, דען אַ געזעל־שאַפט אָהן גערעכטיגקייט איז אַ קערפּער אָהן אַ נשמה.

אום צו פערראורטהיילען די אָנגעקלאָגטע האָט מען אַריינגעמישט אין דיזען פּראָצעס די האַנדלונגען פון אַזעלכע מענשען, מיט וועלכע מענער ווי זשאַן גראַוו און זיינע גענאָסען האָבען קיינמאָל ניט געהאַט די קלענסטע בעציהונגען. מען האָט אונז פאָרגעלייגט גע׳גנב׳עטע יוֹאוועלען און אַנדערע שעהנע זאַכען; נאָר איך פערשטעה ניט דעם סימבאָלישען זין פון דעם (געלעכטער). מען האָט אונז געצייגט אַ פלעשעל מיט קוועקזילבער, אום איינינגע בעמיקער צו געבען די מעגליכקייט אונז צו צייגען וואָס זיי קענען. אָבער איך פרעג אייך, מיינע הערן, וואָס האָט דאָס אַלעס צו טהאָן מיט דער אָנקלאַגע? נאָר לאָמיר שוין אַוועקלייגען דיזע אַלע אונזיניגקייטען אָן אַ זייט און זיך בעסער האַלטען ביי׳ן פונקט.

מען רופט זשאַן גראַוו אַ פערברעכער. מען בעשולדיגט איהם, אַז ער האָט בעלאַנגט צו אַ געזעלשאַפט פון פערברעכער; אָבער ווילט איהר מיר פיליייכט זאָגען, וואו עס האָט עקזיסטירט אַזאַ מין געזעלשאַפט? וואָס איז געווען איהר ציעל? צוליעב וואָס האָט זיך גראַוו איינגעשלאָסען אָן איהר? ווער זיינען געווען די איבעריגע מיטגליעדער?

דער פּראָקוראָר האָט פון דאָס ניי אַטאַקירט זשאַן גראַוו׳ס בוך: „די אָבשטאַרבענדע געזעלשאַפט און די אַנאַרכיע.“ אָבער וואָס האָט דאָס בוך צו טהאָן מיט דעם יעצטיגען פּראָצעס? גראַוו איז אין 1893 פערורטהיילט געוואָרען וועגען זיין ווערק? וואָס ווייטער ווילט איהר פון איהם? ווילט איהר נאָך צולייגען 20 יאָהר קערקער צו זיין ערשטער פערורטהיילונג?

דער פּראָקוראָר האָט אונז געוואָלט בעווייזען, אַז דאָס געזעץ פון 1893 איז ספּעציעל געמאַכט געוואָרען צו בעשטראָפען די פעראייניגונג צווישען מענשען, וועלכע האָבען זיך קיינמאָל ניט געזעהן איינער דעם צווייטען און פאַר פערברעכען, וועלכע זיי האָבען קיינמאָל ניט בעגאַנגען. ניין, מיינע הערן, עס איז

נִיט די אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע מען פֿערפֿאָלגט, עס איז די אידעע, וועלכע מען וויל אונטערדריקען.

אָבער פֿערגעסט ניט, מיינע הערען, אַז אידעען קען מען קיינמאָל ניט אונטערדריקען דורך אונגערעכטע פֿערפֿאָלגונגען. ווען זשאַן גראַוו איז איינער פֿון די, וועלכע וועקען אויף די מענשהייט און מאַכען איהר צו געהן פֿאָרוועדטס, דאַן איז ער אין דערזעלבער צייט אויך איינער פֿון די, וועלכע צייגען די ליידענדע און אונטערדריקטע מאַסען דאָס לאַנד דער צוקונפֿט, די פֿערשפּראָכענע ערד, אויף וועלכע זיי וואַרטען שוין הונדערטער און הונדערטער יאָהרען. אַזעלכע מענער זיינען די סאָלדאַטען פֿון דעם פֿרייען געדאַנק, און אייערע קערקערס און אונגערעכטיגקייטען וועלען זיי קיינמאָל ניט אָבשטעלען אין זייער מאַרש.

איהר ווייסט אַליין, אַז עס האָט ניט עקזיסטירט קיין קאָנספּיראַציע צווישען דיזע מענער. איהר ווייסט אַלע, אַז דיזע בעהויפּטונגען זיינען ניט מעהר ווי פּוסטע ווערטער, אום אויסצופֿיהרען אַ בעשטימטען צוועק. נון גוט, מיינע הערען, האָט אַם וויינינגסטענס מוטה, אמת'ן מוטה: הערט זיך ניט צו צו דעם בעשלוס פֿון די הייגקער, דען איהר זייט געקומען אום צו ריכטען.

און אויב איהר האָט מורא, דאַן פֿערניכטעט דיזע מענער, אָבער פּרעטענדירט ניט, אַז איהר האָט זיי געריכטעט. די ערגסטע זאַך, וועלכע איהר קענט בעגעהן, איז צו געבען דער ברוטאַליטעט פֿון אַ הינריכטונג דעם כאַראַקטער פֿון אַ געזעצליכען אורטהייל.

איך האָב געענדיגט און געטהאָן מיין פֿליכט; און יעצט, אויב איהר האָט דעם מוטה צו טהאָן דאָס, וואָס מען פֿאָדערט פֿון אייך, טהוט עס.״

***

דיזע רעדע האָט געמאַכט אַ טיעפֿען איינדרוק אויף דאָס פּובליקום, וועלכעס האָט אויפֿגענומען די ווערטער פֿון סט. אָבאַן מיט לויטע אַפּלאָדיסמענטען און אַלגעמיינער צושטימונג. און

דאָך זיינען עס נאָר געווען די טרוקענע פֿאַקטען, וועלכע גראַוו'ס אַדוואָקאַט האָט בעהאַנדעלט, צו בעווייזען די גאַנצע לעכערליכקייט פֿון דער אָנקלאַגע. יעדע רעטאָרישע אויספּוצונג וואָלט נאָר געקענט אָבשוואַכען דעם אַלגעמיינעם איינדרוק.

נאָך סענט אָבאַן האָט סעבאַסטיאַן פֿאָר'ס אַדוואָקאַט, דעפּלאַס, גענומען דאָס וואָרט, צו פֿערטהיידיגעז זיין קליענט. אויך זיין רעדע האָט זיך אויסשליסליך בעשעפֿטיגט מיט די איינפֿאַכע טהאַטזאַכען, וועלכע האָבען אַם בעסטען אויפֿגעדעקט דעם איינגענטליכען צוועק פֿון דער אָנקלאַגע.

„דאָס געזעץ פֿון 1893, וועלכעס בילדעט די גרונדלאַגע פֿון דער היינטיגער אָנקלאַגע", האָט דעפּלאַס ערקלעהרט, קען גאָר ניט אָנגעווענדעט ווערען אין דיזען פּראָצעס, דערפֿאַר וואָס עס ריכטעט זיך אויסשליסליך געגען אַזעלכע פֿעראייניגונגען, וועלכע האָבען די אויפֿגאַבע צו פּראַקטיצירען די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, אָבער עס ריכטעט זיך קיינמאָל ניט געגען די פּראָפּאַגאַנדאַ פֿון דער אידעע.

ליידער איז דאָס וואָרט „פֿעראייניגונג" אין דיזען פֿאַל זעהר אונקלאָהר און אונבעשטימט. מעהרערע דעפּוטאַטען האָבען דאָס אויסדריקליך בעמערקט, ווען דאָס געזעץ איז דיסקוטירט געוואָרען אין פּאַרלאַמענט, און דער מיניסטער איז געווען געצוואונגען צו געבען אַ בעשטימטע ערקלעהרונג. ער האָט געזאָגט: די בעדייטונג פֿון דעם וואָרט „פֿעראייניגונג" געפֿינען מיר דאָך שוין אין דעם געוועהנליכען געזעץ: עס איז דאָס קאָמפּלאָט, דער בעשלוס צו האַנדלען אין דעם זין פֿון אַ פֿערברעכערישען ציעל. מיינע הערין געשוואָרענע, עקזאַמינירט גוט דיזען בעגריף און פֿערגלייכט איהם מיט דער היינטיגער אָנקלאַגע. די גאַנצע אונטערזוכונג, אַלע פֿערהאַנדלונגען און דעבאַטען פֿון דיזען פּראָצעס האָבען אונז קלאָהר און דייטליך בעוויזען, אַז די אָנקלעגער האָבען ניט קיין אַנדערע אַרגומענטען פֿאַר זייער בעשולדיגונג ווי די, אַז זשאַן גראַוו האָט געשריבען בראָשורען און אַרטיקלען און סעבאַסטיאַן פֿאָר האָט אָבגעהאַלטען אַנאַרכיסטישע פֿערזאַמלונגען; מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז די

אנקלאַגע ריכטעט זיך אייגענטליך געגען די מינדליכע און שריפֿט־ליכע פּראָפּאַגאַנדאַ.

דאָס געזעץ פֿון 28טען יולי 1894 האָט נאָך געוואָרפֿען אַ מעהר דייטליכעס ליכט אויף די בעדייטונג פֿון דעם געזעץ פֿון 1893. די נייע געזעצע זיינען ענטשטאַנדען דירעקט אונטער דעם איינפֿלוס פֿון דעם שרעקליכען אַטענטאַט אין ליאָן. זיי זיינען אָנגענומען געוואָרען נאָך אַ לענגערער דיסקוסיאָן אין פּאַרלאַ־מענט, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף אַלע מיט־גליעדער.

דיזע געזעצע האָבען זיך ניט נאָר געריכטעט געגען די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, זאָנדערן אויך געגען די פּראָפּאַ־גאַנדאַ פֿון דער אידעע. נאָך דעם אַטענטאַט אין ליאָן איז מען געגאַנגען אַ שריט ווייטער אין דער פֿערפֿאָלגונג—און וואָס פֿאַר אַ גרויסער שריט איז דאָס געווען. פֿון דאַן אָן פֿערפֿאָלגט מען ניט נאָר די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, זאָנדען די מינדליכע און שריפֿטליכע פּראָפּאַגאַנדאַ, די קאָנספּיראַטיווע פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע ווערט אָנגעפֿיהרט דורך געהיימע גרופּען, דורך פּריוואַט־געשפּרעכע, און זאָגאַר דורך דער קאָרעספּאָנדענץ.

מען האָט דאַן ערקלעהרט, אַז דאָס געזעץ פֿון 1893 איז צו שוואַך, צו אונמעכטיג, אַז מען קען עס ניט אָנווענדען געגען די פּראָפּאַגאַנדאַ פֿון גרופּען, געגען פּריוואַט־פֿערזאַמלונגען א.ז.וו. מיר האָבען ניט קיין וואַפֿען, האָט מען געשריען. גיט אונז וואַפֿען, אום מיר זאָלען זיין אימשטאַנד ניט נאָר צו טרעפֿען די פּראָפּאַגאַנדיסטען דער טהאַט, נאָר אויך די עפֿענטליכע פּראָ־פּאַגאַנדאַ, וועלכע איז דער בעסטער מיטעל צו פֿערשפּרייטען די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט. פֿערגרעסערט די בעשטראָפֿונגען גע־גען די אַנאַרכיסטישע שרייבער און רעדנער. מיר מוזען ערפֿינ־דען אַ נייעם פֿערברעכען, אום קיינער זאָל זיך ניט מעהר קע־נען אַרויסדרעהן פֿון די הענד פֿון דער גערעכטיגקייט. אָט דאָס זיינען געווען די פֿאָדערונגען אין יענער צייט. ווען דער פּראָקו־ראָר בילאָ וואָלט דאַן געווען אַ מיטגליעד פֿון פּאַרלאַמענט, וואָלט ער זיכער צוגערופֿען דעם מיניסטער: „בעשטראָפֿט די

„פֿערשטענדיגונג", אָט האָט איהר אַ נייעס פֿערברעכען!" איינער פֿון די דעפּוטאַטען, הערר דעראַמעל, האָט אויך ווירקליך געמאַכט דיזען פֿאָרשלאַג, אָבער דער מיניסטער האָט ערקלעהרט, אַז מען קען נאָר בעשטראָפֿען דעם געמיינשאַפֿטליכען בעשלוס אָדער קאָנטראַקט צו האַנדלען פֿאַר אַ געוויסען צוועק.

אַם 2טען דעצעמבער, מיינע הערען, האָט דאָס נייע קייזעררייך פֿערפֿאָלגט אַלע רעפּובליקאַנער און זיי פֿערשיקט נאָך לאַמבעסאַ.

דאָס איז געוועזן איינע פֿון די גרעסטע נידערטרעכטיגקייטען, וועלכע מיר קענען זיך נאָר פֿאָרשטעלען; אָבער דאַמאָלסט האָט מען אַם וועניגסטענס געהאַנדעלט אָפֿען און פֿריי, מען איז ניט געוועזן אַזוי נידעריג היפּאָקריטיש צו געבען דיזען נידערטרעכטיגען פֿערברעכען דעם כאַראַקטער פֿון אַ פּראָצעס, מען האָט איהם ניט בעגאַנגען אין דעם נאָמען פֿון גערעכטיגקייט.

מיינע הערען געשוואָרענע, דאָס וואָס מען פֿאָדערט היינט פֿון אייך איז אַ ליגען, אַ געמיינע האַנדלונג, וועלכע וועט זיכער ניט האָבען דעם געווינשטען ערפֿאָלג. וואַרפֿט ניט אַוועק אייערע עהרליכע נעמען פֿאַר אַזאַ שענדליכקייט!"

אויף דיזע רעדע, וועלכע האָט זיך אויסשליסליך בעשעפֿטיגט מיט דער יוריסטישער אויסלייגונג פֿון די אויסנאַהמע-געזעצע פֿון 1893 און 1894, האָט געמאַכט אַ טיעפֿען איינדרוק אויף דאָס פּובליקום און די געשוואָרענע. אָבער ווען דער אַדוואָקאַט דעפּלאַס האָט זיך נאָך אַמאָל אויפֿגעהויבען פֿון זיין פּלאַץ און געפֿאָדערט דאָס וואָרט פֿאַר סעבאַסטיאַן פֿאָר, האָט די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט דערגרייכט דעם העכסטען גראַד.

דער פּרעזידענט האָט דעם אַנאַרכיסטישען אַגיטאַטאָר פֿריהער נאָך אַמאָל דערמאָהנט, אַז ער וועט איהם פֿאַר קיין פֿאַל ניט ערלויבען צו ענטוויקלען זיינע אידעען, אַלעס וואָס ער קען יאָ טהאָן, איז צו רעדען איבער די ריין טעכנישע זייטע פֿון דער אַנקלאַגע, אום זיך צו פֿערטהיידיגען. פֿאָר האָט געענטפֿערט מיט אַ איראָנישען שמייכעל און האָט זיך געווענדעט צו די געשוואָרענע און צום פּובליקום.

* * *

„מיינע העררן! מענשען וועלכע האָבען דאָס אונגליק צו שטעהן פֿאַר'ן געריכט אַלס אָנגעקלאָגטע ערוואַרטען אין אַלגעמיין מיט אונבעשטימטע און מורא'דיגע געפֿיהלען די שטונדע פֿון זייער אורטהייל. איך פֿאַר מיין פערזאָן ערוואַרט אייער אורטהייל מיט דער גרעסטער רוהיגקייט. איך האָב געוואַרט מיט אונגעדולד וועהרענד דער גאַנצער צייט, וואָס דער פּראָקוראָר און די פֿערטהיידיגער האָבען גערעדט, אויף דעם מאָמענט, ווען איך אַליין וועל ענדליך האָבען די מעגליכקייט צו ריידען צו עהרליכע, פֿרייע און געוויסענהאַפֿטע מענשען, צו פֿערטהיידיגען זיך אויף וואָס פֿאַר עס איז בעשולדיגונג האָב איך זיך ניט, דען מען האָט אפילו ניט געמאַכט דעם פֿערזוך צו פֿאָרמולירען אַ ריכטיגע אָנקלאַגע געגען מיר; אַלעס וואָס איך דיינק יעצט צו טהאָן איז צו פֿערטהיידיגען מיין עהרע. הערר דעפלאַס, מיין אַדוואָקאַט, האָט קלאָהר און דייטליך בעוויזען, אַז די אָנקלאַגע געגען מיר האָט ניט דעם קלענסטען יוריסטישען פֿונדאַמענט. איך וועל פֿערזוכען צו בעווייזען, אַז די גאַנצע אָנקלאַגע האָט אויך ניט די קלענסטע מאָראַלישע בעגרינדונג. הערר דעפלאַס האָט פֿערטהיידיגט מיין פֿרייהייט, איך וועל פֿערטהיידיגען מיין עהרע, וועלכע איז ביי מיר טהייערער פֿון מיין פערזענליכער פֿרייהייט.

שוין צוואַנציג מאָנאַט צייט, אַז איך זיץ אין געפֿענגניס. וועהרענד צוויי יאָהר צייט בין איך דריי מאָנאַט געווען פֿריי. אַלע איבעריגע מאָנאַטען האָב איך פֿערבראַכט אין געפֿענגניס. ווען איך בין אַלזאָ ווירקליך געווען „פֿעראייניגט" מיט מיינע מיטאָנגעקלאָגטע, אַזוי ווי די אָנקלאַגע בעהויפּטעט, בין איך זיכער ניט געווען קיין פינקטליכער מיטגליעד, דערפֿאַר וואָס איך האָב צו אָפֿט פֿערזוימט די „קאָנספּיראַטיווע" פֿערזאַמלונגען.

מען האָט מיך בעשולדיגט, אַז איך האָב מינדליך און שריפֿטליך אויפֿגעפֿאָדערט צו בעגעהן אַזעלכע טהאַטען, וועלכע מען בעטראַכטעט אַלס פֿערברעכענס. אָבער מען האָט מיר ניט געציינט איין איינציגע ציילע, וועלכע איך האָב געשריבען, מען האָט מיר ניט אויפֿגעוויזען קיין איינציגעס וואָרט, מיט וועלכען איך האָב זיך בענוצט אין מיינע פֿערזאַמלונגען, וועלכעס זאָל

בעוויזען, אַז איך האָב אויפֿגעפֿאָדערט אַנדערע צו בעגעהן אַטענטאַטען. די פֿערטרעטער פֿון דער אָנקלאַגע ווייסען גאַנץ גוט, אַז איך האָב ניט געהאַט די קלענסטע פערזענליכע בעציהונגען צו די אַטענטאַטען, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען, און טראָץ דעם האָט מען בעגאַנגען די אונפֿעראַנטוואָרטליכע אונגערעכטיגקייט מיך צו פֿערשפאַרען פֿאַר זעקס מאָנאַט צייט אין געפֿענגניס, ניט האָבענדיג די קלענסטע אורזאַכע פֿאַר אַזאַ האַנדלונג. די גאַנצע אָנקלאַגע געגען מיר איז געווען אַ ביטערער אונרעכט און מיין פֿעראורטהיילונג וואָלט מעהר ניט געווען ווי אַ נייע אונגערעכטיגקייט.

און אום צו דערגרייכען דיזעס ציעל האָט מען אָנגעווענדעט אַ קינסטליכען קריעגס-פּלאַן, מען האָט פֿערזוכט צו ערפֿינדען אַ „מאָראַלישע סאָלידאַריטעט“ צווישען מיר און די אַטענטאַטען. מען האָט אָנגעווענדעט אַלע מעגליכקייטען, אום מיך פֿאָרצושטעלען אַלס אַ רעפּרעזענטאַנט פֿון געוואַלט און האַס, וועלכער איז צו קלוג זיך צו קאָמפּראָמיטירען און אין דערזעלבער צייט צו פֿייג אַליין צו האַנדלען און דערפֿאַר הייסט ער אַנדערע טהאָן, וועלכע זיינען פֿאַנאַטיזירט געוואָרען דורך זיינע ווערטער.

מיינע העררן, דאָס איז די שענדליכסטע פּערלוימדונג, וועלכע איז ווען ערפֿונדען געוואָרען, און איך פּראָטעסטיר געגען דיזע שענדליכקייט מיט דער גאַנצער ענערגיע פֿון מיין אינערליכסטער איבערצייגונג. וואו האָב איך אויפֿגעפֿאָדערט צו בעגעהן געוואַלט-אַקטען און אַטענטאַטען? אונטער וואָס פֿאַר אומשטענדען האָב איך עס געטהאָן? ווען האָב איך עס געטהאָן? וואו זיינען די, וועלכע איך האָב אויפֿגעפֿאָדערט צו בעגעהן אַזעלכע אַקטען? האָט מען געענטפֿערט אויף דיזע פֿראַגען? ניין, און טויזענד מאָל ניין! מען האָט זיך בעגוגענט מיט פּוסטע בעשולדיגונגען, אָבער מען האָט קיין זאַך ניט בעגרינדעט. מען האָט צונויפֿגעמישט פֿאַנטאַסטישע היפּאָטעזען מיט פּוסטע פֿאָרשטעלונגען און מען האָט דערפֿון פּראָדוצירט אַן אָנקלאַגע געגען מיר. מען האָט פֿערלוימדעט מיין לעבען, מיינע געפֿיהלען, מיינע אַנשויאונגען און מיר צוגעלייגט די ראָלע פֿון אַן אונמענש. עס

איז די העכסטע צייט, אַז איך זאָל ענדליך האָבען די מעגליכ־קייט צו זאָגען ווער איך בין, און וואָס איך דיינק.

מען האָט מיר פאָרגעשטעלט אַלס אַ מענש, וועלכער רייצט אויף אַנדערע צו געוואַלט־אַקטען. פונקט דאָס געגענטהייל איז ריכטיג. איך האָב שטענדיג געפּריידיגט די סאָלידאַריטעט און האַרמאָניע. דאָס ציעל פון מיין פּראָפּאַגאַנדאַ איז ניט געווען דער האַס, וועלכער האָט אַפּעלירט צו די נידעריגסטע געפיהלען אין מענשען, ווי דער פּראָקוראָר האָט עס פאָרגעשטעלט, נאָר איך האָב אימער פערזוכט צו ענטוויקלען די עדעלסטע און בעסטע געפיהלען און עמפּפינדונגען אין מיינע צוהערער. איך וועל שפּע־טער פערזוכען אייך צו געבען אַ קליינעם איבערבליק איבער מיינע פילאָזאָפישע אנשויאונגען; איך וועל אייך זיכער ניט האַל־טען קיין פאָרטראַג, אָבער די נויטווענדיגקייט צווינגט מיך, צו ריידען אייניגע ווערטער איבער די לעהרע, וועלכע איך פּראָפּאַ־גאַנדיר צווישען די מאַסען.

איך בין אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר מיינע פערזאַמלונגען; פאָלגליך האָב איך אַ רעכט צו ריידען איבער די אידעען, וועלכע איך האָב ענטוויקעלט אין מיינע פערזאַמלונגען. דער פּראָקוראָר האָט מיך גערופען דער „געשעפטס־רייזענדער פון דער אַנאַרכיע"; זעהר גוט, פאָלגליך מוזט איהר מיר ערלויבען איך זאָל אייך כאָטש צייגען די סחורה, מיט וועלכער איך האַנדעל. (געלעכטער)

הערט מיך אוים אָהן האַס און פאָראורטהייל און אורטהיילט אליין וואָס מען האָט געמאַכט.

מען האָט ערקלעהרט, אַז איך בין מאָראַליש פעראַנטוואָרט־ליך פאַר די טהאַטען, וועלכע זיינען בעגאַנגען געוואָרען פון מענער, וועלכע האָבען זיך גערופען מיט דעמזעלבען נאָמען ווי איך. אויב דיזע לאָגיק איז ריכטיג, דאַן גיט עס קיין איינציגע אידעע, וועלכע קען פריי פּראָפּאַגאַנדירט ווערען. ווילט איהר אורטהיילען די קאַטהאָלישע קירכע אויסשליסליך נאָך די בלוטיגע מלחמות וועלכע זי האָט אָנגעפיהרט אין דער צייט פון דעם פעאָדאַליזמוס? קענט איהר אָבגעבען אַן אורטהייל איבער דאָס קריסטענטהום, אויב איהר ווילט מעהר ניט זעהען ווי די גרויי־

זאַמקייטען פֿון דער אינקוויזיציאָן? האָט אַ מענש אַ רעכט צו בעהויפּטען, אַז דער „רויטער טעראָר" פֿון 1793 איז געווען די גאַנצע פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן?

קיין פֿערנינפֿטיגער מענש וועט ניט בעהויפּטען אַזאַ אונ־זיניגקייט, נאָר אונזערע אָנקלעגער האָבען עס געטהאָן, מיט דעם וואָס זיי האָבען פֿאָרגעשטעלט דעם אַנאַרכיזמוס אַלס אַ טהעאָ־ריע פֿון מאָרד און גנבה.

איהר האָט אין יעדער בעוועגונג פֿערשיעדענע מענשען און פֿערשיעדענע האַנדלונגען. דאָס קריסטענטהום פֿון טאָרקוועמאַדאַ איז ניט דאָס קריסטענטהום פֿון דעם הייליגען פּאול. לאַפֿאַיעט איז געווען אַ רעפּובליקאַנער, אָבער ער איז ניט געווען אַ רע־פּובליקאַנער פֿון דער סאָרט ווי זשאַן פּאָל מאַראַט. דער סאָציאַ־ליזמוס פֿון הערר דע מען איז ניט דער סאָציאַליזמוס פֿון זשיל געהד. דאָס זעלבע איז דער פֿאַל מיט דעם אַנאַרכיזמוס. איהר האָט צו אורטהיילען מיין פּראָפּאַגאַנדאַ, מיין אַנאַרכיזמוס, אָבער איהר האָט ניט קיין רעכט מיך צו מאַכען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דעם אַנאַרכיזמוס פֿון אַנדערע, אָדער בעסער געזאָגט, פֿאַר די טהאַטען און האַנדלונגען פֿון אַנדערע. מיינע געדאַנקען קענען נאָר בעשטימען מיינע האַנדלונגען, אָבער ניט די האַנדלונגען און געדאַנקען פֿון אַנדערע, פּונקט ווי די אידעען פֿון די אַנדערע קענען ניט בעשטימען מיינע אידעען.

דער פּראָקוראָר האָט אַלע ביכער, אַלע בראָשורען, אַרטיק־לען און בריעף, וועלבע איך האָב געשריבען, פֿאַר וואָס האָט ער זיך ניט בענוצט מיט דיזען מאַטעריאַל? וואָרום האָט ער ניט גערעדט קיין וואָרט וועגען דעם? אָט דערפֿאַר וועל איך יעצט פֿערזוכען צו געבען אַ קורצען איבערבליק, איבער דאָס וואָס איך האָב גערעדט און געשריבען."

אין דיזען מאָמענט הויבט זיך אויף דער פּרעזידענט און ערקלעהרט, אַז ער וועט פֿאַר קיין פֿאַל ניט דערלאָזען, אַז סע־באַסטיאַן פֿאָר זאָל ענטוויקלען זיינע טהעאָריען פֿאַר'ן געריכט. פֿאָר האָט געשוויגען פֿאַר אַ מאָמענט, דאַן האָט ער רוהיג פֿאָרטגעזעצט זיין רעדע:

„די ערקלעהרונג פֿון דעם פרעזידענט ברייננט מיר אין אַ זעהר שלעכטע לאַגע. איך האָב געוואָלט בעקאַנט מאַכען די געשוואָרענע מיט מיינע געדאַנקען, מיט מיינע טיעפֿסטע געפֿיהלען און שטרעבונגען; איך האָב געוואָלט צייגען וואָס פֿאַר אַ קאַריקאַטור מען האָט דאָ געמאַכט פֿון מיר. איך האָב געוואָלט ערקלעהרען מיט איינינע ווערטער מיינע פֿילאָזאָפֿישע אַנשויאונגען, אום צו ווידערלייגען די לעכערליכע בעשולדיגונג, וועלכע בעהויפטעט, אַז איך האָב אויפֿגעפֿאָדערט צו רויב און מאָרד. עס איז מיין רעכט, אָבצוגעבען אַזאַ ערקלעהרונג, נאָר מען פֿערמאַכט מיר דאָס מויל. גוט, איך בין געצוואונגען צו שווייגען.

איך וואָלט אייך געקענט צייגען, אַז מיין טהעאָריע איז ניט אויסשליסליך אַ טהעאָריע פֿון צושטעהרונג, זאָנדערן אַ טהעאָריע פֿון אויפֿבויען; אַז די טהעאָריע פֿון האַס און פֿעראַכטונג, וועלכע מען האָט דאָ ענטוויקעלט האָט קיין זאַך ניט צו טהאָן מיט די אַנשויאונגען, וועלכע איך פֿערשטעה אונטער דעם וואָרט אַנאַרכיע. אָבער מען לאָזט מיר ניט ריידען און איך בין אונמעכטיג צו פראָטעסטירען. נאָר איין זאַך האָב איך נאָך צו ערקלעהרען.

איך בין אַ רעדנער, אַ מאַן פֿון דער עפֿענטליכקייט. איך האָב קיינמאָל ניט בעזוכט קיין פריוואַט־פֿערזאַמלונגען. אַלע מיינע פֿערזאַמלונגען האָבען שטאַטגעפֿונען אין דער עפֿענטליכקייט, פֿאַר די אויגען פֿון דער פאָליציי, וועלכע האָט קיינמאָל ניט געמאַכט דעם פֿערזוך מיך צו שטערען. איך האָב קיינמאָל ניט אַפעלירט צו די נידעריגע ליידענשאַפֿטען, זאָנדערן צו דעם פֿערשטאַנד פֿון דעם מענשען, אום צו פֿערזיכערן דעם טריאומף פֿון דער וואַהרהייט. דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט דאָ, האָב איך געזאָגט איבעראַל, פֿאַר דער גאַנצער וועלט, איך האָב קיין זאַך ניט צו בעהאַלטען. איהר האָט געהערט מיינע ווערטער. וואו איז דער האַס, וואו געפֿינט איהר דעם אויסדרוק פֿון מיין גרויזאַמער ווילדקייט? ניין, מיינע העררען, איך בין ניט קיין באַרבאַר, איך בין אַ מענש, וועלכער ליידעט, ווען ער זעהט אַנדערע ליידען, אַ מענש, וועלכער וויינט מיט די אונגליקליכע.

איך בין נים קיין ווילדע חיה, קיין בלוטדורשטיגער טיגער, וועמענם הארץ איז פול מיט האס, און וועלכער האט שטענדיג א דראהונג אויף די ליפען. איך האב שטודירט די נאטירליכע און סאציאלע ערשיינונגען און ענטוויקעלט די עלעמענטען פון א הומאניטערער פילאזאפיע, וועלכע איך האב פראפאגאנדירט אין מיינע רעדען און שריפטען. דאס איז אלעס.

איך בין אימער פארטיג צו טראגען די פולע פעראנטוואָרט־ליכקייט פאר אלע מיינע האנדלונגען, אבער איך פראטעסטיר מיט מיין גאנצער ענערגיע, ווען מען וויל ארויפלייגען אויף מיר די פעראנטוואָרטליכקייט פאר די האנדלונגען פון אנדערע.

מען האט ערקלעהרט, אז איך בין א שעף, א פיהרער פון די אנארכיסטען, דערפאר וואס מען האט ניט בעגריפען, אז די שטעלונג פון א פיהרער איז אין גאנצען געגען דער אנארכיס־טישער לעהרע, וועלכע איז אזוי אונענדליך פערשידען אין איהרע אינדיווידועלע מאניפעסטאציאנען. ניין, איך בין ניט קיין פיה־רער, איך האב קיינמאל ניט קאמאנדעוועט אנדערע, און מען האט מיר קיינמאל ניט געפאלגט. מען רופט מיך א פיהרער, מיך, וועלכער האט שטענדיג געפריידיגט דאס גליק דורך דער פרייהייט, מיך, וועלכער האט אימער פראפאגאנדירט דעם אינדיווידואליזמוס! „האנדעלט נאך אייער אייגענער איבערצייגונג; פאלגט נאך די שטרעבונגען פון דער נאטור!" דאס זיינען געווען די ווערטער, וועלכע איך האב גערעדט צו מיינע צוהערער. קיין פיהרער, קיין הערר, דאס איז געווען די קווינטעסענץ פון אלע מיינע פארטרעגע. איך ערקלעהר מיינע אידעען, אבער איך צווינג קיינעם ניט זיי אנצונעהמען. אבער ווען איך ענטוויקעל אן אידעע, וועלכע ענטהאלט אין זיך אונבעשטרייטבארע וואהר־הייטען, און מיינע צוהערער פערשטעהען עס און זיינען איבער־צייגט פון דער ריכטיגקייט פון מיינע ווערטער—איז דאס מיין פעהלער? מען האט געזאגט צו מיר: „אט זיינען דיינע שילער!" (דער רעדנער ווענדעט זיך צו די איבעריגע אנגעקלאגטע) אויב עס געפינט זיך צווישען אייך איין איינציגער, וועלכער האט מיך בעטראכט פאר זיין פיהרער, אדער וועלכער האט בעקומען פון

מיר בעפעהלען, מעג ער אַרויסטרעטען עפענטליך, זיין ערקלעהרונג וועט איהם זיכער פערשאַפען די סימפּאַטהיע פון די געשוואָרענע. אַזאַ ערקלעהרונג וואָלט געווען פאַר איהם די פרייהייט מיט אַלע איהרע פריידען און האָפנונגען, אין דער צייט ווען ער האָט צו ערוואַרטען דאָס שרעקליכע שווייגען פון קערקער. אין דעם נאָמען פון וואַהרהייט, אין דעם נאָמען פון זיין פרוי, וועלכע ציטערט פאַר זיין שיקזאַל, פון זיינע קינדער, וועלכע ליידען די ביטערסטע נויט דורך זיין געפאַנגענשאַפט, אַפּעליר איך צו איהם, ער זאָל אַרויסטרעטען און זאָגען, אַז ער איז מיין שילער, אַז מיין איינפלוס, מיין אויטאָריטעט, מיין אינספּיראַציאָן האָבען בעשטימט זיינע האַנדלונגען. איך וועל איהם בענשען פאַר זיין ערקלעהרונג. זאָל זיך קיינער ניט צוריקהאַלטען, עס איז ניט מעהר ווי די וואַהרהייט, וועלכע איך פאָדער. האָט ניט מורא, אַז איך וועל איהם מאַכען אַ פאָרוואורף. איך וועל אפילו ניט ריידען אַ וואָרט. זאָל ער רעדען."

דיזע ווערטער מאַכען אַ געוואַלטיגען איינדרוק אויף אַלעמען. אַלעס איז שטיל ווי אין אַ קבר, אָבער אין די געזיכטער פון אַלעמען שפּיגעלט זיך אָב די אינערליכע בעוועגונג. און סעבאַסטיאַן פאָר זעצט פאָרט זיין רעדע.

„הערר פּראָקוראָר, איהר האָט דאָך געזוכט די מאַניפעסטאַציאָן פון דער וואַהרהייט, איהר מעגט זיין צופרידען.

איך בין אַ מענש, וועלכער האָט געזעהן, געלעזען און פערשטאַנען. איך בין דער, וואָס אין דער צייט פון שטורם בעמערקט דעם לייכט־טהורם און צייגט אָן מיט זיין האַנד די ריכטונג. איך בין דער, וועלכער טראָגט אין זיין האַנד די זריעה פון וואַהרהייט און פערזייט די קערענדלאַך אויף דעם פעלד פון דער צוקונפט. איך בין דער ערפינדער, וועלכער פערעפענטליכט זיין געהיימנים, אום צו בעגליקען די קומענדע דורות. איך בין דער דאָקטאָר, וועלכער זעהט דעם מענשען ליידען פון אַן אונבעקאַנטער קראַנקהייט, און וועלכער אונטערזוכט די אורזאַכען פון זיין קראַנקהייט, ריזיקירענדיג דערמיט זיין אייגענע געזונדהייט און זיין לעבען. איך בין דער מאַן מיט דעם פרייען גדאַנק,

וועלכער פריידיגט דעם אַטהעאיזמוס אָהנע זיך צו מישען מיט די, וועלכע פלינדערן און פֿערברענען די קירכען. איך בין דער רייזענדער, וועלכער שטעלט זיך אָב ביין ברעג פֿון אַ ווילדען טייך, איך זעה ווי דאָס וואַסער שטייגט און זאָג אָן די איבערפֿלייצונג, וועלכע איז אונפֿערמיידליך, אויב מען וועט ניט מאַכען דעם ברעג העכער. מיינע העררן, איך זעה דעם טייך פֿון עלענד און נויט, וועלכער שטייגט, און איך זאָג אייך, אַז ער וועט אין גיכען איבערפֿלייצען די גאַנצע וועלט, אויב איהר וועט ניט פֿערריכטען די אורזאַכען.

איך האָב געענדיגט, נאָר נאָך עטליכע ווערטער איבער מיין לעבען:

איך בין דער זוהן פֿון אַ בורזשואַ און בין געבאָרען און ערצויגען געוואָרען אונטער די בעסטע אומשטענדע. איך האָב זיך אָבגעקעהרט פֿון דעם לעבען, וואָס איך האָב פֿריהער גע־פֿיהרט און האָב געלעבט מיט די אָרעמע און עלענדע, אום צו בעשרייבען זייער לעבען מיט די ריכטיגע קאָלירען און מיט דער איבערצייגונג פֿון אַ מאַן, וועלכער האָט אַליין געלעבט אויף זייער שטייגער. איך בין אַוועק ווייט, ווייט פֿון אַלע פֿריהערדיגע פֿריינד, פֿון אַלע פֿערלאָרענע סימפּאַטהיען; איך האָב קענען געלערנט די פֿעראַכטונג פֿון די קרעמער, די אונטערדריקונג פֿון די נידערטרעכטיגע, די געמיינהייט פֿון די קליינגייסטיגע. איך האָב דורכגעמאַכט פֿינף פֿעראורטהיילונגען, צוואַנציג פֿערפֿאָל־גונגען. דריי זומערס האָב איך פֿערבראַכט אין געפֿענגניס.

און ווען מען וועט מיר מאָרגען בעפֿרייען, שטעה איך אָרעם און אָהן אַ שטעלונג אין די פּאַריזער גאַסען, ניט האָבענדיג קיין אַנדער רייכטהום, ווי דאָס געפֿיהל, אַז איך האָב געטהאָן מיין פֿליכט, די פֿרייד פֿון פֿערגאָסענע טרעהרען און די האָפֿנונג אויף אַ בעסערע צוקונפֿט.

נאָר איין זאַך וועל איך אייך בעטען, מיינע העררן, קיינע האַלבע מאַסרעגלען געגען אונז: אָדער די פֿרייהייט, אָדער דעם באַניאָ*), דעם באַניאָ מיט זיין שאַנדע, זיין פֿערצווייפֿלונג, וואו

*) די שטראָף-קאָלאָניען אין קאַיען, אָדער די „טרוקענע גיליאָטינע", ווי מען רופֿט עס אין פֿראַנקרייך.



פאולינא פאללאס.

מען פֿערלירט יעדען טאָג אַ שטיק פֿון זיין האַרץ, זיין אינטע־ליגענץ, וואו דאָס לעבען איז ניט מעהר ווי אַ גרויזאַמער, לאַנג־זאַמער טויט.

פֿרייהייט אָדער באַניאַ! דעם באַניאַ, וועלכער איז הונדערט מאָל ערגער פֿון דעם טויט—דער טויט ענדיגט אַלע פֿריידען פֿון לעבען, אָבער ער ענדיגט אויך אַלע לײדען און שמערצען —דעם באַניאָ פֿאַר אַ מאַן, וועלכער האָט שטענדיג געפֿיהרט אַ בעשיידענעם און ווירדיגען לעבען. איז דאָס גערעכט?

מיינע הערךן געשוואָרענע, איך אַפעליר צו אייער גערעכ־טיגקייטס־געפֿיהל, איהר וועט בעפֿרייען אַ מאַן, וועמען קיינער האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו אַרעסטירען."

*
* *

ווען סעבאַסטיאַן פֿאַר האָט געענדיגט זיין רעדע, איז עס געווען שטיל ווי אין אַ קבר. דער איינדרוק פֿון דיזער רעדע איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט אפילו פֿערגעסען צו אַפּלאָדי־רען. יעדער איינער האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע: איז דיזער מאַן אַ פֿערברעכער, וועלכער פֿערדינט פֿערשיקט צו ווערען אויף פֿופֿצעהן אָדער צוואַנציג יאָהר אין אַ פֿראַנצויזישע שטראָף־קאָלאָניע? און דער ענטפֿער איז געווען: ניין, און טויזענדמאָל ניין! אַזוי רעדט קיין געוועהנליכער פֿערברעכער; דאָס איז די רעדע פֿון אַ מאַן מיט אידעאַלע ציעלען און שטרעבונגען, אמת, אַ רעוואָלוציאָנער, אַן אַנאַרכיסט, אַ מענש, וועלכער איז פֿאַר־טיג צו אָפּפֿערן גוט און בלוט פֿאַר זיינע איבערצייגונגען, אָבער קיין פֿערברעכער אין געוועהנליכען זין פֿון וואָרט. פֿאַר׳ס רעדע האָט ענטשידען דעם פּראָצעס, זיינע ווערטער זיינען געווען דאָס טויטעס־אורטהייל פֿאַר דאָס שענדליכע קאָמפּלאָט פֿון דער רע־אַקציאָן. סעבאַסטיאַן פֿאָר איז ניט אימשטאַנד געווען צו ענט־וויקלען זיינע אידעען פֿאַר׳ן געריכט, דערפֿאַר וואָס פֿייגע, שענד־ליכע אינקוויזיטאָרען האָבען איהם מיט געוואַלט פֿערמאַכט די ליפּען, אָבער גראַדע דיזע אונטערדריקונג, דיזע ברוטאַלע פֿער־וואַלטיגונג פֿון אַ מאַן, וועלכער וויל פֿערטהיידיגען זיין פֿריי־הייט, זיין עהרע, זיין אידעאַל געגען די נידערטרעכטיגקייט פֿון

פֿערקויפֿטע נשמות, גראַדע דאָס האָט נאָך פֿערשטאַרקערט די אַלגעמיינע סימפּאַטהיע פֿאַר די אָנגעקלאָגטע און פֿערגרעסערט דעם האַס געגען יענע געווויסענלאָזע זעעלען־פֿערקויפֿערס, וועלכע האָבען זיך גענומען די אויפֿגאַבע צו פֿערניכטען דאָס לעבען פֿון דרייסיג מענער, אַזעלכע מענער, וועלכע האָבען בעלאַנגט צו די בעסטע און עדעלסטע כאַראַקטערע פֿון זייער צייט.

די אַטאַקען פֿון דער אָפּאָזיציאָנעלער פּרעסע האָבען זיך פֿערמעהרט מיט יעדען טאָג. אַם 9טען אויגוסט איז דער פֿער־אַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר פֿון דעם „אַנטראַסיזשאַן" געשטאַנען פֿאַר'ן געריכט וועגען צוויי אַרטיקלען, וועלכע זיינען ערשינען אונטער די נעמען „עקעלהאַפֿט" און „די מענער מיט דער איי־זערנער מאַסקע". ביידע אַרטיקלען האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט דעם פּראָצעס פֿון די דרייסיג און אויפֿגעדעקט אַלע שענדליכ־קייטען פֿון דיזער געריכטס־קאָמעדיע. דער פּראָצעס איז אָב־געלייגט געוואָרען אויף דעם 31טען אָקטאָבער און האָט זיך געענדיגט מיט דער בעפֿרייאונג פֿון דעם אָנגעקלאָגטען.*)

* * *

נאָך פֿאַר'ס רעדע האָט דער פּראָצעס פֿערלאָרען זיין הויפּט־אינטערעסע. אַלע האָבען געפֿיהלט, אַז די געשוואָרענע וועלען ניט פֿערורטהיילען דיזע מענער, און דערפֿאַר האָבען די פֿער־שידענע רעדען פֿון די אַדוואָקאַטען נאָר ווייניג פֿעראינטערעסירט די אָנוועזענדע. דיזע רעדען האָבען אַלע געהאַט דעמזעלבען כאַ־ראַקטער; יעדער אַדוואָקאַט האָט בעוויזען די טעכנישע און מאָ־ראַלישע אונמעגליכקייט פֿון דער אָנקלאַגע, און דאָס איז זיכער ניט געווען קיין שווערע אַרבייט, דען אין דער ווירקליכקייט האָט זיך די גאַנצע אָנקלאַגע פֿון דעם אינקוויזיטאָר בילאָ נאָר גע־שטיצט אויף סאָפֿיסטישע בעהויפּטונגען, אָבער זי האָט ניט גע־

---

*) אויך אין דיזען פּראָצעס האָט די רעאַקציאָנערע רעגירונג געשפּילט אַ שרעקליכען טריק. דער שעף־רעדאַקטאָר פֿון דעם „אַנטראַסיזשאַן", האַנרי ראָשפֿאָר האָט דאַן געלעבט אין לאָנדאָן אין עקסיל. די ריכטער האָבען בע־פֿרייט דעם פֿעראַנטוואָרטליכען רעדאַקטאָר און האָבען אין דערזעלבער צייט ראָשפֿאָר'ן פֿערורטהיילט צו איין יאָהר קערקער ד.ה. צוויי פֿערשידענע אור־טהיילען וועגען דיזעלבע אַרטיקלען.

האַט די קלענסטע פּראַקטישע אָדער טהעאָרעטישע בעגרינדונג.
די רעאַקציאָנערען זיינען געוועזן צו זיבער, זיי האָבען גערעכענט, דאָס אין אַזאַ שרעקליכער צייט פון אַלגעמיינער רעאַקציאָן וועט מען די אָנגעקלאָגטע קענען רוהיג פֿעראורטהיילען און קיין שטימע וועט זיך ניט אויפהויבען צו פּראָטעסטירען. זיי האָבען זיך געטוישט, די וואהרהייט און איהרע פֿערטהיידיגער זיינען געוועזן מעכטיגער פון דעם אָרגאַניזירטען ליגען, פֿאַלשקייט און פֿערלוימדונג: מיט דיזען פּראָצעס האָט זיך די רעאַקציאָן אַליין געגראָבען איהר אייגענעם קבר.

דער דריטער טאָג פון דעם פּראָצעס האָט זיך געענדיגט מיט די רעדען פון די אַדוואָקאַטען. דער פירטער טאָג איז גע־ווען די לעצטע זיצונג, דער טאָג פון דעם אורטהייל. באַלד נאָך דעם ווי די זיצונג איז ערעפענט געוואָרען, האָט זיך דער פּרעז־זידענט געווענדעט צו די אָנגעקלאָגטע מיט די ווערטער: „האָט איהר נאָך עפּעס צו זאָגען פֿאַר אייער פֿערטהיידיגונג?”

זשאַן גראַוו האָט זיך אויפגעהויבען און האָט געריכטעט די פֿאָלגענדע ווערטער צו די געשוואָרענע:

„מיינע הערען! ערלויבט מיר, אייך פֿאָרצולעזען אַ פּאָר ציילען. איך בין ניט קיין רעדנער, און איך בעזיץ ניט די קונסט פון אָראַטאָריק; דערפֿאַר וועל איך אייער צייט ניט פֿערנעהמען מיט אַ לענגערע רעדע. מיין גאַנצעס לעבען איז געווען דאָס לעבען פון אַ מענשען, וועלכער שווייגט. איך האָב געשוויגען אין דעם גאַנצען פֿערלויף פון די יעצטיגע פֿערהאַנדלונגען. און איך וועל שווייגען, ווען די אונגערעכטיגקייט וועט מיך פֿערניכטען, ווען זי וועט אַרויפֿלייגען איהר שווערען יאָך אויף מיינע שול־טערען. איך וועל טראָגען מיינע ליידען מיט דעם שטאָלצען בעוואוסטזיין, אַז די סימפּאַטיע פון בעדייטענדע מענער, פון אויסגעצייכענטע גייסטער איז אויף מיין זייט. איהר מעגט פֿער־דאַמען מיינע שריפֿטען, אָבער יעדער איינציגער פון אייך איז געצוואונגען צו רעספּעקטירען מיין כאַראַקטער און מיין לעבען.

אַלע אַנשטענדיגע מענשען, צו וואָס פֿאַר אַ פּאַרטיי אָדער ריכטונג זיי זאָלען ניט בעלאַנגען מוזען אַנערקענען מיין

עהרליכקייט. ווען מיין אַדוואָקאַט האָט מיר געדריקט די האַנד, דאַן איז דאָס פֿאַר מיר פּונקט אַזוי פֿיעל ווערטה ווי זיין וואָרט, און איך דאַנק איהם דערפֿאַר. איך דאַנק אויך אַלע די יעניגע, וועל־כע האָבען מיר אויסגעדריקט אין דער עפֿענטליכקייט און אין דער פּרעסע זייער סימפּאַטיע און פֿריינדשאַפֿט.

איך האָב ניט פֿיעל צו רעדען, און איך וועל אויך ניט פֿערלענגערן דיזע דעבאַטען. מען בעשולדיגט מיך צו זיין אַ פֿער־ברעכער. מיין גאַנצעס לעבען, מיינע עלטערן, מיינע פֿריינד און מיינע שריפֿטען שיצען מיך געגען דיזע בעליידיגונג. איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט צו טהאָן מיט די געריכטען, מיט דער אויסנאַהמע, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט צו פֿערטהיידיגען מיינע אידעען. מען בעשולדיגט מיך, אַז איך האָב גענומען אַן אַנטהייל אין געהיימע אָרגאַניזאַציאָנען, אין זאָגענאַנטע אַנאַר־כיסטישע קאָנספּיראַציעס. מעהר ווי צוואַנציג אַרטיקלען, וועלכע איך האָב געשריבען, בעווייזען, אַז איך האָב שטענדיג בעקעמפּפֿט דיזע פֿאָרמע פֿון פֿערבינדונגען. זאָגאַר מיין לעצטער אַרטיקעל, וועלכער איז געוועזען געריכטעט געגען אַלע דיזע בעשולדיגונגען, איז ניט מעהר ווי אַ ווידערהאָלונג פֿון דיזעלבע אַנזיכטען.

די יוריסטישע זייט פֿון דער אָנקלאַגע האָט אַלזאָ קיין באָ־דען ניט.

קיין מאָראַלישע זייט עקזיסטירט אין גאַנצען ניט. מען בע־שולדיגט מיך, אַז איך האָב אָנגעפֿיהרט אַ שריפֿטליכע פּראָפּאַ־גאַנדאַ פֿאַר דעם מאָרד, און די אָנהייננגער פֿון דעם מאָרד האָבען ניט אויפֿגעהערט מיך צו בעקעמפֿען און מיך גערופֿען אַ יעזואיט, אַ פֿייגלינג א. ז. וו. דערפֿאַר וואָס איך בין ניט איינשטימיג געווען מיט זייערע אַנזיכטען.

מען בעשולדיגט מיך, אַז איך האָב פּראָפּאַגאַנדירט די אידעע פֿון גנבה, אָבוואָהל איך האָב בעקעמפּפֿט דיזע טאַקטיק אין אַ גאַנצע סעריע פֿון אַרטיקלען. מיין קאָמוניזמוס איז דער פֿון פּרודהאָן, ער בעלאַנגט ניט צו דער געשיכטע פֿון פֿערברעכען, זאָנדערן צו דער געשיכטע פֿון'ם מענשליכען געדאַנק. מיין פֿער־טהיידיגער האָט שוין ערקלעהרט און איך ווידערהאָל נאָך אַמאָל

זיינע ווערטער: איך ערוואַרט אייער אורטהייל מיט אַ פֿאָלקאָ־מענער רוהע און קאַלטבלוטיגקייט.״

* * *

זשאַן גראַוו האָט אַליין ערקלעהרט, אַז ער איז ניט קיין רעדנער און זיינע איינפֿאַכע ווערטער האָבען זיכער ניט געמאַכט קיין אָראַטאָרישען איינדרוק; אָבער יעדער איינער האָט געפֿיהלט, אַז דיזע ווערטער זיינען ניט מעהר ווי די אָבשפּיגלונג פֿון אַ כאַראַקטער, אַ כאַראַקטער בעשיידען און איינפֿאַך, אַ מאַן, וועלכער איז ניט אימשטאַנד צו זאָגען אַ ליגען, און וועלכער וועט קיינמאָל ניט בעהאַלטען זיינע געדאַנקען אונטער סאָפֿיס־טישע ווערטער.

* * *

נאָך זשאַן גראַוו האָט סעבאַסטיאַן פֿאָר נאָך אַמאָל גענו־מען דאָס וואָרט. אין קורצע ווערטער האָט דער אַנאַרכיסטישער רעדנער נאָך אַמאָל צוזאַמענגעפֿאַסט די הויפּט־פּונקטען פֿון דער אָנקלאַגע און בעוויזען זייער לעכערליכקייט, און זיך ווענדענדיג צו די געשוואָרענע האָט ער געענדיגט זיין רעדע מיט די פֿאָל־גענדע ווערטער:

„מיינע העררן! איהר זייט פֿאָטערס פֿון פֿאַמיליען. מיר לי־בען אונזערע קינדער מיט דערזעלבער ליעבע, מיר אַלע האָבען דעם וואונש פֿאָרצובערייטען פֿאַר זיי אַ צוקונפֿט פֿון גליק און וואָהלזיין. מיר ווענדען אָן אַלע אונזערע קרעפֿטע אַוועקצוראַמען די שוויריגקייטען פֿון זייער וועג, און דאָס ציעל און שטרעבען פֿון מיין גאַנצער פּראָפּאַגאַנדאַ איז צו מאַכען דיזען וועג אַזוי שעהן און בּרייט און רייך מיט בּלומען ווי נאָר מעגליך, כדי אונזערע ליעבלינגע זאָלען קענען פֿערברייגנען זייער לעבען אין שעהנקייט, פֿרייליכקייט און לוסט.

מיינע העררן, מיר אַלע זיינען פֿערבונדען איינע מיט די אַנדערע אין דעמזעלבען שטרעבען. עס איז וואַהר, אַז אונזערע וועגען זיינען פֿאַרשידען, אָבער ווער פֿון אייך קען בעהויפּטען, אַז זיין וועג איז זיכערער, גיכער און בעסער ווי דער מייניגער?

מיינע העררן! פֿערגעסט ניט, אַז מיר לעבען אין אַ יאָהר־הונדערט פֿון טעכניק און עלעקטריציטעט! זעהט מיט וואָס פֿאַר

אַ וואונדערבאַרע שנעלקייט דער מענשליכער געדאַנק האָט זיך ענטוויקעלט אין אַלע פיער עקען פון דער וועלט, וואָס פאַר אַ געוואַלטיגע ענטוויקלונג דער מענשליכער גייסט, אונזער גאַנצע ערציהונג און אונזער־ע אַנשויאונגען האָבען דורכגעמאַכט זייט די לעצטע הונדערט יאָהר צייט! און וואָס פאַר אַ שאַנדע וועט עס זיין פאַר אייך, ווען אונזערע קינדער, פון וועלכע איך האָב פריהער גערעדט, וועלען אויפוואַקסען און שפּעטער בעגרייפען די גאַנצע טרויעריגע טהאַטזאַכע, אַז אין 1894 האָט מען פעראורטהיילט אַ מאַן, וועלכער האָט געהאַט דעם מוטה צו פּראָפּאַגאַנדירען די ליעבע פאַר דער פרייהייט, די אידעע פון דעם אַלגעמיינעם וואָהלזיין, און וועלכען זיינע ריכטער האָבען געשיקט אין באַניאָ פאַר דיזעם פערברעכען.

מיינע העררן! איהר זיצט דאָרט אונטער דעם בילד פון אַ מאַן, וועלכען מען האָט צוגענאָגעלט צום צלם, און אין זיין נאָמען אורטהיילט איהר איבער רעכט און אונרעכט. אָבער ווען דיזער מאַן וואָלט היינט אויפגעשטאַנען תחית המתים פון זיין קבר, וואָלט ער זיכער געזאָגט צו אייך:

מענשען, ווארפט אייער בליק אויף מיר און זעהט פון וואָס פאַר אַ שענדליכען אורטהייל איך בין געוואָרען אַן אָפּפער. וואָס איז געוועזען מיין פערברעכען? איך בין געקומען צו פריידיגען די מענשען די לעהרע פון הומאַניטעט און מענשליכער ווירדע, איך בין געקומען זיי זאָגען, אַז מיר זיינען אַלע קינדער פון דעמזעלבען פאָטער, און אַז זיי דאַרפען זיך ליעבען איינער דעם אַנדערן אַלס ברידער און שוועסטער. איך בין געקומען זיי צו געבען מוטה, איך האָב זיי געפּריידיגט די גרויסע לעהרע פון דעם טויזענד־יעהריגען רייך, וואו אַלע וועלען זיין גליקליך און פריי.

איך בין געקומען מיט דעם רוף אויף די ליפּען: „גרייט זיך צו, דען די צייט איז ניט מעהר וויט!" אָבער די פאַריזעער, די קעניגע, די פּריסטער האָבען געפעלשט מיין לעהרע, זיי האָבען פערלוימדעט מיינע האַנדלונגען און בעשמוצט מיין ראָלע. מענשען! הערט זיך ניט צו צו די ווערטער פון די פאַריזעער, קעניגע און פּריסטער פון אונזער צייט! פערשפּאָרט מיר דעם שמערץ

און די שאַנדע צו זעהן, ווי עס מאַניפּעסטירען זיך פאַר מיינע אויגען דיזעלבע נידערטרעכטיגקייטען, פון וועלכע איך בין געוואָרען אַן אָפּפער!

מיינע הערren! איך בין איבערצייגט, אַז איהר וועט זיך ניט לאָזען בעאיינפלוסען, אַז אייער אורטהייל וועט זיין אַ ריינער, אונאַבהייננגיגער און גערעכטער אורטהייל!"

***

נאָך סעבאַסטיאַן פאָר האָבען באַסטאַר און בערנאַר נאָך גערעדט אַ פּאָר ווערטער. דאַן האָבען זיך די געשוואָרענע צו־ריקגעצויגען אום זיך צו בעראַטהען.

עס איז געווען אַן אונפערגעסליכער מאָמענט, ווען די געשוואָרענע זיינען צוריקגעקומען אין געריכטס־זאַל. וואָס וועט זיין די ענטשיידונג? דיזע פראַגע האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין די אויגען פון אַלעמען. וועט מען דיזע מענער ווירקליך פערשיקען קיין קאַיען? וועלען די געשוואָרענע ווירקליך אויספיהרען דאָס פינסטערע ווערק פון דער רעאַקציאָן? אָדער וועלען זיי זיך אָנ־שליסען צו דער עפענטליכער מיינונג פון פאָלק, פון דער ראַדי־קאַלער פּרעסע?

ווען דער ריכטער האָט זיך אויפגעהויבען צו זאָגען דעם אורטהייל איז געוואָרען שטיל ווי אין אַ קבר. פרייהייט אָדער באַניאָ? עס איז געווען די פרייהייט. אַלע אָנגעקלאָגטע זיינען בעפרייט געוואָרען מיט דער אויסנאַהמע פון די עקספּראָפּריאַ־טאָרס אָרטיז, טשעריקאָטי און בערטאָני. אָרטיז איז פעראורטהיילט געוואָרען צו 15 יאָהר קערקער און טשעריקאָטי צו 8 יאָהר קערקער וועגען רויב און גנבה. בערטאָני איז פעראורטהיילט געוואָרען צו 6 מאָנאַטען געפענגניס און 16 פראַנק געלד־שטראָף, ווייל ער האָט געטראָגען מיט זיך פערבאָטענע וואַפען.

דאָס פּובליקום האָט אַפּלאָדירט און זאָגאַר די רעאַקציאָ־נערע צייטונגען האָבען ניט קריטיקירט דעם אורטהייל, דען אַלע האָבען געפיהלט, אַז דאָ האַנדעלט זיך אום דעם אויסדרוק פון דעם פאָלקס־ווילען.

אַזוי האָט זיך געענדיגט דער בעריהמטער פּראָצעס פון די

דרייסיג. עס איז געווען אַ טויט־קלאַפּ פאַר דער רעאַקציאָן. מיט עטליכע מאָנאַטען שפּעטער האָט קאַזימיר פּעריע זיך אָבגעזאָגט פון זיין אַמט אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק און דאָס רעאַקציאָנערע מיניסטעריום דיפּואי איז געפאַלען. די אויסנאַהמע־געזעצע געגען די אַנאַרכיסטען האָבען ווייטער עקזיסטירט, אָבער קיינער האָט זיך מעהר ניט געקימערט אום זיי.

די פראַנצויזישע גענאָסען האָבען זיך באַלד ווידער גענומען צו דער אַרבייט. סעבאַסטיאַן פאָר האָט ווידער אָבגעהאַלטען זיינע הערליכע פערזאַמלונגען און „לאַ רעוואָלט“ און דער „פּער פּענאַר“ זיינען ווידער ערשינען אונטער אַנדערע נעמען: „לאַ רעוואָלט“ אונטער דעם נאָמען „לע טאַן נואוואָ“ און דער „פּער פּענאַר“ אונטער דעם נאָמען „לאַ סאָסיאַל“, ביז ער האָט שפּעטער ווידער אָנגענומען זיין אַלטען נאָמען.

דער פּראָצעס פון די דרייסיג איז געווען דער עפּילאָג פון יענער מערקווירדיגער פּעריאָדע „פון ראַוואַשאָל ביז קאַזעריאָ“, אַ געוואַלטיגער עפּילאָג און אין דערזעלבער צייט די איינלייטונג פאַר אַ נייע פאַזע אין דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג.





# שלום בעטראכטונגען.

מיט דעם פּראָצעס פֿון די דרייסיג האָט זיך געענדיגט אונזער היסטאָרישע אָבהאַנדלונג איבער יענע מערקווערדיגע און אינטערעסאַנטע עפּאָכע, וועלכע מיר האָבען אָנגערופֿען די „פּעריאָדע פֿון ראַוואַשאָל ביז קאַזעריאָ". די יעניגע, וועלכע זיינען בעקאַנט מיט די עראייגניסע פֿון יענער אויסערגעוועהנליכער צייט, האָבען זיכער בעמערקט, אַז מיר האָבען פֿיעלע קלענערע פּראָצעסען ניט דערמאָהנט, ווי צ. ב. ש. דער פּראָצעס פֿון לעאָטיע, וועלכער האָט פֿערזוכט צו טויטען דעם סערבישען אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, פֿון מעניע, וועלכער איז פֿעראורטהיילט געוואָרען צו לעבענס-לענגליכען קערקער, ווייל זיינע היטער האָבען איהם געמאַכט פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די עקספּלאָזיאָן אין קאַפֿע וועריִ, וואו ראַוואַשאָל איז אַרעסטירט געוואָרען, א. ז. וו. אָבער אַזעלכע אויספֿיהרליכקייטען זיינען פֿאַר אונז געוועזען אונמעגליך, ווייל דער פּלאַץ איז געוועזען צו בעשריינקט, און אונזער גאַנצע אַבזיכט איז געוועזען צו געבען אַ גרויסעס בילד פֿון יענער טעראָריסטישער צייט, וועלכע איז געוועזען אַזוי רייך אין אינטערעסאַנטע און וויכטיגע איינצעלהייטען.

עס איז אויך נאָך נייטיג צו בעמערקען, אַז דער גייסט פֿון יענער פּעריאָדע האָט זיך ניט נאָר מאַניפֿעסטירט אין פֿראַנקרייך אַליין, זאָנדערן אויך אין אַלע אַנדערע לענדער, הויפּטזעכליך אין שפּאַניען. עס איז געוועזען אַ שטורם-פּעריאָדע אין פֿולען זין פֿון וואָרט, און פֿיעלע אָפּטימיסטישע גייסטער האָבען געדיינקט, אַז דיזע צאָהלרייכע אַטענטאַטען זיינען שוין די אָנזאָגער פֿון דער נאָהנטער רעוואָלוציאָן.

אין באַרצעלאָנאַ האָט פּאַליאַס געשליידערט צוויי באָמבען אויף דעם גענעראַל מאַרטינעס קאַמפּאָס, דעם „שפּאַנישען גאַליפֿע", וועלכער האָט אין דער קאָמונאַליסטישער רעוואָלוציאָן אין 1873 געשפּיעלט אַן עהנליכע ראָלע ווי דער מאַסען־מערדער גאַליפֿע נאָך דעם אונטערגאַנג פֿון דער פּאַריזער קאָמונע. פּאַליאַס האָט בעצאָהלט זיין מוטהיגע טהאַט מיט זיין לעבען און איז געשטאָרבען דורך די קוילען פֿון די זעלנער מיט אַ זעלטענער קאָלטבלוטיגקייט און ענערגיע. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט סאַלוואַדאָר פראַנטש געשליידערט זיינע צוויי באָמבען אין דאָס ליסעאָ־טהעאַטער אין באַרצעלאָנאַ, אום צו נעהמען ראַכע פֿאַר פּאַליאַס, מיט וועלכען ער איז פּערזענליך בעפֿריינדעט געוועזען. אָבער דיזע טהאַט האָט ניט געפֿונען דעם אָבקלאַנג אין דער שפּאַנישער בעפֿעלקערונג ווי דאָס אַטענטאַט פֿון פּאַליאַס, דערפֿאַר וואָס זי איז געוועזען אַ ניט מאָטיווירטע טהאַט, זי האָט זיך ניט געריכטעט געגען מענשען, וועלכע זיינען אַלגעמיין בעוואוסט און פֿערהאַסט ביי די מאַסען. די טהאַט פֿון פּאַליאַס איז אויפֿגענומען געוואָרען מיט אַזאַ ענטהוזיאַזמוס אין שפּאַניען, אַז אין אייניגע וואָכען צייט האָט מען קאָלעקטירט איבער 20.000 פּעסעטאַס פֿאַר די פֿאַמיליע פֿון דעם טעראָריסט, און די רעגירונג האָט נאָר געמאַכט אייניגע אַרעסטען, אָבער זי האָט זיך אָבגעשראָקען פֿון ווייטערע פֿערפֿאָלגונגען. אָבער פֿראַנטש'ס טהאַט איז גאַנץ אַנדערש אויפֿגענומען געוואָרען. די עפֿענטליכע מיינונג איז געוועזען געגען איהר, און די רעגירונג האָט באַלד אויסגענוצט די גינסטיגע לאַגע און האָט געשאַפֿען דאָס באַרבאַרישע געזעץ געגען די אַנאַרכיסטען, וועלכעס האָט ביז יעצט עקזיסטירט. אין דער זעלבער צייט האָט מען אַרעסטירט צאָהלרייכע גענאָסען, און אין די אונטעראירדישע קערקערס פֿון מאָנטכואיטש האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די ערשטע בלוטיגע טראַגעדיע, וועלכע האָט זיך מיט עטליכע יאָהר שפּעטער נאָך אַמאָל ווידערהאָלט און אַרויסגערופֿען אַזאַ געוואַלטיגע אויפֿרעגונג אין גאַנץ אייראָפּאַ. נאָר דאַמאָלסט האָט די אויסלענדישע פּרעסע אין גאַנצען איגנאָרירט דאָס שרעקליכע פֿערברעכען, וועלכעס די אינק־

היזיטאָרען פֿון מאָנטכואיטש האָבען בעגאַנגען. סאַלוואַדאָר פֿראַנטש, דער אַטענטעטער פֿון דעם ליסעאָ־טהעאַטער אין באַרצעלאָנאַ איז ניט באַלד אַרעסטירט געוואָרען, זאָנדערן ערשט מיט אַ יאָהר נאָך זיין טהאַט. אָבער די שפּאַנישע אינקוויזיטאָרען האָבען אַרעסטירט אויף רעכטס און לינקס, און אַם 21־טען מאַי 1894 זיינען די אַנאַרכיסטען אַרטשס, בערנאַט, קאַזינאַ, סאַבאַט, סער־סועלאַ, קאַרבאַנעל און מיר דערשאָסען געוואָרען אין די פֿעס־טונגס־גראָבענס פֿון באַרצעלאָנאַ. צוועלף אַנדערע זיינען פֿעראורטהיילט געוואָרען צו אונמענשליך לאַנגע קערקער־שטראָפֿען. דיזע אַלע מענער זיינען געווען אונשולדיג און זייערע הענקער האָבען עס גאַנץ גוט געוואוסט, מען האָט זיי פֿריהער געמאַטערט אויף דעם גרויזאַמסטען אופֿן, אום זיי צו צווינגען, זיי זאָלען זיך מודה זיין פֿאַר טהאַטען, וועלכע זיי האָבען קיינמאָל ניט בע־גאַנגען.

סאַלוואַדאָר פֿראַנטש איז שפּעטער אַרעסטירט און גאַראָטירט געוואָרען. אום אויסצומיידען די מאַרטערניש פֿון דער אינקוויזיציאָן האָט ער זיך כלומר׳שט פֿאַרגעשטעלט פֿרום און ערקלעהרט, אַז ער גלויבט ווידער אין די לעהרען פֿון דער קאַטהאָלישער קירכע. דיזער מיטעל האָט איהם אויך געהאָלפֿען, מען האָט איהם גוט בעהאַנדעלט ביז צו זיין טויט; נאָר ווען מען האָט איהם געפֿיהרט צו דער גאַראָטע, האָט ער פלוצלינג אַראָבגעוואָרפֿען די מאַסקע און ערקלעהרט, אַז ער איז אַ פֿיינד פֿון אַלע רעליגיאָנען, און אַז ער האָט נאָר געשפּיעלט זיין היפּאָקריטישע ראָלע, כדי מען זאָל איהם ניט מאַרטערען. די גאַנצע שטעלונג פֿון דיזען מאַן קען ניט צוגעגליכען ווערען צו דער עדעלער און נאָבעלער האַלטונג פֿון פּאַליאַס פֿאַר זיינע ריכטער, פּונקט ווי מען קען ניט צוגלייכען זייערע טהאַטען איינע צו די אַנדערע.

אויך אין איטאַליען זיינען פֿאָרגעקומען קלענערע אַטענטאַ־טען אין יענער פּעריאָדע, וועלכע האָבען זיך שפּעטער נאָך אַ לייגגערע צייט פֿאָרטגעזעצט, ביז וואַנען זיי האָבען געפֿונען זייער פֿאָרלויפֿיגען אַבשלוס אין דער הינריכטונג פֿון דעם איטאַליענישען קעניג הומבערט דורך דעם אַנאַרכיסט געטאַנאָ ברעשי.

* * *

ווען מיר וואַרפען אַ קריטישען בליק אויף יענע פעריאָדע,
ה. ווען מיר גיבען זיך די מיהע צו זעהן איהרע גוטע און לעכטע זייטען און זיינען אויך ניט בלינד פאַר איהרע פעהלער און שוואַכקייטען, וועלען מיר מוזען צוגעבען, אַז דיזע צייט האָט זעהר פיעל בייגעטראָגען צו פערשפרייטען אונזערע אידעען אין ווייטערע קרייזען פון דער אַרבייטער־קלאַסע. מענשען, צו וועלכע מיר וואָלטען קיינמאָל ניט צוגעקומען מיט אונזערע צייטונגען און בראָשורען, האָבען פלוצלינג אָנגעפאַנגען זיך צו פעראינטערע־סירען מיט די אַנאַרכיסטישע אידעען, דערפאַר וואָס די צייטונגען האָבען יעדען טאָג געשריבען איבער אַנאַרכיזמוס און אַנאַרכיסטען. פיעלע זיינען געוואָרען נייגיריג און האָבען פערזוכט זיך נעהנטער צו בעקענען מיט די אַנאַרכיסטישע טהעאָריען און אַנשויאונגען, הויפּטזעכליך נאָך דעם ווי זיי האָבען געלעזען אין דער פרעסע די ערקלעהרונגען פון די טעראָריסטען פאַר'ן געריכט. טויזענדער נייע קרעפטע זיינען געוואונען געוואָרען אין יענער צייט, צוגעבענדיג אין דער זעלבער צייט, אַז עס זיינען ניט אימער געווען די בעסטע.

אָבער דיזע פעריאָדע האָט אויך געהאַט איהרע שאַטען־זייטען, און מיר וואָלטען געווען בעטריגער צו זיך אַליין, ווען מיר וואָלטען זיי איגנאָרירט. אַ געוויסער טהייל פון די גענאָסען האָבען איינפאַך פערלאָרען יעדע פעהיגקייט צו מעסטען דעם פראָפּאַגאַנדיסטישען ווערטה פון פערשיעדענע האַנדלונגען און האָבען פערזוכט צו ענטוויקלען די אידעע פון דעם זאָגענאַנטען „אונמאָטיווירטען טעראָר"; דאָס הייסט מען האָט אָנגעפאַנגען די טהאַט אויסשליסליך צו בעאורטהיילען אַלס טהאַט, מען האָט אין גאַנצען איגנאָרירט די אינדיווידועלע פערשיעדענהייטען צווישען איינצעלנע טעראָריסטישע אַקטען און צווישען דעם כאַראַקטער פון די אַטענטעטער. איינינגע האָבען פערזוכט צו רעאַליזירען דיזע אונקלאָהרע פאָרשטעלונגען אין דער ווירקליכ־קייט און האָבען בעגאַנגען אַ גאַנצע סעריע פון קלענערע אָדער בעסער געזאָגט קליינליכע אַקטען, וועלכע האָבען ניט געהאַט די גרינגסטע געמיינשאַפטליכקייט מיט די אידעען און טהעאָריען

פֿון'ם אַנאַרכיזמוס. עס איז היינט ניט מעהר נייטיג זיך צו בע־שעפֿטיגען מיט די איינצעלהייטען פֿון דיזער „אונמאָטיווירטער אַקציאָן", דערפֿאַר וואָס איהרע וויינינגע אָנהייננגער זיינען לענגסט פֿערשוואונדען אין פֿראַנקרייך, עס איז ניט מעהר געווען ווי אַ קינדער־קראַנקהייט אין דער בעוועגונג.

אַלע בעקאַנטע אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטען האָבען זיך באַלד פֿון אָנפֿאַנג אָן ענערגיש ערקלעהרט געגען דיזע האַנד־לונגען, ווי צ. ב. ש. מאַלאַטאָ, גראַוו, מאַלאַטעסטאַ, פֿאָר, רעקלו, סאַרען און פֿיעלע אַנדערע; דען אַלע דיזע מענער האָבען גוט פֿערשטאַנען, אַז די טהאַט מוז געמאָסטען ווערען מיט דעמזעל־בען מאַסשטאַב ווי יעדעס אַנדערע פּראָפּאַגאַנדיסטישע מיטעל, אַ בוך אָדער אַ רעדע, וועלכע זיינען אונפֿערשטענדליך פֿאַר די צוהערער, קענען ניט מאַכען קיין פּראָפּאַגאַנדאַ, און אַ טהאַט, וועלכע ערקלעהרט זיך ניט דורך זיך אַליין, אַ טהאַט, וועלכע איז אונבעגרייפֿליך פֿאַר דער ברייטער מאַסע, אַזאַ טהאַט קען ניט האָבען קיין פּראָפּאַגאַנדיסטישע ווירקונג, זי קען נאָר אָב־שטויסען, אָבער זי קען ניט צוציהען מענשען צו דער בעוועגונג.

עס איז וואַהר, אַז יעדע טהאַט לאָזט זיך בעגרייפֿען ביז צו אַ געוויסען גראַד אַלס אַ פּראָדוקט פֿון די סאָציאַלע אומשטענ־דע, אין וועלכע מיר לעבען, אָבער דאָס בעווייזט נאָך ניט, אַז יעדע טהאַט קען אָדער מוז פּראָפּאַגאַנדיסטיש ווירקען פֿאַר אַ געוויסע אידעע און פֿאַר דעם אַלגעמיינעם פּראָגרעס פֿון אַ בע־וועגונג.

מיר בעגרייפֿען די טהאַט פֿון אַן אונגליקליכען און פֿער־צווייפֿעלטען מענשען, ווי גרויזאַם און ברוטאַל זי זאָל ניט זיין, אָבער קיין פֿערנינפֿטיגער מענש וועט ניט בעהויפּטען, דאָס אַזעלכע האַנדלונגען זיינען אַ פּראָפּאַגאַנדאַ דורך די טהאַט פֿאַר אַ בעשטימטע אידעע.

די צייט, דער פּלאַץ, די אומשטענדע, אונטער וועלכע אַ טהאַט ווערט בעגאַנגען שפּילען אַ בעדייטענדע ראָלע און בע־שטימען מעהר אָדער ווייניגער איהר פּראָפּאַגאַנדיסטישע ווירקונג, און וואָס מעהר אַ מאַן, וועלכער איז בערייט צו אָפּפֿערן זיין

לעבען פֿאַר אַ געוויסע אידעע, רעכענט זיך מיט דיזע טהאַטזאַ־כען, אַלס גרעסער וועט זיין דער פראָפּאַגאַנדיסטישער ערפֿאָלג פֿון זיין אַקט.

נאָך אַ וויכטיגער פּונקט דאַרף דערמאָהנט ווערען ביי דיזער געלעגענהייט. מען קען די ווירקונג פֿון אַ טעראָריסטישען אַקט אונטערשאַצען אָדער אין גאַנצען איגנאָרירען, אָבער מען קען אַזעלכע טהאַטען אויך איבערשאַצען און זיי צולייגען צו פֿיעל בעדייטונג.ביידע אַנשויאונגען זיינען פֿאַלש און מוזען אַרויסרו־פֿען שלעכטע רעזולטאַטען. און גראַדע די פֿערטרעטער פֿון דעם „אונמאָטיווירטען טעראָר", וועלכע האָבען דאַן עקזיסטירט אין פֿראַנקרייך, גראַדע זיי האָבען דעם ווערטה און די בעדייטונג פֿון אַזעלכע טהאַטען אַזוי פֿיעל איבערשאַצט, אַז זיי זיינען צו־לעצט גאַנץ בלינד געוואָרען פֿאַר די ווירקליכע אומשטענדע פֿון לעבען, זיי האָבען אָבגעלייגט זייער גאַנצע טהעטיגקייט אויף די פראָפּאַגאַנדאַ דורך אינדיווידועלע טעראָריסטישע אַקטען, און זייער אַגיטאַציאָן האָט מאַנכעסמאָל געמאַכט אַן אָבשטויסענדען איינדרוק אויף פֿערנינפֿטיגע מענשען, וועלכע זיינען געוועזען גענוג קלוג ניט צו פֿערוועקסלען ווירקליכע מענער דער טהאַט מיט פוסטע מויל־העלדען.

ווי אויסגעצייכענטע דיזע טהאַטען זאָלען ניט ווירקען ביי בעשטימטע געלעגענהייטען, ווי פֿיעל מיר זאָלען ניט בעוואונ־דערן דעם העלדישען מוטה פֿון מענער ווי קאַזעריאָ, וואַיאַן, ברעשי אָדער אַנזשיאָלילאָ, איין זאַך דאַרפֿען מיר אָבער קיינ־מאָל ניט פֿערגעסען: דער גרויסער אַקט פֿון דער סאָציאַלער בעפֿרייאונג וועט קיינמאָל ניט אויסגעפֿיהרט ווערען דורך די איינצעלנע טהאַטען פֿון איינצעלנע מוטהיגע מענער, זאָנדערן נאָר דורך די דירעקטע אַקציאָן פֿון די מאַסען. אָט דערפֿאַר ליגט דער שווערפּונקט פֿון אונזער בעוועגונג אימער אין אונזער פראָפּאַ־גאַנדאַ צווישען די מאַסען, אין דעם שטענדיגען שטרעבען דיזע מאַסען צו רעוואָלוציאָנירען און זיי פֿאַרצובערייטען פֿאַר זייער עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע בעפֿרייאונג. קיין צווייפֿעל, אַז די אינדיווידועלע טהאַטען קענען אין דיזער בעציהונג פֿיעל

מיטהעלפֿען, אָבער אַ בעוועגונג לאָזט זיך ניט אויפֿבויען אויף זיי, זיי זיינען העלפֿענדע עלעמענטען אין אַ בעוועגונג, אָבער ניט דער פֿונדאַמענט פֿון אַ בעוועגונג. ווען וואָלט געווען צו אַ בעוועגונג, וועלכע וואָלט נאָר אָבהיינגיג געווען פֿון די איינצעלנע טהאַטען פֿון ווייניגע מענשען, זי וואָלט זיכער ניט געווען קיין אַנאַרכיסטישע.

אָבער פונקט אַזוי אַבסורד וואָלט עס געווען, ווען מיר זאָלען אָבלייקענען די בעדייטונג פֿון דיזע טהאַטען און זיך ערקלעהרען געגען אַזעלכע, דערפֿאַר וואָס די קאָנזעקווענצען זיינען מאַנכעסמאָל ניט קיין גוטע פֿאַר איינצעלנע פערזאָנען. ניין, און טויזענד מאָל ניין, מענער ווי ראַוואַשאָל, וואַיאַן, קאַזעריאָ א.ז.וו. בעלאַנגען צו אונז, זיי זיינען פֿלייש פֿון אונזער פֿלייש און בלוט פֿון אונזער בלוט, זיי זיינען אונזערע גענאָסען, און עס וואָלט געווען לעכערליך און פֿייג עס אָבצולייקענען. מענער, וועלכע גיבען אַוועק זייערע לעבענס פֿאַר זייער איבערצייגונג, מוזען שטענדיג אַרויסרופֿען אונזער רעספעקט, אפילו דאַן, ווען מיר זיינען ניט אימער איינשטימיג מיט זייערע האַנדלונגען.

***

אונזערע פֿראַנצויזישע גענאָסען האָבען פֿאָלקאָמען פֿערשטאַנען די גרויסע לעהרע פֿון יענער אויסערגעוועהנליכער פעריאָדע. נאָך דעם פראָצעס פֿון די דרייסיג האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ לענגערע שטילע פעריאָדע אין דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג. אָבער גראַדע דיזע פעריאָדע איז געווען פֿול מיט ערנסטער אינערליכער אַרבייט. די פֿראַגע וועגען דער אָרגאַניזאַציאָן איז אימער וואָס ווייטער אַלס ברענענדער געוואָרען. אַזוי לאַנג ווי די בעוועגונג איז געווען קליין, איז זי שטאַרק געווען דורך איהר ריין קריטישע פראָפּאַגאַנדאַ, אָבער ווען די בעוועגונג איז געוואָרען גרעסער און גרעסער, האָט זי געמוזט זוכען אַ פראַקטישען אויסדרוק אין דער אַלגעמיינער אַרבייטער בעוועגונג. מענער ווי פעלוטיע, פוזשע און אַנדערע האָבען דאָס גוט פֿערשטאַנען; און דערפֿאַר האָבען זיי זיך גענומען צו דער געווערקשאַפֿטס־בעוועגונג און האָבען

ווידער אויפגעלעבט צווישען די אַרבייטער די גרויסע טראַדיציאָ־נען פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן". אין ווייניגע יאָהרען האָט דיזע נייע בעוועגונג געמאַכט אַ געוואַלטי־גען פראָגרעס. טויזענדער און טויזענדער אַרבייטער זיינען געוואו־נען געוואָרען פאַר דאָס גרויסע ווערק פון דער סאָציאַלער בע־פרייאונג און די בעוועגונג האַלט אין איין וואַקסען.

אָבער קוקענדיג אויף דיזע שטאָלצע און מעכטיגע בעווע־גונג, וועלכע ענטוויקעלט זיך יעצט צווישען דער פראַנצויזישער אַרבייטער־קלאַסע דורך די איניציאַטיווע פון די אַנאַרכיסטען, וועלען מיר קיינמאָל ניט פערגעסען יענע שטורמיגע צייט פון ראַוואַשאָל ביז קאַזעריאָ, וועלכע האָט פאָרבערייטעט די יעצטיגע בעוועגונג און איהר געגעבען איהר רעוואָלוציאָנערען און אַנאַר־כיסטישען כאַראַקטער. אויך דיזעס מאָל זיינען עס ווידער געוועזן די פראַנצויזישע אַרבייטער, דאָס פראָלעטאַריאַט, וועלכעס האָט דורכגעמאַכט פיער רעוואָלוציאָנען און דורכגעמאַכט אַלע ליידען און שמערצען פון דער רעאַקציאָן, וועלכע צייגען דער אינטער־נאַציאָנאַלער אַרבייטער־קלאַסע אַ נייען וועג, אום צו פערווירק־ליכען די גרויסע פאָדערונג פון אונזער צייט: ברויט און פריי־היט פאַר אַלע מענשען־קינדער.

